# די וואלגע פאלט אריין אין קאספּישן ים

באר...
פילני...



ייד...
שלמה שיינ...

ידישע אוניווערסאל-ביבליאטעק

35

באָריס פּילניאַק

# די וואָלגע פאַלט אַרייַן אין קאַספּישן ים

ייִדיש: שלמה שײַנבערג

ייִדישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק

וואַרשע 1935

דער פּראָפעסאָר פימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ איז גע־פאָרן פון לענינגראַד צום אָרט, וואו עס איז געבויט געוואָרן אַ נייער טייך.

די בוי־אַרבעט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער עטלעכע גו־בערניעס. הינטער קאָלאָמנע, אַ ביסל נידעריקער פון אָרט, וואו עס האָבן זיך צונויפגעגאָסן די טייכן אָקע און מאָסקווע, איז געבויט געוואָרן אַ מאָנאָליט, וואָס האָט געדאַרפט פאַרהאַלטן און אָפּוואַרפן צוריק די וואַסערן פון די טייכן אָקע און מאָסקווע. גלייכ־צייטיק איז געגראָבן געוואָרן אַ קאַנאַל הינטער מאָסקווע, וואָס האָט געזאָלט פאַרייניקן די טייכן מאָסקווע און קליאַזמע. פון שטשאָלקאָוו ביי דער קליאַזמע ביז ניזשני איז צוגעגרייט געוואָרן אַ נייער טייך־גראָבן. דער ציל פון דער בוי־אַרבעט איז באַשטאַנען אין שאַפן אַ טייך, וואָס זאָל פליסן פון קאָלאָמנע קיין מאָסקווע מיטן זעלבן וועג, וואָס עס איז פריער געפלאָסן דער טייך מאָסקווע, נאָר אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דערנאָך זאָל דער טייך פליסן מיטן קאַנאַל הינטער מאָסקווע ביז קליאַזמע און פון מאָסקווע קיין ניזשני מיטן קליאַזמער טייך־גראָבן.

פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ, דער איניציאַטאָר פון דעמדאָזיקן בוי־פּלאַן, איז געפאָרן קיין קאָלאָמנע.

אין מאָסקווע האָט ער זיך פאַרהאַלטן אויף אַ טאָג — ער האָט געמוזט אָפּטרעטן אין דער מלוכהשער פּלאַן־קאָמיסיע, אין הויפּט־ראַט פון פאָלקס־ווירטשאַפט, אין דער מאָסקווער אָפּטיילונג פאַר לאַנדווירטשאַפט — אין יענע אינסטיטוציעס, וועלכע דער פּראָפעסאָר האָט געהאַלטן פאַר די ביוראָען פון דער בוי־אַרבעט. פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ איז געווען אַן אַלטער, אין די באַוועגונ־

גען פאַמעלעכער, בכבודער און געהאָרבעטער, — אַ מאַן פון שטרענ־
גע און אַלטע פּרינציפּן, אַ מענטש פון אומגעוויינטלעכער באַדיי־
טונג פאַר דער רעוואָלוציע. אַ געלערנטער מיט אַן אייראָפּעאישן
נאָמען, אַן אַרכיטעקט, אַ גרויסער פּראַקטיקער און גרויסער טעאָרע־
טיקער, האָט פּימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ אין טויזנט נײַנהונ־
דערט דריטן יאָר, אין די טעג פון צוזאַמענפאָר, ווען ס׳איז פאָר־
געקומען די שפּאַלטונג פון די רוסישע מאַרקסיסטן, אָנגענומען די
טעאָריע פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם אין איר באָלשעוויסטישער
אינטערפּרעטאַציע. אין טויזנט נײַנהונדערט זיבעצן איז אין רוסלאַנד
געקומען צו דער מאַכט די גערעכטיקייט, וואָס איר פילאָזאָפיע
האָט דער פּראָפעסאָר שוין געהאַט אָנגענומען אין זיין יוגנט ; איט
איז גאָרנישט אויסגעקומען צו ענדערן אין זיך. אין פּיראַונ־
צוואָנציקסטן, ווי אין פערצנטן יאָר, האָט דער פּראָפעסאָר גע־
שריבן מיט דער אַלטער אָרטאָגראַפיע און זיינע לעקציעס אָנגע־
הויבן מיט די ווערטער : — „חשובע בירגער, איך, אַלס
מאַרקסיסט...״ — זייער ווייניק מענטשן, אפשר אַ צוויי־דריי צענדליק
אין גאַנץ רוסלאַנד, האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אין פּיראַונ־
צוואָנציקסטן יאָר צו בלייבן די זעלבע, ווי זיי זענען געווען אין
פערצנטן : אין די קרייזן, וואו זיי זענען געווען אומבאַקאַנט, האָבן
זיי, פאַר דער רעוואָלוציע, דידאָזיקע רעכט זיך דערוואָרבן דורך
זייערע ווערק. דידאָזיקע ווערק האָבן זיי געשאַפן אַ נאָמען און דער־
הויבן איבער די שטרייטיקייטן פון די צאַרישע רוסישע יאָרן. אין
די קרייזן ווידער, וואו זיי זענען יאָ באַקאַנט געווען, זענען דידאָ־
זיקע רעכט באַפעסטיקט געוואָרן דורך זייערע מענטשלעכע מעלות,
וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווערטפול אין יעדער עפּאָכע.
די רעוואָלוציע האָט באַשטעטיקט זייערע רעכט. פּראָפעסאָר פּאָ־
ליעטיקאַ, אַן עלטערער מאַן שוין, זקניש און פּראָפעסאָריש אַ ביסל
אויסטערליש אין די מנהגים, איז קיינמאָל נישט געפאָרן מיט
קיין אויטאָמאָביל און תמיד אַרויסגעגאַנגען פון זיין היים אָנגע־
טון אין סורדוט ; דערדאָזיקער געלערנטער, וואָס האָט געהאַלטן
די געלאַסנקייט פאַר איינער פון די יסודותדיקע דערגרייכונגען פון

פּראָגרעס, האָט אָפּגעגעבן אין פינפאונצוואָנציקסטן יאָר אין לענין־אינסטיטוט אַ דיקן פּאַקעט מיט לענינס בריוו. די סטודענטן און אינזשינירן פון פערצנטן יאָר האָבן זיך באַצויגן צום פּראָפעסאָר מיטן זעלבן יראת־הכבוד, וואָס די סטודענטן און אינזשינירן פון פינפאונצוואָנציקסטן יאָר.

די אינדוסטריעלע בויאונג, דער הויפּט־דראַנג פון די רוסישע יאָרן, אָנגעהויבן פון ניינצן זעקסאונצוואָנציק, האָט דורכגעפירט אין לעבן אַ סך פּראָיעקטן פון דעם אַרכיטעקט פּאָליעטיקאַ. ער איז געשטאַנען בראש פון אַ סך בוי־אונטער־נעמונגען. אים איז אויסגעקומען אַ סך אַרומצופאָרן, אָבער פון לענינגראַד קיין פּאַוולאָווסק האָט ער זיך געגרייט פּונקט אַזוי ווי אויף אַ נסיעה קיין ניו־יאָרק. קיין מאָסקווע איז פּימען סער־געיעוויטש אָנגעקומען מיטן לענינגראַדער שנעל־צוג באַלד אינדער־פרי, איז צוגעפאָרן מיט אַ דראָזשקע אין גרויסן מאָסקווער האָטעל אַריין, וואָס האָט אין ניינאונצוואָנציקסטן יאָר זיך גערופן גראַנד־האָטעל, וואו ער פלעגט זיך תמיד אויפהאַלטן, פון זיינע סטודענ־טישע יאָרן אָן, און וואו מען האָט אים געקענט ביים נאָמען און פּאָטערס נאָמען. פּימען סערגעיעוויטש האָט געגעסן אויף פרישטיק אַ געפּרעגלטס, אויסגעטרונקען אַ גלאָז מילך און אַוועקגעפאָרן מיט דער זעלבער דראָזשקע, וואָס האָט אים געבערענגט פון וואָקזאַל און וואָס מיט איר פורמאַן האָט ער זיך אויסגעטענהט אויפן וועג וועגן די פרייזן אויף האָבער און מאַנופאַקטור. ער איז געפאָרן אין זיינע ענינים אין דער מלוכהשער פּלאַן־קאָמיסיע, אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר לאַנדווירטשאַפט, אין דער אָפּטיילונג פאַר וואַסער־קאָמוניקאַציע. דאָרט איז פּימען סערגעיעוויטש געוואויר געוואָרן, אַז ביים בויען דעם מאָנאָליט אַרבעט דער אינזשיניער עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ. דערהערנדיק דאָס, האָט פּימען סערגעיעוויטש זיך אָנגעכמורעט, זיינע ברעמען האָבן אָנגענומען אַ שטרענגן אויסדרוק: מיטן אינ־זשיניער לאַסלאָ איז מיט פערצן יאָר צוריק אַוועקגעגאַנגען פון פּימען סערגעיעוויטשן זיין ווייב.

פון דעם שמועס אין דער אָפּטיילונג פאַר וואַסער־קאָמוניקאַציע

האָט זיך אָנגעהויבן אַ קייט פון געשעענישן, וואָס וויקלען אויף דידאָזיקע דערציילונג.

פון דער אָפּטיילונג פאַר וואַסער-קאָמוניקאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער סאַדאָווע-טריומפאַלער גאַס, אין הויז פון אַמאָליקן גובערניאַלן אַמט פאַר לאַנדווירטשאַפט, איז די דראָזשקע געפאָרן מיטן פּראָפעסאָר דורך די וואָראָטניקאָווער און פּימענאָווער געסלעך, און פּימען סערגעיעוויטש האָט לויטן געזעץ פון איבערחזרונג צום צווייטן מאָל זיך דערמאַנט אָן זיין ווייב.

מיט פינפאונצוואָנציק יאָר צוריק האָט פּימען סערגעיע-וויטש, אַלס יונגער אינזשיניער, וואָס האָט נאָר-וואָס געענדיקט דעם אינסטיטוט, חתונה געהאַט אין דער צערקווע פון אַלטן פּימען. דעמאָלט איז ער געווען יונג און נאָך געהאַט דאָס גאַנצע לעבן פאַר זיך. אין יענעם טאָג איז ער, אַ יונגער אינזשיניער, וואָס האָט נישט געגלייבט אין גאָט, דאָך פייערלעך געשטאַנען פאַרן אָלטאַר און פאַר דער ליבע צו זיין כלה, וואָס איז געווען פאַר אים אַזוי הייליק ווי יעדע ליבע. אין עלף יאָר אַרום נאָך דעם טאָג איז דאָס ווייב אַוועקגעגאַנגען פון פּימען סערגעיעוויטשן און מיטגענו-מען מיט זיך די קינדער, איבערלאָזנדיק אים נאָכצוטראַכטן וועגן מענטשלעכן כבוד. פון דעמאָלט אָן, פון טאָג פון דער חתונה, איז דער פּראָפעסאָר מער נישט געווען, נישט אין דער צערקווע, נישט אין דעם געסל.

דער פּראָפעסאָר האָט באַפוילן זיך אָפּצושטעלן ביי דער צערקווע פון אַלטן פּימען. אויפן טויער פון צערקווע-הויז איז גע-האָנגען אַ שילד:

„ליציטאַציע-זאַל פון די מאָסקווער לאָמבאַרדן".

פּימען סערגעיעוויטש איז אַריינגעגאַנגען אין צערקווע-הויז. פאַר דער טיר פון דער צערקווע זענען פאַרזאַמלט געווען מענטשן, אויף די ביימער האָבן געקראַקעט קראָען. די קאַפּאָטעס, פאַרצויגן מיט פאַסקעס, און די טיכלעך אויף די קעפּ פון די פרויען, האָבן אָנגע-מערקט, אַז דידאָזיקע מענטשן זענען זיך צונויפגעקומען פון די סמאָלענסקער, סוכאַרעווסקער און טאַגאַנסקער מערק. אין דער זייט

פון די קאַפּאָטעס זענען געשטאַנען צוויי זייער ענלעכע צו זיך, — אויסטערליש געקליידטע, לויטן פאַסאָן פון אָסטראָווסקיס העלדן, — אין לאַקירטע שטיוול, היטלען מיט לאַקירטע דאַשקעס און שוואַר־צע סורדוטן מיט לאַנגע פּאָלעס, און ס׳איז נישט געווען צו וויסן, צי דאָס זענען באַלמעלאָכעס אָדער אינטעליגענטן. פּימען סערגעיע־וויטש, וואָס האָט אַליין תּמיד געטראָגן אַ סורדוט, האָט אַ קוק־געטון מיט פאַרוואונדערונג אויף זייערע סורדוטן. דער עלטערער האָט זיך געווענדט צום פּראָפעסאָר מיטן טאָן פון אַ פאַרמיטלער:
— מען וועט אָנהייבן פיר אַ זייגער. אויב אייך פאַראינטע־רעסירט מאַהאָן איז נישטאָ קיין שום באַזונדערס. עס געפינט זיך איין קרעדענסל אין בול־סטיל. גייט אַריין און גיט אַליין אַ קוק. אויב עס וועט אייך געפעלן, וועט מען קאָנען צונויפשטעלן אַ גאַרניטור.

פּימען סערגעיעוויטש האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ער האָט מיט אַ ברוגזדיקער באַרירונג פון הוט געדאַנקט און אַריינגעגאַנגען אין צערקווע. אַרום די ווענט זענען געווען אָנגעשטעלט קרע־דענסן, גאַרדעראָבעס, קאַנאַפּעס און אַ סך ניי־מאַשינען. די ווענט זענען באַקלעבט געווען מיט מודעות און אַפישן. אויף אַ הייך פון דריי מענטשן, איז אויף צוויי גאַרדעראָבעס געשטאַנען אַ גרויסער טיש און אויף דעם טיש אַ קליין טישל מיט אַ העמערל און אַ שטול פאַרן ליציטאַטאָר. מענטשן איז געווען נישט קיין סך אין דעם לאָמבאַרד. זיי האָבן מיט ערנסטע מינעס באַטראַכט די זאַכן און אויפן קול זיך דורכגעשמועסט וועגן די פרייזן, פון וועלכע עס האָט זיך געזאָלט אָנהייבן די ליציטאַציע. דידאָזיקע פרייזן זענען געווען אויפגעהאָנגען אויף די גאַרדעראָבעס, בעטן און פאָטעלן, צוזאַמען מיט די נומערלעך פון די זעלבע פאָטעלן, קאַנאַפּעס און ניי־האַשינען. אַ בין־השמשות־ליכט איז געפאַלן דורך די קראַטן פון די פאַרשטויבטע צערקווע־פענסטער. דער פּראָפעסאָר האָט נאָכגעטון די אַנדערע און אָן באַדערפעניש אַרומגעגאַנגען פון איין זאַך צו דער צווייטער. דאָ איז פאַרקויפט געוואָרן דורך ליציטאַ־ציע די נישט אויסגעקויפטע אָרימקייט, וואָס האָט אין משך פון אַ

צייט זיך אָנגעזאַמלט אין לאָמבאַרד. די קויפערס, וואָס זענען גע-קומען אויף דער ליציטאַציע, זענען געווען הענדלער, — ווייזט אויס, אַז די זאַכן פון די פריערדיקע באַלעבאַטים זענען געווען נישט אַזוי ווערטלאָז, ווי מען האָט זיי דאָ אָפּגעשאַצט. אין לאָמ-באַרד האָט זיך געפילט אַ פייכטקייט און גרויקייט, יעדנפאַלס נישט קיין הייליקייט.

אַ בחור אין אַ קאַפּעלויש, מיט פּרישטשעס אויפן פּנים, צע-קנעפּלט דעם פאַלטן און אַריינגעשטעקט די פינגער אין די קעשע-נעס פון װעסטל האָט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די גאַרדעראָבעס, מיט אַ מונטערן רעטשיטאַטיוו, אַ קלאַפּ געבנדיק מיטן העמערל, אַ געשריי-געטון פון טיש אַראָפּ אויף די גאַרדעראָבעס:

— די ליציטאַציע הייבט זיך אָן! דער ערשטער נומער איז באַקוקט געוואָרן? צוואָנציק. ווער גיט מער? — צום ערשטן מאָל!

די קויפערס האָבן זיך אויסגעגענעצט אויף די בענק און זייערע פּנימער האָבן אָנגענומען אַ מינע פון שטרענגער גלייכגילטיקייט.

— צום צווייטן מאָל!

— איינאונצוואָנציק! — האָט גלייכגילטיק אַ געשריי-געטון אַ קאַפּאָטע פון אַ הינטערשטער באַנק.

— איינאונצוואָנציק פון לינקס. ווער גיט מער? — צום ערשטן מאָל! — האָט האָפערדיק אויסגעשריגן דער פּראַנט מיט די פּרישטשעס. — צום צווייטן מאָל.

דער פּראָפעסאָר איז אַרויסגעגאַנגען פון צערקווע. די קראָען אויף די ביימער זענען איבערגעפלויגן פון איין צווייג אויף דער צווייטער, דער בין-השמשות איז צוגעפאַלן אַ שטילער און לויטע-רער. אַ חברה אַקטיאָרן איז געגאַנגען איבער די הילצערנע ברעטער פון הויף, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ טראָטואַר, — אפנים אויף מיטאָג אין אַרטיסטישן רעסטאָראַן אַריין, וואָס האָט זיך געפו-נען הינטער דעם אַלטן פּימען. די אַקטיאָרן זענען געגאַנגען איינער הינטערן אַנדערן און געלאַכט.

דער פורמאַן פון דער דראָזשקע, וואָס האָט נישט באַקומען

זיין געהעריקן לוין, האָט אויבן הויכן קול געמאַכט פאַרוואורפן די אַקטיאָרן.

— צי האָב איך אייך נישט דערציילט דעם שמועס, וואָס איך האָב געהאַט אין טראַמוויי ? — האָט געזאָגט דער אַקטיאָר, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס. — אין די טראַמווייען הענגען אַנטיאַלקאָ־האָלישע פּלאַקאַטן. אויף איינעם פון זיי איז אויפגעשריבן : — „דאָס ערשטע גלעזל נעמסט דו, דאָס צווייטע אָבער נעמט שוין דיך". — איך בין געפאָרן אין טראַמוויי, לעבן מיר איז געזעסן אַן אַרבעטער ; ער האָט איבערגעלייענט דעם פּלאַקאַט איין מאָל, אַ צווייט מאָל, אַ זיפץ געטון, זיך פאַרטראַכט און געזאָגט פון טיפן האַרץ אַרויס : — „ווי גוט וואָלט דאָס געווען, — האָט געזאָגט דער אַר־בעטער, — ווען דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין : איך וואָלט מיר שוין אַצינד געשטעלט דאָס דריטע הויז אין דאָרף, — וואָרים אַזוי טרינקסטו און טרינקסט דידאָזיקע עקלהאַפטיקייט, קאָנסט אַ גאַנץ קאַלב פאַרטרונקען, איידער זי וועט דיך, נבלה, אַ נעם טון !"

די אַקטיאָרן האָבן זיך ווידער צעלאַכט. דער פּראָפעסאָר איז צוגעגאַנגען צו זיין דראָזשקע.

מיט פינפאונצוואָנציק יאָר צוריק איז דער יונגער אינזשיניער צוגעפאָרן אין אַ קאַרעטע צו דעמדאָזיקן זעלבן טויער און צוגע־וואַרט אויף זיין כלה, האָבנדיק זיך באַשלאָסן, נישט אָן אַ געוויסן צו להכעיס־געפיל, דורכצופירן זיין חתונה־צערעמאָניע אין דער צערקווע פון זיין פּאַטראָן. דעמאָלט האָט געבליט דער מאַי, אין דער שעה פון דער התונה־צערעמאָניע איז צוגעפאַלן דער בין־השמשות, און אויף די זעלבע ביימער האָבן אויך אַזוי געקראַקעט קראָען — גייסטער פון חורבן. דער יונגער אינזשיניער האָט דעמאָלט געוואוסט וואָס עס הייסט אַזוינס אי ערע, אי פליכט, אי גליק, אי יי פריידיקע לאַסט פון ליבע, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך אויפן גאַנצן לעבן, און דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטיקעס ליבע איז טאַקע גע־ווען איינע אויפן גאַנצן לעבן. ווי די מענטשלעכע אַרבעט, אַזוי קעמפן אויך שטענדיק דער ווילן און די מענטשלעכע ערע מיט דער רויער נאַטור, — זיי קעמפן מיט דער הילף טאַקע פון דער זעלבער נאַ־

טור, אָרגאַניזירנדיק אַזוי אַרום די אַרבעט, די ערע, די פליכט. קיין זאַך איז נישט פריי פון אָפּהענגיקייט. פּימען סערגעיעוויטש האָט געקענט איין אמת, וואָס איז געווען פאַר אים וואָרהאַפטיק און האָט זיך תמיד באַשטעטיקט אין זיין לעבן, — אַז איין מענטש באַצאָלט דעם צווייטן שטענדיק מיט דער זעלבער מטבע. עס איז גענוג צו האַנדלען איידל מיט אַ מענטש, וואָס איז נישט איידל, און דערדאָזיקער נישט איידעלער מענטש וועט זיך אָנהייבן באַמיען צו זיין ערלעך נישט בלויז אין זיינע מעשים, נאָר אויך אין זיינע מחשבות, און פאַרקערט, — באַציט זיך צום איידלסטן מענטש ווי צו אַן אויסוואורף — וועט ער אייך ענטפערן ווי אַן אויסוואורף. פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ איז געווען אַ נאַטור-פּאָרשער, — דעם מענטשלעכן פּרינציפּ — צו זיין איידל — האָט ער געהאַלטן פאַר נויטווענדיק נישט בלויז צוליב עפּעס אַ העכערן מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, נאָר פּשוט אַלס באַקוועם פאַרן מענטש, ווייל צו זיין איידל איז פאַרן מענטש — אי אָנגענעמער, אי באַקוועמער, אי שכלדיקער, — און דעם מענטשלעכן שכל האָט פּימען סערגעיעוויטש געהאַלטן פאַר העכער פון אַלץ. אַלע אָפּנויגן פון איידלקייט האָט דער פּראָפעסאָר געהאַלטן פאַר פּאַטאָלאָגיע. אַזאַ אָפּנויג איז געווען זיין צעגיין זיך מיטן ווייב, — אָדער אפשר האָבן דאָ דעצידירט אַנדערע סיבות? — ביאָלאָגישע: דאָס אומבאַגרייפלעכע, אונטערבאַוואוסטזיניקע, וואָס איז נאָך געבליבן אין מענטש פון דער חיה — אינסטינקטן, בלוט, ירושהדיקייט? — פּימען סערגעיעוויטש האָט אָבער געהאַלטן דאָס אַלץ פאַר דער פינסטערער זייט אין מענטש, פאַר דעם, וואָס איז פאַרן מענטש אומווירדיק. זיין ווייב איז געקומען צו אים אַלס ריינע פרוי, אַלס שטיל מיידל, וואָס זעט די וועלט דורכן שלייער פון שילערס און טורגעניעווס ראָמאַנטיק. אירע שוואַרצע אויגן האָבן געלויכטן, ווי דער בלויער רוסישער הימל. — און אויף דער שוועל פון צווייטן יאָרצענדליק פון זייער פאַמיליענלעבן, וואָס איז געווען אי רייך אין גליק, אי פול מיט טעטיקייט, ווי עס האָט זיך פּימען סערגעיעוויטשן געדאַכט, ווייל אַלץ האָט זיך גוט איינגעשטעלט אין דער פאַמיליע: עס האָט זיך געמערט די אַרבעט פון

מאַן, עס איז געשטיגן זיין רום, עס זענען געוואַקסן שיינע קינדער, — איז דאָס ווייב אַוועקגעגאַנגען פון אים, זיך צונויפגעגאַנגען מיט אַ סטודענט, מיטן קאָרעפּעטיטאָר פון זון, און אַוועקגייענדיק, מיטגע־נומען מיט זיך די קינדער. דאָס איז געשען אין פערצענטן יאָר. דער פּראָפעסאָר האָט פאַרמאַכט די ליידיק געוואָרענע צימערן פון זיין ווייב און די קינדער, — און די רעוואָלוציע איז דורכגעגאַנגען איבער דידאָזיקע פאַרלאָזטע צימערן, נישט אַריינגייענדיק אינדעם אַרבעטס־קאַבינעט פון פּראָפעסאָר, וואו פימען סערגעיעוויטש איז געבליבן איינזאַם מיט זיינע פאָרטראַגן, פּראָיעקטן, צייכנונגען און פאָרמולעס — איינער אַליין מיט זיין אַרבעט. פון זיבעצטן יאָר אָן איז פימען סערגעיעוויטשן נישט אויסגעקומען גאָרנישט צו ענדערן, און דער גורל האָט איבערגעלאָזט פאַר אים צו אַנטשיידן די פראַגן פון זיינע אינדיווידועלע מעשים, פערזענלעכע ווירדע, לעבן און טויט, — די פראַגן, וועלכע יעדער איינער מוז אַנטשיידן, ווען די אָנגעזאַמלטע יאָרן הייבן אָן צו דריקן אויף זיינע פּלייצעס, און וועלכע יעדערער מענטש מוז אַנטשיידן אויף זיין אייגענעם אופן. דער סטודענט לאַסלאָ איז געגאַנגען אין זעלבן וועג וואָס פימען סערגעיעוויטש: ער איז געוואָרן אַן אינזשיניער. זעלטן האָט זיי צונויפגעפירט די געמיינזאַמע אַרבעט, אָבער זיי האָבן קיינמאָל נישט געשלאָסן קיין נענטערע באַקאַנטשאַפט. פימען סערגעיעוויטשס עלטערער זון איז אין ניינצענטן יאָר אומגעקומען פון טיפוס אויפן פראָנט פון בירגער־קריג. קיין ידיעות פון ווייב האָט ער נישט דערהאַלטן.

אין דער אָפּטיילונג פאַר וואַסער־קאָמוניקאַציע איז פימען סערגעיעוויטש געוואויר געוואָרן, אַז לאַסלאָ אַרבעט ביים בויען דעם מאָנאָליט. זיינע מחשבות האָבן זיך אומגעקערט צו דער פאַר־גאַנגענהייט, זיך איינגעגראָבן אין יאָרצענדליקער.

די דראָזשקע איז אַרויסגעפאָרן אויף דער טווערסקער גאַס. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו מערב. עס איז געווען די צייט, ווען די באַאַמטע, וואָס אַרבעטן אין מאָסקווע ווי אין קריגס־צו־שטאַנד, האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט. די הויף־וועכטערס

האָבן באַגאָסן די גאַסן מיט וואַסער. ווען די פאָלקס־קאָמיסאַריאַטן, סינדיקאַטן, טרעסטן און אַנדערע פּילצאָליקע אינסטיטוציעס וואָלטן נעווען איינגעפּירט אין יענער צייט אין מאָסקווע אוניפאָרמען פאַר ויערע באַאַמטע, — וואָלט די טווערסקאַ גאַס אין יענער שעה פול געווען מיט אוניפאָרמען, ווי מיט פּלאַקאַטן, אומאָפּהענגיק פון גע־שלעכט און עלטער. די באַאַמטע זענען איינגעשטיגן אין די טראַמ־ווייען און אויטאָבוסן, אויפגעזעסן אויף אויטאָמאָבילן, אין שוואַר־צע קאָמפּאַניעס זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער די טראָטואַרן, — אין שלענגלדיקע רייען זיך אויסגעשטעלט ביי די מאַגאַזינען, נאָך ברויט, נאָך וואורשט, נאָך בראָנפן, נאָך געפילטע ראָגאַלעס מיט קרויט און נאָך בילעטן אין קינאָ אַריין. פימען סערגעיעוויטש האָט נישט ליב געהאַט קיין באַאַמטע, און פּלאַקאַטן האָבן אים אומרויִק גע־מאַכט און געשראָקן. דער סטראַסטנער פּלאַץ האָט געשווינדלט מיט פּלאַקאַטן פון קינאָמאַטאָגראַף, „הויז פון בוך", „רי", „אָוונט־מאָסקווע", „איזוויעסטיע". פושקינס דענקמאָל איז פאַרזונקען גע־ווען אין שווייגן. די טווערסקע גאַס, אָנהייבנדיק פון סטראַסטנער ביזן סאָוויעטישן פּלאַץ, איז ענלעך געווען צו פּעקין, דער כינעזי־שער שטאָט, וואו מען זעט נישט דעם הימל צוליב די ריזיקע שילדן, — אַפּישן פון פאַרלאַגן, צייטשריפטן, טעאַטערס, קינאָס, לאָ־טעריעס זענען געהאָנגען קווער דער גאַס, פאַרשטעלנדיק דעם הימל. בלויז איבערן פּלאַץ פון גובערניאַלן אויספּיר־קאָמיטעט האָט זיך געטונקלט דער הימל און שטיל זיך געלאָשן דער מידער גאָלדיקער יולי־טאָג.

באַצאָלנדיק פאַר דער דראָזשקע, האָט דער פּראָפעסאָר גע־פרעגט דעם פורמאַן:

— נו וואָס־זשע, ברידערקע, וואָס־זשע ווערסטו פאָרט זאָגן וועגן לעבן ? — קיין גראָשן נישט ווערט ? — פימען סערגעיעוויטש האָט איבערגעחזרט דעם אויסדרוק, וואָס ער האָט געהערט פון פורמאַן.

— קיין גראָשן נישט ווערט, — האָט דער פורמאַן גע־

ענטפערט. — פאַרשטייט זיך, אויב מען קוקט אָן ברילן, — וואָרים דורך ברילן זעט דער מענטש גאָרנישט.

— ניין, ברידערקע, דו ביסט נישט גערעכט, — האָט דער פּראָפעסאָר אַ ברום געטון, — דאָס לעבן קאָן קיינמאָל נישט זיין שלעכט, דאַרף נישט זיין שלעכט.

אין רעסטאָראַן פון גרויסן מאָסקווער האָטעל האָט געשפּילט דער אָרקעסטער. אַרום ווייס־געדעקטע טישלעך זענען געזעסן אויסלענדער, זשורנאַליסטן און אינדוסטריעלער, וואָס זענען זיך צונויפגעפאָרן קיין מאָסקווע, צו באַקענען זיך מיט דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין ראַטנפאַרבאַנד. פּאָליעטיקאַ האָט באַשטעלט פאַר זיך ביים גלייכגילטיקן קעלנער, וואָס האָט אָנגערופן דעם פּראָפעסאָר ביים נאָמען און פאָטערס נאָמען, סוכאַרעס, אַ מילך־זופּ און אַרבעס.

דאָס איבערחזרן זיך פון געשעענישן קומט שטענדיק פאָר אויף אַן אומגעווייינטלעכן אופן. פּימען סערגעיעוויטש האָט געטראַכט וועגן דער צערקווע פון אַלטן פּימען. וואַרטנדיק אויפן עסן, האָט ער געהייסן זיך אַריינרופן אַ שליח און אים אַוועקגעשיקט מיט זיינס אַ בריוועלע אויף דער ניקאָלסקער גאַס צום אַנטיקוואַר מיכאַילאָוו נאָך די טשעטי־מיניעיס*), אין וועלכע עס זענען באַשריבן די לעבנס־פּאַסירונגען פון הייליקן פּימען.

דער אָרקעסטער האָט הילכיק געשפּילט פאָקסטראָטן, וואָס זענען אין יענער צייט פאַרבאָטן געווען אין רוסלאַנד. די אויסלענדער האָבן יעדן טאָג געמאַכט פון דער מיטאָג־צייט אַ פאַרוויילונג, פאַרוואַנדלענדיק דעם אַלטן רוסישן רעסטאָראַן, וואָס איז באַרימט געווען מיט זיינע פיש און פאַשטעטן, אין אַן אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנישן „פּאַלאַס”. די מענער־אויסלענדער זענען געווען אָנגעטון אין גרויע טוריסטישע אַנצוגן, די פרויען — אין באַל־קליידער. די קעלנער מיט די ווייסע גאָרסן האָבן געמאַכט אַ פייערלעכן איינדרוק מיט זייער אייליקער פלעגמאַטישקייט. פּימען סערגעעוויטש האָט

*) לעגענדע־בוך וועגן לעבן פון די הייליקע מאַרטירער.

זיך צוגעקוקט צו דידאָזיקע זאַטע מענטשן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט די גנבישע שווינדלערייען און עוולות, וואָס ווערן צו־געגרייט ביי דידאָזיקע ווייס-געדעקטע טישלעך, באַצירטע מיט לע־בעדיקע בלומען. פאַרוואָס ער האָט געטראַכט וועגן די שווינדלע־רייען, האָט פימען סערגעיעוויטש נישט געוואוסט.

דאָס טישל מיט די אויסלענדער פון ענגליש-אַמעריקאַנישן טיפּ האָט גערעדט אויף פראַנצויזיש און געלאַכט פון די אַנעק־דאָטן פון דעם מענטש, וואָס איז געזעסן אויסגעדרייט מיטן רוקן צו פימען סערגעיעוויטשן. פימען סערגעיעוויטש האָט דערהערט: — „דאָנבאַס mal malheure", — און איבערזעצט אויף רוסיש — „אַ צרה, אַן אומגליק". — דער וויצלער האָט זיך אומגעקוקט, — פימען סערגעיעוויטש האָט דערקענט דעם אינזשיניער פּאָלטאָראַק. ער האָט זיך דערמאָנט זיין נאָמען — יעווגעני יעווגעניעוויטש. פּאָלטאָראַק האָט זיך אומגעקוקט נאָכאַמאָל — ביי זיין טישל איז שטיל געוואָרן. דעמאָלט האָט פּאָלטאָראַק זיך אויפגעהויבן און צו־געגאַנגען צו פימען סערגעיעוויטשן. די אויסלענדער האָבן אים באַגלייט מיט די אויגן, באַטראַכט דעם רוסישן געלערנטן, און צו־נויפטרעפנדיק זיך מיט פימען סערגעיעוויטשן מיט די בליקן, האָבן זיי זיך פאַרנייגט פאַר אים. דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק האָט, באַגריסנדיק זיך, אויסגעשטרעקט פימען סערגעיעוויטשן ביידע הענט.

— איר זענט אַליין, פּראָפעסאָר, — מיינע פריינט, די אויס־לענדישע אינזשיניערן, קענענדיק אייך פון אייער רום, וואָלטן גע־האַלטן פאַר אַ כבוד, ווען איר וואָלט זיך איבערגעזעצט צו אונז, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך פויל פאַרנייגט פאַר די אויסלענ־דער און געענטפערט דעם אינזשיניער:

— דאַנקט זיי אין מיין נאָמען. איך בין מיד, חוץ דעם דער־נער איך מיך בלויז מיט מילך און סוכאַרעס.

— יאָ, יאָ, איך האָב עפּעס געהערט, אַז איר זענט נישט גע־זונט, — וואָס פאַר אַן אומגליק דאָס איז פאַר רוסלאַנד, — האָט

דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק געזאָגט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן פּראָפעסאָר. — איר פאָרט היינט אויפן בוי-פּלאַץ? איך פאָר אויך דאָרט אַהין אין די ענינים פון ג. ע. ט.

מיט דער קליידונג איז פּאָלטאָראַק ענלעך געווען צו אַן אויס-לענדער, נאָר זיינע באַקנביינער זענען געווען סלאַווישע. זיין בלויע מאַרינאַרקע איז געניים געווען נישט בלויז, זי זאָל געפעלן אַנדע-רע, נאָר אויך פאַר דער וואוילטעגערישער הנאה פון איר אייגנ-טימער. פּאָלטאָראַקס פּאָמאַדירטער שׂרינט האָט געגלאַנצט. אויף זיין ווייז-פינגער האָט געפינקלט אַ ברילי‍אַנט אין אַלטפרענקישער איינפאַסונג. טאַקע אויף דעם ברילי‍אַנט האָט פאַרהאַלטן זיין בליק דער פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ און דערנאָך ערשט אַ קוק-געטון אויף דעם זייער העפלעכן פּנים פון אינזשיניער. פּאָלטאָראַקס קלוגע און שאַרפע אויגן האָבן געקוקט אינטענסיוו. — „און דאָך וואָלט אַן אָרנטלעכער מענטש נישט געדאַרפט האָבן אַזעלכע אויגן, — האָט דער פּראָפעסאָר אַ קלער-געטון. — ער טוט גוט, וואָס ער פאַר-שטעלט זיי מיט ברילי‍אַנטן".

דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק איז געווען זייער עלעגאַנט, און דעם פּראָפעסאָר איז געקומען אויפן רעיון, אַז מער פון אַלץ וואַרפן זיך אים אין די אויגן דעם אינזשיניערס ציין, וואָס זענען אויף אַ נישט שיינעם אופן דורכגעוואָרפן מיט גאָלד. דעמדאָזיקן מענטש האָט מען תמיד באַגעגנט אין אַלע בוי-קאָמיסיעס, ווייל ער האָט איינצייטיק געאַרבעט אפשר אין אַ צענדליק ווירטשאַפטלעכע מלוכה-אינסטיטוציעס.

דער אינזשיניער האָט אָנגעהויבן צו רעדן.

פּימען סערגעיעוויטש איז געזעסן קעגן אים — אַ בכבודער זקן, אַ גרויער און האָריקער, אַן אָנגעברוגזטער, מיט כמורנע ברילן, אין אַן אַלטפרענקישן סורדוט, מיט אַ ווייסן שניפּס פון אונטער די באָרד אַפּער.

— איר ווייסט, מסתמא, וועגן דעם, מיר האָבן נאָר וואָס טאַקע געשפּאַסט אויף דער טעמע, — עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין דאָנבאַס וועט אויספעלן וואַסער, עס פעלט שוין אויס. דאָס איז איינער

פון אונזערע מעכטיקסטע אינדוסטריע־צענטערן, — איר ווייסט דאָס אייגנטלעך בעסער פון מיר, — אין סטאַלינגראַד ווערט געבויט אַ טראַקטאָר־זאַוואָד, וועלכער וועט פּראָדוצירן יעדן טאָג, אויב מען זאָל רעכענען אין יאָר דרייהונדערט אַרבעטס־טעג, צו הונדערט דרייאונדרייסיק טראַקטאָרס, — אָבער איר ווייסט דאָך בעסער פון מיר די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון דאָנבאַס און אָט ווייזט זיך אַצינד אַרויס, קעגן אַלע פּראָיעקטן און פּלענער, אַז דאָנבאַס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ מדבר, דאָנבאַס בלייבט אָן וואַסער, דאָרט פעלט אויס וואַסער נישט בלויז פאַר דער אינדוסטריע, נאָר אויך פאַר די מענטשן און זייערע נייטיקסטע באַדערפענישן. און איך מאָל מיר אויס אַ בילד, ווי גרויזאַם עס טראָגט זיך אָן אויף דאָנבאַס די טרוקעניש, ווי עס שטעלן זיך אָפּ די זאַוואָדן און ווערן פאַרשיט מיט זאַמד, אַלץ ווערט פאַרברענט פון דער זון, די זאַוואָדן שטיקן זיך און שרייען, כאָרכלענדיק מיט זייערע ריזיקע אויוונס : — טרינקען, טרינקען !

— נו, עלעהיי, עס איז נאָך נישט אַזוי, — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט און שטרענג אַ קוק־געטון דורכן שפּאַלט צווישן זיינע ברילן און צעשויבערטע ברעמען.

— איר, דאַכט זיך, אַרבעט־אויס אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו באַוואַסערן דאָנבאַס ? דערציילט עפּעס וועגן דעם.

— מיטלען זענען דאָ זייער אַ סך, — האָט דער פּראָפעסאָר שטרענג געענטפערט און אַ ווילע געקייעט מיט די ליפּן. — איך וועל זיי מיט דער צייט פאַרעפנטלעכן.

— און איך אַרבעט נאָך אַלץ ווי פריער אין הונדערט קאָמיסיעס, — האָט דער אינזשיניער איראָניש געזאָגט און באַלד אַ פרעג געטון : — און איר פאָרט אויף לאַנג קיין קאָלאָמנע ? — דאָס איז אַ קאָלאָסאַלער פּראָיעקט ! — און ער האָט זיך אַליין איבערגעשלאָגן : — צי האָט איר זיך נישט פאַרטראַכט, פּימען סערגעיעוויטש, וועגן דעם, אַז אַלץ, וואָס ווערט געבויט, ווערט תמיד געבויט אויף בלוט, ווי דאָס גאַנצע לעבעדיקע לעבן, אייגנטלעך מיר, מענטשן, זענען געבוירן געוואָרן אין בלוט און שטאַרבן דער־

פּאַר, ווייל דאָס בלוט הערט אויף צו צירקולירן. מענטשלעכע לײַ־בע הייבט זיך אָן און ווערט כּאַרענדיקט מיט בלוט. איך ווייס נישט פון קיין איין בוי־אַרבעט, וואָס זאָל זיך קאָנען באַגיין אָן בלוט; בויט מען אַ הויז — איז אַן אַרבעטער אַראָפּגעפאַלן פון די רושטאָוואַניעס, האָט מען אויפגעבויט אַ פאַבריק — האָבן די מאַשינען צעקוועטשט דעם מייסטער, אַרבעט מען ביי אַ באַן־ליניע — איז אַ באַן אַראָפּ־געפאַלן פון וואַל, גראָבט מען אַ קאַנאַל — האָט די טאַמע זיך איבערגעריסן און דערטרינקען די אַרבעטער. דאָס איז מיסטיש, אָבער דאָך אַ פאַקט, — אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט. און ווען עס וועט פאַרשווינדן דאָס בלוט, וועט דאָנבאַס פאַרשיט ווערן דורך טרוקענע זאַמדן. צי זענען ביי אײַערע בוי־אַרבעטן נאָך נישט גע־ווען קיין פאַלן פון בלוט? — האָט פּאָלטאָראַק שטיל געפרעגט און פאַרשוויגן געבליבן.

— איך לעב איבער היינט אַ טאָג, אין וועלכן אַלטע געשע־ענישן חזרן זיך ווידער איבער פאַר מיר, — האָט מיט פאַרוואונ־דערונג געזאָגט פּאָליעטיקאַ.

— וואָס מיינט איר מיט דעם?

— דאָס איז סתם אַזוי, שתותים.

— און קיין בלוט איז ביי אײַערע בוי־אַרבעטן נאָך נישט געווען?

— ניין, נישט געווען, — האָט פּאָליעטיקאַ געענטפערט.

— וועט זיין, וועט זיין! — האָט פּאָלטאָראַק אויסגעשריגן, און זיינע ציין, וואָס דאָס גאָלד האָט זיי מיאוס געמאַכט, האָבן מיט דעמדאָזיקן גאָלד טאַקע שאָדנפריידיק אַ בלישטש־געטון. אויף אַ ווײַלע איז ער געוואָרן זייער ערנסט, פאַרזשמורעט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געצילט אין עפּעס אויסצושיסן, און גע־זאָגט מיט אַ זאַכלעכן טאָן: — איר וועט מיר דערלויבן זיך צו געזעגענען. צום ווידערזען מאָרגן אין קאָלאָמנע.

דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק, וואָס האָט תמיד אויסגעזען ווי אַ שטאַרקער מענטש, וואָס איז באַזונדערס אָפּגעהיטן אויף ריינ־קייט, — האָט דאָך אַרויסגערופן ביים פּראָפעסאָר, ווען ער פלעגט

זיך באַגעגענען מיט איס, אַ געפיל פון שמוציקער קלעפּיקייט.

פּאָלטאָראַק האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען צו זיין טישל. די אויסלענדער האָבן זיך פאַרנייגט פאַר פּאָליעטיקן. דער קעלנער האָט צוגעבערענגט די געפּרעגלטע זעמל מיט דער מילך-זופּ. דער פּראָפעסאָר האָט זיך שטרענג אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, פאַרנומען די באָרד מיטן סערוועט, פאַרבינדנדיק אים פון הינטן, ווי מען טוט דאָס מיט קינדער, — און אָנגעהויבן צו עסן געלאַסן און ברוגזדיק, — און עס איז געווען קענטיק, אַז פּימען סערגעיעוויטשס אָנגעברוגזדיקייט איז זייער אַ גוטמוטיקע.

די געדאַנקען וועגן דעם, אַז אייראָפּעיִש רוסלאַנד איז באַדראָט זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ מדבר, האָבן געהערט פּימען סערגעיעוויטשן, און חוץ אַ צוויי-דריי פון זיינע מיטאַרבעטער און תלמידים, האָט קיינער וועגן זיי נישט געוואוסט, — פּאָלטאָראַק האָט גענומען רעדן מיט זיינע ווערטער, — פּימען סערגעיעוויטש האָט אויך דאָס פאַררעכנט אויפן חשבון פון די איבערגעחזרטע דערשיינונגען.

אין דעם זאַל, וואָס איז פול געווען מיט אויסלענדער און רוסן, וואָס האָבן זיך באַמיט צו האַלטן ווי אויסלענדער, איז דער פּראָפעסאָר געווען אַ פרעמדער עלעמענט. עס האָט געהילכט דער אָרקעסטער אויף דער בימע. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט געברענט זייער רחבותדיק אין דאָזיקן ווייסן זאַל.

דער שליח האָט געבערענגט די שריפטן וועגן די הייליקע פאַרן חודש אויגוסט און, באַקומענדיק פאַרן וועג, געזאָגט:

— ווי עס ווייזט זיך אַרויס, זענען אַזעלכע הייליקע פּימענס דאָ אפשר צען אָדער נאָך מער. מען האָט נישט געקאָנט אַלע געפינען. מען וועט אייך טעלעפאָנירן.

די פרייע שעהן ביזן צוג האָט פּימען סערגעיעוויטש פאַרברענגט ביי זיך אין נומער ביי די טשעטי-מינעיִס, געבלעטערט זיי פּונקט אַזוי אויפמערקזאַם, ווי ער האָט דורכגעבלעטערט אין משך פון זיין לעבן צענדליקער, הונדערטער טויזנטער מאַטעמאַטישע זייטן פון ענגלישע, דייטשישע, פראַנצויזישע און רוסישע ביכער

וועגן אַרכיטעקטור און העכערער מאַטעמאַטיק, יענע מאַטעמאַטיק, וואָס האָט קיין גרונט נישט און שטיצט זיך אויפֿן אומבאַגרייפֿלעכן אין מענטש, געבנדיק אים די רעכט, אויפֿן גרונט פֿון זיינע אַסטראָנאָמישע חשבונות, צו בויען קאַנאַלן, נייע טייכן, פֿאַבריק־מאַשינען און אונטערצושיידן אַטאָמען. ביי די ביכער איז פּימען סערגעיעוויטש נישט ענלעך געווען צו קיין אַלטן.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען צום פּראָפֿעסאָר געקלונגען דורכן טעלעפֿאָן.

— חבר פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַ ? — גוטן אָוונט, פּימען סערגעיעוויטש. דאָ רעדט דער אַנטיקוואַר מיכאַילאָוו. איך האָב אייך געשיקט די מינעיס פֿאַרן חודש אויגוסט, קיין אַנדערע האָב איך דערווייל נישט געפֿונען, איך וועל אייך צושיקן, ווען איך וועל זיי געפֿינען. דערווייל קאָן איך אייך מיטטיילן וועגן עטלעכע הייליקע פּימענס פֿון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך. דער ערשטער. דער געבענטשטער פּאַלעסטינער. ער איז געווען אַ פּרוש אין דער מדבר רוווע. די יאָרן: פֿון פֿינפֿהונדערט צווייאונאַכציק — ביז זעקסהונדערט צוויי. זיין יאָרצייט פֿאַלט אויס דעם זיבנאונצוואָנציקסטן אויגוסט. דער צווייטער. פּימען דער גרויסער. געשטאָרבן אין יאָר פֿירהונדערט פֿופֿציק. אַן אַבבאַ פֿון עגיפּטישן אָרדן. אַ בן־דור פֿון פּאַיִסי דעם גרויסן און יאָהאַן קאָנאָוו. ער האָט שטענדיק געוויינט אויף זיינע אייגענע זינד און די זינד פֿון אַנדערע מענטשן. מיט זיינע הייסע דרשות האָט ער געהאַט אַ גרויסן איינפֿלוס אויף זיין סביבה. דער דריטער און דער פֿערטער. פּימען דער קרענקלעכער און פּימען דער געבענטשטער, מאָנאַכן פֿון קיעווער מאָנאַסטיר. זייערע רעליקוויִעס געפֿינען זיך אין די היילן פֿון דער אַנטאָנאָווער קירך. דער לעצטער פֿון זיי איז געווען אַ פֿריינט פֿון דעם גאָטגעבענטשטן קוקשאַ און איז באַשענקט געווען מיטן גייסט פֿון נביאות. זיין יאָרצייט פֿאַלט אויס דעם זיבנאונצוואָנציקסטן אויגוסט. דאָס איז דערווייל אַלץ. וועגן איבעריקן וועל איך אייך שריפֿטלעך מיטטיילן די טעג און צושיקן די ביכער. מיין אַכטונג.

דער אַנטיקוואַר האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפֿאָן־טרייבל.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אומגעקערט צום טיש און צו די מינעיִס. ער האָט זיך נישט פאַרטראַכט, נאָכוואָס עס זענען אים נייטיק געווען די הייליקע און געבענטשטע פּימענס. פון צווישן די פּימענס איז אַרויסגעשוואומען דער אינזשיניער לאַסלאָ. מיט דער טבע פון אַ געלערנטן, וואָס איז געוואוינט צו ביכער, האָט פּימען סערגעיעוויטש זיך פאַרנאָטירט אין זכרון דעם אַרויסגעבער: דעם קיעווער פּיעטשאַראַ־מאָנאַסטיר. קיעוו איז געווען פּימען סערגעיעוויטשס געבוירן־שטאָט; אַלס גימנאַזיסט פלעגט ער אָפט ליב האָבן זיך אַרומצודרייען צווישן די ליכט און אייל־לאָמפּן, וואָס האָבן געשימערט אין דער פינסטערניש און אָנגעווייעט אַ פּחד אין די פּייכטע היילן ביים דניעפּער, וואו עס זענען אין טרומנעס געלעגן די טויטע קערפּערס פון די הייליקע. די פּייכטקייט פון די היילן האָט געברענגט אויפן רעיון די ליכטיקע און רחבותדיקע דירה אין פּעטערבורג, דעם קאָרידאָר, די שוועל, אויף וועלכער פּימען סערגעיעוויטש האָט זיך געזעגנט מיט אָלגען.

פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ האָט געלייענט דעם סלאַווישן טעקסט:

„מיר רופן צו דיר, פּימען, אויסדערוויילטער פון די מאָנאַכן, זיי מתפּלל פאַר דער דערלייזונג פון די נשמות אונזערע.“

„דו האָסט אַריינגעבּרענגט ליכט אין די מחשבות פון יענע, וואָס האָבן מיט אמונה זיך געווענדט צו דיר, דו האָסט זיי אָנגעוויזן דעם אמתן וועג פון לעבן. דעריבּער לויבן מיר דיך און הייליקן דעם הונדערטסטן יאָרצייט פון דיין נאָמען, פּימען. זיי מתפּלל פאַר דער דערלייזונג פון די נשמות אונזערע.“

אויף דער הילע פון געפּרעגטן, שוואַרצן איינבּונד פון די מינעיִס האָט זיך געפונען אַ בילד פון קריסטוסן אויפן קרייץ. דער פּראָפעסאָר האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך אין אַ זייט און אַ ביסל געקלאַפּט דערויף מיט די פינגער. די קינדהייט, די פּיעטשאַרעס־היילן, די

צערקווע פֿון אַלטן פּימען, דאָס ווייב, דאָס פֿאַמיליע־לעבן, דער יאָרצענדליק פֿון דער רעוואָלוציע, דער לאָמבאַרד אין דער צערק־ווע פֿון אַלטן פּימען, — דידאָזיקע מינעיס זענען געווען נאַיִוו, נע־בעכדיק און טויט, קיינמאָל וועט דאָס לעבן זיך נישט אומקערן צו זיי, — דערדאָזיקער טייך פֿון מענטשלעכן גייסט איז אָפּגעשטאָרבן, מיטן קריסטנטום איז פֿאַרענדיקט. דאָרט איז באמת אַלץ געבויט געווען אויף בלוט. מיט פֿינפֿאונצוואָנציק יאָר צוריק האָט די מאָ־ראַל אין יענע יאָרן געבענטשט דעם פּראָפֿעסאָרס ליבע, און אין בופֿעט פֿון לאָמבאַרד פֿאַרקויפֿט מען אַצינד זויערמילך מיט קיכ־לעך, — דעם פּראָפֿעסאָרס, דעם אַרכיטעקט פּאָליעטיקעס פּרילינג, האָט לאַסלאָ צעשטערט, אָבער זיין אַרבעט האָט דער פּראָפֿעסאָר אָפּגעגעבן דעם סאָציאַליזם. דעם געשלעכט, דער ליבע, דעם בלוט גיט יעדער מענטש אַוועק זייער אַ סך אין זיין לעבן. אויף דער ליציטאַציע אין לאָמבאַרד פֿאַרקויפֿט מען ניי־מאַשינען און מאָדישע קרעדענסן פֿון דער סוכאַרעווקע, מיט זיי האַנדלען טאַנדייטערס. איינס איז זיכער אויף שטענדיק — דער מענטש דאַרף זיין ערלעך, אויפֿריכטיק און ריין, — אַנדערש — וועט ער אומקומען, — און איטלעכער דאַרף האָבן אַן ערע־געפֿיל. די הייליקע פּימענס, די טויטע קערפּערס, האָבן נישט געשאַפֿן קיין מוסטער פֿאַרן לעבן. אין די אַנטאָנאָווער היילן, אין דעם קיעווער פּיעטשאַרע־מאָנאַסטיר איז קאַלט, פֿינסטער, שרעקלעך, — דאָס יינגל פּאָליעטיקאַ האָט אין די היילן זיך תּמיד דערפֿילט הילפֿסלאָז, אַלץ האָט אים אויסגעזען איבעריק, — דאָרט האָבן געברענט אייל־לאָמפּן און ליכט, געשטיצט אויף דער אייביקייט, און די ליכט האָבן באַשטעטיקט די שרעק, און איבעריקייט פֿון אַלעם, אָנהייבנדיק פֿון דידאָזיקע היילן טאַקע: אַזוי זעט אויס אין לעבן, ווען אַלץ ווערט איבעריק, — דאָס איז קראַנקהייט, טויט. פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַ האָט די אייביקייט פֿאַר־טרעטן מיט טיכטיקייט און בוי־אַרבעט. דער אַקאַדעמיקער לאַזאַ־רעוו, פֿאָרשנדיק די פֿיזישע געזעצן פֿון מענטשלעכן לעבן, בויענ־דיק פֿיזישע פֿונדאַמענטן פֿאַר דער מענטשלעכער אומשטערבלעכקייט, האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז די איידלסטע פֿילבאַרקייט פֿון די חושים

דערגרייכט דעם מענטש, ווען ער ווערט אַלט צוואָנציק יאָר. אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, הייסט עס, אַז דער מענטש בויט זיין גאַנץ לעבן אויף דעם, וואָס ער האָט דערגרייכט, ווען ער איז אַלט געווען צוואָנציק יאָר, — און ער דאַרף דעריבער בויען ערלעך — אין נאָמען פון די פּיזישע געזעצן און אויפבוי פון מענטשלעכן לעבן.

פּימען סערגעיעוויטש האָט זיך באַפרייט פון די מחשבות וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. אויפן רעיון איז אים געקומען פּאָלטאָראַק. הינטער דער קעלט פון די היילן איז געשטאַנען די היץ פון די מדבריות. און הינטער די מדבריות איז געשטאַנען רוסלאַנד, דער ס. ס. ר. ר., די בוי־אַרבעט.

פּימען סערגעיעוויטש איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. די ערד איז געלעגן אַ טונקעלע. דער קרעמעל מיט זיינע טורעמס האָט זיך פאַרלוירן אין דער הימלישער טונקלקייט, די שטערן אין הימל האָבן געלויכטן מיד ווי אין יולי, איבערן בנין פון ציק האָט געברענט אַ רויט פייער. צופינס פון קרעמעל איז געלעגן מאָסקווע פון טויזנט ניינהונדערט ניינאונצוואָנציקסטן יאָר, די שטאָט פון קאָלאָסאַלע פּלענער און קאָלאָסאַלער אַרבעט. אָנגעשטרענגט אויף דער העכסטער מדרגה ביז קאָנוואולסיוון ציטער, איז מאָסקווע, ווי דער גאַנצער פ. ס. ר. ר., געגאַנגען מיטן שטאָלענעם טריט פון אַ קריגס־מאַרש צום סאָציאַליזם, כדי צו זיגן. די געשיכטע איז אין די יאָרן נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, נישט געפלאָסן, נאָר געבויט געוואָרן, ווי גאַנץ רוסלאַנד איז געבויט געוואָרן. אינאמתן, ווען עס וואָלטן איינגעפירט געווען אוניפאָרמען פאַר די בוי־אַרבעטער, וואָלט רוסלאַנד אויסגעזען ווי אַ מאַרש פון אַרמייען. מאָסקווע האָט דאָס יאָר געלעבט אויפן שטייגער פון אַ קריגס־לאַגער, אַרומגענומען מיט אַ קייט פון גרויע, אָבער העראָישע אַרבעטס־טעג, העלדישע באַכעלן, ווי אין אויסנאַמס־צושטאַנט, וואָס דערלאָזן נישט קיין שום פּראָטעסטן, ביי אַן אַפּראָוויזאַציע פון לאַנגע רייען נאָך שפּייז, ווי אין אַ פעסטונג. די שטאָט, וואָס האָט זיך געפונען נישט אין קריגס־צושטאַנד, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטונג, אין שטאָט זענען גע־

בליבן די אַלטע לייט און קינדער, וואָס זענען נישט נייטיק געווען פֿאַרן מאַרש פֿון דער געשיכטע, וואָס זענען אים גי־בער צולאַסט געפֿאַלן, — די שטאָט האָט געלעבט ווי אַ פֿעסטונג מיט אַ צו גרויסער באַפֿעלקערונג. ווי תּמיד אין די פֿעסטונגען און ביי מלחמה־מאַרשן, איז פֿון הינטער די גלעטשערס אַפֿער, וואָס גייען פֿאָרויס און פֿירן די געשיכטע, געקראָכן דער שימל פֿון אומ־צופֿרידנקייט, אומצוטרוי, מידקייט, פֿאַראַט, שמוץ און עיפּוש, ווייל דעם אָפּפֿאַל פֿון די פֿעסטונגען איז נישטאָ וואוהין אַרויסצופֿירן. און ווי עס געשעט אָפֿט אין די פֿעסטונגען, האָט דערדאָזיקער אָפּפֿאַל טאַקע צומייסט גערעדט וועגן מלחמה. אַלץ איז געווען פֿאַרשטענדלעך, אַזוי טאַקע דאַרפֿן געבויט ווערן היסטאָרישע עפּאָכן, אויב — זיי ווערן טאַקע געבויט.

די שטאָט און דער קרעמעל האָבן אין דער שעה זיך פֿאַר־לוירן אין דער טונקלקייט פֿון הימל, איבערן בנין פֿון ציק האָט געברענט דאָס רויטע פֿייער פֿון דער פֿאָן. אין קרעמעל, אין דער קיטיי־שטאָט, אויף דער גאַס פֿון ערשטן מאַי, וואָס האָט אַמאָל גע־הייסן די מיאַסניצקאַיאַ, זענען אין דער שעה געשטאַנען ליידיק די קאַבינעטן פֿון די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן באַוועגט די גע־שיכטע. די איינוואוינער פֿון מאָסקווע האָבן זיך געהאַט איבערגע־גאָסן אין די ענגע הייזער אַריין, אין די טעאַטערס, אין די קי־נאָס, אין די צירקן, פֿאַרקן, רעסטאָראַנען, בירהאַלעס, נישט איבע־ריק קלערנדיק וועגן מלחמה און דיסקוטירנדיק — וועגן קאַבוקין, וועגן גאָרקין, וועגן ק. וו. זש. צ., און אויך וועגן די געהאַלט־טאַ־בעלעס, זעאונגען מיט די מאַריע איוואַנאָוונעס, רעדוקציעס און היינטיקן אָוונט. זאָל זיין אַזוי. פּימען סערגעיעוויטש האָט געטראַכט וועגן זיין אַרבעט. אין עטלעכע חדשים אַרום וועט הינטער מאָסקווע אָנהייבן פֿליסן אַ נייער טייך, וואָס וועט האָבן אַריינגענומען אין זיך די וואַסערן פֿון דער אָקע, און וועט זיין דאָס ווערק פֿון אַ מענטש און נישט פֿון דער געאָלאָגיע.

ער, פּראָפֿעסאָר פּימען פּאָליעטיקאַ, האָט מיט זיין אַרבעט און וויסן, בשותּפֿות מיטן ווילן פֿון דער רעוואָלוציע, וואָס גייט

צום סאָציאַליזם, מיט דער קראַפט און מי פון די אַרבעטער, רע־ רעאַליזירט דעם פראָיעקט פון דאָזיקן יונגן טייך. און דאָס איז גע־ ווען אַ קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, אַזוי ווי עס האָט אים פאַרשאַנען דער פראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ, ווען די מענטשלעכע אַרבעט, וואָס ענדערט דורך איר ווילן דעם פלוס פון טייכן, שווענקט אָפּ טאַקע דורך דידאָזיקע טייכן דעם פעסטונג־אָפּפאַל און בויט־אויף נייע, ברידערלעכע אַרבעטס־באַציאונגען צווישן די מענטשן.

און פימען סערגעיעוויטש האָט דערזען ווי דורך אַ נעפּל — מיט יענע אויגן, וואָס קינסטלער פאַרמאָגן, ווען זיי קאָנען זען נישט בלויז דאָס, וואָס עקזיסטירט שוין, נאָר אויך דאָס, וואָס זיי ווילן זען:

אַ פרילינג־נאַכט, אַ טייך, דער ברייטער שטח פון טייך, פייערן איבערן וואַסער, ים־דאַמפערס הינטער מאָסקווע, בולווארן פון גראַניט־ שטיין. איבערן וואַסער הערן זיך כסדר מאָדנע קלאַנגען, וואָס לעשן זיך און גייען אויס, — דער פראָפעסאָר האָט דערהערט אַ מיידליש לאַכן פון טייך, אַ ווייך און יונג לאַכן פון זיין טאָכטער דער קאָמסאָמאָל־ קע. דאָס לאַכן און די יוגנט וועלן אויף אייביק פאַרבלייבן דאָס גליק פון דער מענטשהייט. דאָס לאַכן איז געוואָרן דייטלעכער, פימען סערגעיעוויטש האָט עס דערקענט, — דאָס איז געווען אָל־ געס לאַכן, דעמאָלט, מיט פינפאונצוואָנציק יאָר צוריק, אין טויזנט ניינהונדערט ניינאונצוואָנציקסטן יאָר האָט מען אין רוסלאַנד ווײ־ ניק געלאַכט, זייענדיק אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון דער בוי־אַרבעט. יאָ, יאָ, — און אויב דאָס לאַכן איז דאָס גליק פון דער מענטשהייט, זע־ נען די קנייטשן פון אָנגעשטרענגטן טראַכטן אויפן שטערן — די נשמה פון דער מענטשהייט. דעם פראָפעסאָרס צעשויבערטע ברע־ מען האָבן זיך שטרענג צונויפגעצויגן.

דער פראָפעסאָר האָט אָנגעקלונגען און פאַרלאַנגט אַ חשבון.

דער פראָפעסאָר האָט פאַרשריבן אין זיין נאָטיץ־ביכל:

„אין צוזאַמענהאַנג מיטן פראָיעקט וועגן קאַמף
מיט די מדבריות. באַרעכענען די צאָל הומוסן,

וואָס ווערן אָפּגעשווענקט דורך די פּאַרפּליי־
צונגען, דעם פּראָצענט פון זייער אָפּפלוס אין
די ימים אַריין".

דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטיקעס צוג איז אָפּגעגאַנגען דריי פערטל אויף עלף. דער וואָקזאַל, וואו עס האָט זיך געפּילט אַ זויערלעכער ריח און די ווענט זענען באַגאָסן געווען מיט בלייכן ליכט איז, ווי תּמיד, געפּאַקט געווען מיט מענטשן. נאָך דעם גאַנ־ליכט פון די לאַמטערן האָבן די שינעס זיך פאַרלוירן אין דער וואַרימער פינסטערניש אַריין, כּדי זיך אַוועקצולאָזן אויסמעסטן די טונקעלע רוסישע ווייטן. אויפן פּעראָן האָט געבלאָזן אַ טרוקענער יולי־ווינט. דער צוג, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען אַן אָ־טיקער, די מענטשן פון דער פּאָרשטאָט האָבן געטראָגן אין די וואַגאָנעס אַריין זייער אָרימען באַגאַזש.

אויפן פּעראָן האָט דער פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ דערזען צווישן עולם יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַקן, זיין אוניפאָרם־היטל און די אַקסלען פון לעדערנעם פּאַלטן. פּאָלטאָראַק האָט באַהאַלטן די אויגן הינטער די רוקנס פון די מענטשן, דער פּראָפעסאָר זאָל אים נישט זען, — פּאָלטאָראַקס אויגן האָבן געקוקט זייער אויפמערקזאַם און מיט פאַראַכטונג, — אַזוי האָט זיך געדאַכט דעם פּראָפעסאָר. דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק איז פאַרשוואונדן צווישן עולם מיט אַן עלעגאַנטער פרוי, און דער פּראָפעסאָר האָט נישט געוואוסט, וואו ער איז אין צוג אַריינגעזעסן.

און אין וואַגאָן אויף דער באַנק קעגנאיבער פּאָליעטיקען זע־נען געזעסן יענע צוויי פּאַרמיטלער, וועלכע פּימען סערגעיעוויטש האָט געזען אין דער צערקווע פון אַלטן פּימען, און וועלכע האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זייערע סורדוטן מיט די לאַנ־גע פּאָלעס און שוואַרצע היטלען, ענלעכע צו גלאַנציק־שנאָבלדיקע קראָען — גייסטער פון חורבן.

דער עלטערער האָט זיך פאַרנייגט פאַרן פּראָפעסאָר און העפלעך געזאָגט:

— דאַכט זיך, אַז מיר האָבן זיך געזען היינט אין דער פּימען-צערקווע אויף דער ליציטאַציע?

פּימען סערגעיעוויטש האָט נישט געענטפערט, מאַכנדיק זיך, אַז ער האָט נישט געהערט די פראַגע. דער צוג האָט זיך אַוועק-געלאָזט אויסמעסטן די ווייטקייט פון די שינעס. דער באַלויכטענער הימל איבער מאָסקווע האָט זיך אויסגעלאָשן. די פעלדער זענען גע-לעגן אין בראשיתדיקער שטילקייט, און די שטילקייט איז אריינגעדרינ-גען אין וואַגאָן. די מענטשן האָבן זיך אונטערגעלייגט אונטער די קעפּ זייערע אָרימע פּעקלעך און זענען איינגעשלאָפן. אין וואַגאָן האָט זיך דערהערט אַ כראַפּען. עס האָבן זיך גענומען טראָגן ריחות פון ש'אָפּנדיקע מענטשן, לעדער פון שטיוול און פרישן טשאַד. די ליכט אין די טונקעלע לאַמטערן האָבן צוגעגעבן דעם וואַגאָן דאָס אויס-זען פון אַ פערד-שטאַל. פּימען סערגעיעוויטש האָט שוין געהאַט אָנגעטריפט אַ ליכט אויפן טיש, כדי צו לייענען, נאָר דער קאָנ-דוקטאָר איז געקומען, זיך מישב געווען אַ ווײַלע און באַפוילן דאָס ליכט צו פאַרלעשן, דערקלערנדיק, אַז עס איז נישט דערלויבט אָנצוצינדן קיין ליכט אויף אַזאַ אָרט, וואָס איז נישט באַשטימט פאַר דעם צוועק, — פּימען סערגעיעוויטש האָט אים געוואָלט אָפּ-ווענדן, שטיצנדיק זיך אויף דער פינסטערניש אין וואַגאָן, — דער קאָנדוקטאָר האָט ווידער אַמאָל רויק דערקלערט:

וואַגאָנעס זענען נישט געמאַכט געוואָרן דערויף, מען זאָל אין זיי לייענען, נאָר אין זיי פאָרן. לעשט אויס, אויב איר ווילט נישט באַצאָלן קיין שטראָף.

דער צוג האָט געטריבן די צייט דורך די רוסישע דערפער און זי פאַרהאַלטן אויף די סטאַנציעס. פּאָליעטיקאַ האָט געדרימלט מיט אַ קישעלע אונטערן קאָפּ. זיינע מיטרייזנדע זענען נישט גע-שלאָפן. די צוויי ברידער זענען זיכער געווען פון יאַראָסלאַוו-סלאַ-ווישער אָפּשטאַמונג. ווען זיי האָבן אויסגעטון הי היטלען, האָט

זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען ביידע פֿאַרקעמט מיט אַ שרינט אין מיטן. זיי האָבן דעם גאַנצן וועג געטרונקען קאָניאַק. און זיך דורכגע־וואָרפֿן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער. כמעט יעדע האַלבע שעה האָט דער עלטערער געעפֿנט דאָס וואַליזקעלע, אַרויסגענומען דאָס פֿלעשל קאָניאַק מיטן אַלטפֿרענקישן זילבערנעם בעכער, פֿריער אַליין גע־טרונקען, דערנאָך אָנגעגאָסן דעם ברודער, דער ברודער האָט אויס־געטרונקען, — דער עלטערער האָט צוריק באַהאַלטן דעם בעכער מיטן פֿלעשל אין דער אייגענער וואַליזע אַריין און דער יינגערער האָט געפֿרעגט:

— די פּערל וועלן מיר נעמען?

— אוודאי, — האָט דער עלטערער געענטפֿערט.

אַ האַלבע שעה האָבן זיי געשוויגן, ווידער געטרונקען און דער יינגערער האָט ווידער געפֿרעגט:

— דעם פּאָרצעליי וועלן מיר נעמען?

— אוודאי, — האָט דער עלטערער געענטפֿערט.

דער צוג האָט געטריבן די נאַכט, פֿאַרהאַלטנדיק די צייט מיט די פֿייערן — רויטע, געלע, גרינע — און געשרייען אויף די סטאַנציעס. דער וואַגאָן האָט פֿרידלעך געכראַפּעט אינמיטן דעם פֿייערלעכן הערשן פֿון דער נאַכט. הינטער די פֿענסטער איז גע־פֿאַלן ווי אַ שטויב דאָס ווייסע ליכט פֿון דער לבנה. עס זענען גע־לאָפֿן צוריקוועגס כאַטעס פֿון דער דאָרפֿישער מאַמע רוסלאַנד, — פֿעלדער, וועלדלעך, זומפּן, די בראָניצער און קאַלאָמנער גיטער און דאָרפֿישע פֿריי־ליגנדיקע ערד־שטחים. נישט געקוקט אויף דעם קאַלטן גלאַנץ פֿון דער לבנה, האָט דער צוג מיט זיין טומלענדיק גערויש אויפֿגעהויבן אַ שטויב און ווינט איבער דער ליניע, אָפּ־קלונגענדיק מיט אַן עכאָ.

פּימען סערגעיעוויטש האָט אין האַלב דרימל געטראַכט, אַז דאָרט ווי עס האָבן אין טאַמערלאַנס צייטן געבליט גערטנער, — דאָרט איז אַצינד אַ מדבר, וואו עס שפּרייטן זיך אומענדלעכע זאַמדן. עס הערשט אַ גליענדיקע היץ און עס וואַלגערן זיך שטיי־נער, — אַז די טאָטערן, וואָס זענען געוועזן אין רוסלאַנד אויף דער־

ראָזיקער קאָלאָמנער ערד, זענען געקומען אין די אוראַל-קאַספּישע זטעפּעס אַלס פּאָרזאָגער נישט בלויז פון אויסראָטונג, נאָר אויך פון די מאָנגאָלישע זאַמדן, — די מדבר פון אַראַביען איז אַמאָל געווען איינע פון די רייכסטע און בליענדיקסטע מלוכות פון קולטור, ויסנשאַפט און רעליגיע, — די רויטע זאַמדן אפילו פון עגיפּטן האָבן אויך אַמאָל געבליט, — און די טאָטערן? מיט פינף יאָרהונדערטער צוריק, וואוהין עס גרייכט נאָך דער זכרון פון דער רוסישער געשיכטע, גאָרנישט לאַנג, זענען איבער דעם נידערלאַנד פון דער וואָלגע געשטאַנען רייכע טאָטערישע שטעט, וועגן זיי האָבן געשריבן די אַראַבישע און גענועזישע געלערנטע און נאָרמאַנדישע סוחרים, — היינט זענען אין די זאַמדן נישט געבליבן קיין שפּורן פון דידאָזיקע שטעט, — די הייסע זאַמדן האָבן זיך גענומען טראָגן לענגאויס די ברעגן פון דער וואָלגע ביז ניזשני, אויף דאָנבאַס, אויף קובאַן, — אומעטום זאַמד, גליענדיקע היץ, טויט, וואָס האָבן געמאַכט, אַז די טאָטערישע פּנימער זאָלן ווערן געל און טרוקן ווי זאַמד.

דער צוג איז אָנגעקומען קיין קאָלאָמנע אַ שעה פאַר טאָג ווערן, ווען די נאַכט האָט אָנגעהויבן זיך צעשטויבן און איז פאַר־קילט געוואָרן אין אַ גרויער ליכטיקייט אויף מזרח. דער בוי-פּלאַץ, דאָס אָרט פון קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט פייערן, טומלדיקן געררויש און מונטערער וואַכזאַמקייט, וואָס האָבן געענדערט אַלץ, אפילו די לופט, אָבער די סטאַציע איז נאָך גע־לעגן אין איינזאַמער דערווייטערטקייט פון דעם אַלעם. אַרויסגייענ־דיק פון וואַגאָן, האָט דער פּראָפעסאָר זיך דערפילט מונטער. פּאָליעטיקען האָט באַגריסט דער אינזשיניער סאַדיקאָוו.

אויפן פעראָן האָבן זיך באַגעגנט אי פּאָלטאָראַק מיט זיין באַגלייטערין, אי פּאָליעטיקאַ, אי די פּאַרמיטלערס. אַרום דער באַן־ליניע האָבן טריב געברענט די לאַמטערן פון בוי-פּלאַץ, אָבער נאָכן פּלאַץ פון דער סטאַציע און נאָך די סטאַציע-בנינים, אויפן וועג צו דער שטאָט, איז דער ליידיקער שטח פאַרטרונקען געוואָרן צוזאַמען מיט דער שטאָט אין דער פינסטערניש. דאָרט האָבן געבילט

אַלטע הינט. אין דער פינסטערניש אויפן פּלאַץ האָבן געפּאָרסקעט פערד, און פון דער שטאָט האָבן זיך געטראָגן אין דער נאַכט אַריין ריחות פון פערדישן שווייס.

פּאָלטאָראַק האָט געזאָגט:

— איר זענט אויך געקומען מיט דעם צוג? אַ שאָד, וואָס מיר זענען געפאָרן אין פאַרשידענע וואַגאָנעס. איר זענט נישט באַ־קאַנט? דאָס איז נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ סאַראַנצעוואַ, אַן אַרטיסטין. אַ, איר זענט אויך דאָ, העלדן פון דער פאַרגאַנגענהייט? דאָס זע־נען מיינע פריינט־צושטעלער — רעסטאַווראַטאָרן פון מאַהאָגאָן־מעבל, פּאַוועל און סטעפּאַן פּיעדאָראָוויטש בעזדיעטאָוו.

און ער האָט אַ געשריי־געטון אין דער פינסטערניש אַריין, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער:

— העי, פורמאַן!

דער אינזשיניער סאַדיקאָוו, וועלכער איז געקומען אָפּוואַרטן דעם פּראָפעסאָר, וואָס האָט נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט געציטערט פון קעלט, האָט זאָרגזאַם אונטערגעהאַלטן פּימען סערגעיעוויטשן. סאַדיקאָווס באַקנביינער האָבן געהאַט אַן ערד־קאָליר און זיינע אַקסלען האָבן זיך געהאָרבעט. דאָס קומען פון פּראָפעסאָר אויפן בוי־פּלאַץ איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש. אינזשיניער סאַדי־קאָוו, דער אינזשיניער פון וואַרשטאַט, ווי מען האָט אים אין שפּאַס גערופן, האָט זיך אויסגעלערנט שעצן דאָס וויסן, וואָס איז אָנגעזאַמלט געווען אין דעם אַלטן. דער אַלטער איז געגאַנגען מונטער, נישט איבערגעבנדיק קיינעם זיין וואַליזע. סאַדיקאָוו האָט אינפאָרמירט דעם פּראָפעסאָר טרוקן, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט. נאָך דער סטאַציע האָט געוואַרט אַן אויטאָ־דרעזינע, און די אויטאָ־דרעזינע האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פינסטערניש און איז אַלעמאָל באַלויכטן געוואָרן פון די לאַמטערן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן בוי־פּלאַץ. פון דער פינסטערניש אַרויס, דורך וועלכע עס איז געלאָפן די שמאָלע ליניע פון דער אויטאָ־דרעזינע, האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון דער נאַכט־אַרבעט. די דרעזינע איז אַריינגעפאָרן צווישן די לאַמטערן, האָט אויסגעמיטן די סקלאַ־

דעם פון די בוי־מאַטעריאַלן און שטיין געבליבן ביי די באַראַקן הינטער די פריש־אויסגעגראָבענע ראָוועס. סאַדיקאָוו האָט זיך גע־לאָזט גיין פאָרויס איבערן וואַל אין דער לענג פון די ראָוועס מיט דער פריש־אויסגעגראָבענער ערד. ער איז געגאַנגען, ווי דורך אַ שוצגראָבן, דורך די פעסער צעמענט, שטויסן ציגל, אָנגעוואָרפן געהילץ, קופּעס גרוז, דאָ און דאָרט באַלויכטענע דורכן ליכט פון די לאַמטערן. זיי זענען געגאַנגען דורכן שוצגראָבן פון דעם קאַמף, אין וועלכן מירמלשטיין און בעטאָן האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט דער נאַטור, אין וועלכן ערד, טייכן און וועלדער זענען דורך אייזן און מענטשלעכער מי גענומען געוואָרן אין דער צוים. דער ציקלאָפּי־שער מאָנאָליט האָט מיט אַ קייט פון לאַמטערן זיך אַוועקגעצויגן אויף ווייטע קילאָמעטערס אַזש ביז נאָך דער אָקע.

אויפן פּראָפעסאָר האָט געוואַרט אַ ווייך בעט, אַ ליכט אויפן נאַכט־טישל, אַ לעצטער נומער פון זשורנאַל „אויפבוי“, און אונטערן בעט האָט רעזידירט אַ נאַכט־כּלי. סאַדיקאָוו האָט געוואונטשן אַ גוטע נאַכט דעם פּראָפעסאָר. אין צימער מיט די אָפענע פענסטער האָט אַריינגעקוקט די יולי־נאַכט און עס האָט זיך געפילט די וואַכ־זאַמע שטילקייט פון די נייע געביידן, וואָס שמעקן מיט סאָסנע־ריח. הינטער די פענסטער האָבן געפייפט די לאָקאָמאָטיוולעך פון דער קליין־באַן, עס האָבן געסאַפּעט, ווי אויסטערלישע זומפּ־פייגל, די כּלים צום ערד־שעפּן און עס האָבן זיך דורכגעפייפט די נאַכט־וועכטער, פאַרטיפנדיק די שטילקייט פון דער נאַכט. דאָס עלעקטרי־שע ליכט איז תּמיד וואַכזאַם. דאָס הויז פאַר צוגעפאָרענע איז געשלאָפן אין עלעקטרישן ליכט. אין קאָרידאָר, וואָס איז באַ־האָנגען געווען מיט פּלאַקאַטן און ווי די שטילקייט איז גע־ווען טיף, האָבן זיך אַרומגעטראָגן סאָסנע־יחות. אין די צימערן זענען געשלאָפן שוועדן, דייטשן און אַמעריקאַנער, וואָס זענען דאָ אַהערגעקומען אַרבעטן און מאָנטירן די מאַשינען.

פּימען סערגעיעוויטש האָט זיך נישט באַלד געלייגט אין בעט אַריין. ער האָט פון זיין אָפּגענוצטער וואַליזע אַרויסגענומען אַ דיקן ברוליאָן מיט צעראַטענע טעוועלעך און אַ רויטן רוקן און

אַרייַנגעשריבן אין איִם געוויסע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, וואָס זענען געווען די פאַרקערפּערונג פון געדאַנקען וועגן דער היץ פון די זאַמדן.

די עלטסטע רוסישע געגנטן, פּאָקאָטשיע, אָקע, מאָסקווע, — דער ריאַזאַנער קאַנט, די וועגן: דער אַלט־טאָטערישער, אַלט־מאָסקווער און רויפּערישער. דער פּייזאַזש איז אַן עכט רוסישער: דער טייך מאָסקווע ציט זיך אַוועק איבער די פעלדער און פאַלט אַריין אין דער אָקע, ביי דער אָקע זענען די ברעגן געבערגלטע, פאַרוואַקסענע מיט סאָסנע־וואַלד, — דער פּייזאַזש איז אַ מרה־שחורה־דיקער — פעלדער, בערגלעך,ביימער, גראָז, שטיינער, זאַמדן. אין די וועלדער קומען פאָר שרפות, עס מערן זיך די זומפּן, עס האָ־דעווען זיך וועלף. ערשט מיט דריי יאָר צוריק, זומער־צייט, איז דאָ נאָך געווען אַזוי: עס האָבן זיך צונויפגעגאָסן די צוויי טייכן, עס איז געזונקען אין שטילקייט דער מאָנאַסטיר, וואָס איז אַצינד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרטילעריע־סקלאַד, עס האָט געררוי־בערט דער קאָלאָמנער פאַבריק־קוימען, עס איז אָפּגעשטאָרבן קאָ־לאָמנע, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו שטאַרבן פון יענעם טאָג אָן, ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די ריאַזאַנער באַן־ליניע, — עס זענען געווען דער באַן־פּלאַנט, די בריקן איבער די טייכן אָקע און מאָסקווע, די סאָסנעס, די זאַמדן, דער הימל, די לידער, וואָס עס האָבן געזונגען די פויערן פון דאָרף באָבּרעניעוו, וואו די ווייבער האָבן געזעצט קאַרטאָפלעס, געשניטן דאָס היי פון די לאָנקעס און געפּאַשעט בהמות, און די מענער זענען געגאַנגען שמידן אייזן אין די קאָלאָמנער פאַבריקן אַריין פון מאַשינען.

אויף דעם אָרט האָט דאָס לאַנד געגעבן אַ שלאַכט דעם אַלטן רוסלאַנד, ראָסיי — פאַרן סאָציאַליזם.

מיט דריי יאָר צוריק, אין יוני, זענען דאָ אויף די לאָנקעס אַהערגעקומען עפּעס פרעמדע מענטשן. זיי האָבן געמאָסטן און גע־בויערט די ערד, זיך איינגעקוקט אין דער געגנט און אין דער

צוקונפט. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום די טייכן און איבער די לאָנ־קעס, אָנגעצונדן פייערן, ווי די אַמאָליקע וואַנדער־שבטים, — און עס איז זיך צעגאַנגען אַ ידיעה, אַז דאָ וועט געגעבן ווערן אַ שלאַכט, וואָס וועט איבערבויען די געשיכטע און געאָלאָגיע, — אַז עס וועלן שוין נישט זיין מער די דערפער באָברעניעוו, פּאַר־פענטיעוו, אַמערעוו, סערגיִעוו און נאָך אַנדערע, ווייל די געגנט, אויף וועלכער זיי געפינען זיך, וועט פאַרשווינדן ווערן אונטערן וואַסער. די באָברעניעווער לייט איז פאָרגעשטאַנען זיך איבערצו־טראָגן אויף אַ ניי אָרט. פאַרן אָנהייבן די שלאַכט האָבן די פויערן נישט מסכים געווען אויף דעם. נאָך די מענטשן מיט די מעסט־אַפּאַראַטן זענען אָבער אָנגעקומען טויזנטער אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנפירן מאַטעריאַלן צו דער שלאַכט, האָבן געבויט וועגן, אַוועקגעשטעלט פאָרפּאָסטנס, רעדוטן, באַסטיאָנען, מיט די מענטשן איז מיטגעקומען רייכקייט, מונטערקייט, מעגלעכקייטן פאַר אַרבעט, — און אין אַ יאָר אַרום זענען די באָברעניעווער לייט שוין געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז זיי טאַקע געלונגען אָנצוציִען די געקומענע: די געקומענע האָבן פאָרגעלייגט איבערצוטראָגן און אויפסניי אויפבויען דאָס דאָרף באָברעניעוו אויפן אייראָפּעישן שטייגער, אַלס מוסטערהאַפט דאָרף. די פויערטעס אָבער האָבן פאַרלאַנגט, אַז באָברעניעוו זאָל איבערגעטראָגן און אויפגעבויט ווערן פונקט אַזוי ווי עס איז געווען פריער, און האָבן מיט שטריק־לעך, מאַכנדיק קנופּן, אָנגעצייכנט די ברייט און הייך פון די סופיטן, טירן, פענסטער, כדי דערנאָך צו פאָדערן, אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערן פּינקטלעך אַזוי, ווי עס וועלן אָנווייזן זייערע קנופּן. די מענער האָבן געטוען קליגער — זיי זענען געגאַנגען אַרבעטן אויפן בוי־פּלאַץ, און אָנגעהויבן אַהיימברענגען רובלס, אַ נייעם אופן פון טראַכטן, ביכער, זאַטקייט, שמועסן וועגן אומגעווייינטלעכע זאַכן. דאָ איז געבויט געוואָרן אַ יונגער טייך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נישט דורך דער געאָלאָגיע, נאָר געמאַכט געוואָרן דורך אַ מענטש.

מאָסקווע, אָקע, פּאָאָטשיע. דער טייך האָט איבערגעבויט די געאָלאָגיע. עס זענען אויסגערעכנט געוואָרן די פּראָפילן פון די

טייכן אָקע, מאָסקווע, קליאַזמע, זייערע געלעגערס, זייערע געאָלאָ-גישע גרונט-פּלאַכן, דער כוח פון זייער שטראָמיקייט, — דאָס אַלץ, וואָס עס גיט די וויכנשאַפט וועגן טייך-וועזן. די הייך-פּלאַך פון טייך מאָסקווע הינטער די שטעט מאָסקווע און קאָלאָמנע אינטערשיידט זיך קוים אויף זיבן מעטער, דאָס הייסט, אַז דער טייך מאָסקווע הינטער דער שטאָט מאָסקווע ליגט העכער פון טייך מאָסקווע הינטער קאָלאָמנע, — אין באַצוג צו דער ים-פּלאַך — אויף זיבן מעטער. אַלזאָ, אויב מען וועט הינטער קאָלאָמנע אויסבויען אויפן טייך מאָסקווע אַ טאַ-מע די הייך כאָטש פון אַכט מעטער, וועט דאָס וואַסער פון טייך מאָסקווע אָנהייבן פליסן צוריק. די טאַמע הינטער קאָלאָמנע — דער מאָנאָליט — האָט געדאַרפט באַטרעפן פינפאונצוואָנציק מע-טער, מיט דער אויסרעכענונג, אַז דאָס וואַסער פון דער אָקע, וואָס וועט אָפּשטויסן צוריק דאָס וואַסער פון טייך מאָסקווע, זאָל נעמען פליסן אין דער ריכטונג פון מאָסקווע. הינטער דער אַלטער שטאָט ראָסטשיסלאַוול, הינטער קאָלאָמנע, הינטער בראָניצע האָבן זיך געשאַפן ריזיקע אָזיערעס, רעזערוואואַרן פון נייעם טייך, וואָס האָבן געענדערט די געאָגראַפיע. די בוי-גריבער אונטערן מאָנאָ-ליט האָבן אַנטבלויזט דעם גרונט פון טייך, ווי יאָרהונדערטער פון די אַרכעאָלאָגן. די אַרכעאָלאָגן האָבן זיך געזעגנט מיט די יאָר-הונדערטער.

דער יולי-טאָג האָט זיך געשטעלט אַ גאָלדיקער, אַ טויאיקער, מיט לייכטע וואָלקנדלעך אייפן הימל. פּימען סערגעיעוויטש איז כמעט די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

זיבן אַ זייגער איז אין עסצימער פון הויז פאַר די צוגעפאָ-רענע אַריינגעקומען דער טיכטיקער אַלטער, דער אַרכיטעקט און געזעלשאַפטלעכער טוער. די אַרבעט-אויפזעער און טעכניקער, ערנסטע מענטשן אין הויכע ברעזענטענע שטיוול, האָבן שווייגנ-דיק געגעסן זייער געפרעגלטס, געטרונקען קאַווע און אַוועקגעגאַנ-גען צום קאַמף. הינטערן הויז האָבן אין פּלאַם פון דער אַרבעט גע-

טיטשעט די עקסקאַוואַטאָרן. די בחנטע קעלנערינס אין זייערע ווייסע פאַרטיכלעך האָבן געקלונגען מיטן געפעס.

אויף דער וואַנט פון עסצימער, אויפן ברעט פאַר מודעות איז געווען אַרויסגעהאָנגען דער געוויינטלעכער טעגלעכער באַפעל. די אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון צענטויזנט בוי-אַרבעטער, איז געווען באַזאָרגט מיט אַלץ, וואָס עס דאַרף פאַרמאָגן אַ געזעלשאַפט, וואָס באַשטייט פון צענטויזנט מאַן, אָנהייבנדיק פון מיליציאַנט ביז אַ ראַדיאָ-סטאַציע. די וואַנט-צייטונג איז געווען אַ געדרוקטע. פימען סערגעיעוויטש האָט זי אָנגעהויבן צו לייענען, וואַרטנדיק אויף סאַדיקאָוון.

דער פעליעטאָן איז געווען געווידמעט די פאַרנאַכלעסיקער פון דער אַרבעט. אין פעליעטאָן איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז אויף דער בויאונג איז געקומען צו פאָרן אַ קינאָ-אָפּעראַטאָר, — ער פאָטאָגראַפירט טיפּן פון פוילאַקעס. דאָס בילד פון איינעם פון זיי איז געווען צוגעקלעבט אין דער זייט. דער חברהמאַן איז געלעגן מיטן פנים אַראָפּ, מיט די פיס און די אַקסלען אַרויף און איז געשלאָפן מיט אַ ריטל אין דער האַנט. עס איז געמאָלדן געוואָרן וועגן אַ קאָנקורס אויף אַ רעפּרעזענטאַנט פון די פוילאַקעס. אין דער פרויען-אָפּטיילונג זענען אויסגעלאַכט געוואָרן די עלעגאַנטקעס. די קאַריקאַטור האָט פאָרגעשטעלט אַן אינזשיניער אָדער טעכניקער מיט אַ פנים פון אַ פאַרפירער, אין אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע, מיט אַ צענדליק הענט, וואָס האַלטן אַרומגענומען אויף איין מאָל אַ פלאַש פאָרטוויין, אַן אַרבעטערין אין אַ טיכל, אַ פריילין אין אַ היטעלע און אַ מעסט-אַפּאַראַט. אין לייטאַרטיקל איז גערעדט געוואָרן וועגן דעם, אַז די בויאונג שטעלט מיט זיך פאָר די באַפרייאונג פון אַרבעט און פון דער מענטשלעכער צייט, וואָס עס דערגרייכט דער ראַטנפאַרבאַנד. אויף דער בויאונג האָבן זיך געפונען צוויי קינאָס, אַן אַרבעטער-טעאַטער אונטערן נאָמען „די בלויע בלוזע”, אַ לעבעדיקע צייטונג און זיבעצן באַוועגלעכע ביבליאָטעקן; זיי האָבן געמאָלדן וועגן זיך אין דער וואַנט-צייטונג. אין צווייטן לייטאַרטיקל איז אַרומגערעדט און געטאַדלט געוואָרן

די פאַרגעוואַלטיקונג פון אַן אַרבעטערין דורך דריי גראָב־אַרבעטער, און די שבתדיקע בעלער פון די טעכניקער אויפן גאָלוטווינער וואָקזאַל. אויפן מודיעה־ברעט פון די אינזשיניערן איז מיטגעטיילט געוועז וועגן אַ צענדליק פאַרזאַמלונגען, אַ צענדליק געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, דער סדר־היום פון די לעקציעס, וואָס זענען געלייענט געוואָרן פאַר די אַרבעטער, קאָמוניקאַטן פון דער אינזשיניריע־לייטונג, פאַראָרדענונגען פון דער טעכנישער ביוראָ, באַקאַנטמאַכונגען וועגן די נײַ־אָנגעקומענע עקזעמפּליאַרן פון די אויסלענדישע בוי־זשורנאַלן.

פימען סערגעיעוויטש האָט ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין זיך די אויספרישענדיקע לופט פון דידאַזיקע באַפעלן פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט און אויסגעמאָסטענעם אימפּעט. זיי האָבן געגעבן צו פילן, אַז דאָ שמעקט אַלץ מיטן זעלבן נייעם, וואָס אין דעמדאָזיקן קאָלעקטיוון עסצימער פון סאָסנע־האָלץ, מיט זיינע נייע ווענט, נייע טישן, נייע טישטיכער, נייער וויטרינע מיטן גאָלדיקן קלעביקן פעך, וואָס טרעט אַרויס אויף די פענסטער־ראַמען. די פאַרגעוואַלטיקונג פון דער אַרבעטערין איז געווען אַ נידערטרעכטיקייט. די נאַרישע בעלער מיט די געשמינקטע מאַשיניסטינס אויף דער באַן־סטאַציע זענען געווען פיליסטעריע, — דאָס אַלץ איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם וויכטיקן, דעצידירנדיקן, שכלדיקן — אין דער בויאונג.

פימען סערגעיעוויטש האָט געוואַרט אויפן אינזשיניער סאַדיקאָוו. די אינזשיניערן און די טעכניקער זענען זיך צעגאַנגען, דער פּראָפעסאָר איז געבליבן אַליין. ער האָט געפרעגט די קעלנערין אין ווייסן פאַרטוך:

— וואָס האָב איך דאָ איבערגעלייענט אין דער צייטונג, עפּעס אויסוואורפן האָבן אַ מיידל... פאַרגעוואַלטיקט? וואָס איז דאָ עפּעס אַזוינס?

— דאָס איז נאָך גאָרנישט, — האָט די קעלנערין שטרענג געענטפערט און בייז אַ קלונג־געטון מיט אַ טעלער. — ביי אונז

האָט זיך איינעם אַן אינזשיניערס אַ פּרוי אויפגעהאָנגען. מיר וועלן אים ווייזן ווער אַזוינס מיר פּרויען זענען !...

און זי איז שטיל געבליבן, נישט וועלנדיק מער רעדן, און אַוועקגעגאַנגען הינטער דער פּאַרצוימונג. פּימען סערגעיעוויטש האָט נישט קלאָר דערהערט אירע ווערטער, וואָס זענען געווענדט געווען צו איר חברטע :

— מיר וועלן זיכער גיין, מיר וועלן אים ווייזן ווי אַזוי...

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש סאַדיקאָוו איז געקומען מיט אַ פּאַרשפּעטיקונג. די באַדינערינס האָבן זיך אָנגעטוען, נישט לייגנדיק קיין שום אַכט אויף פּימען סערגעיעוויטשן און שושקענדיק זיך דורכגעשמועסט הינטער דער פּאַרצוימונג. סאַדיקאָוו איז געקומען אַ מרה-שחורהדיקער, אַ פּאַרטוענער, אַ מידער און ענערגישער, זיינע שטיוול זענען פּאַרשמירט געווען ביז איבער די קנכעלעך מיט פרישער בלאָטע, דער שטערן איז געווען פּאַרשוויצט פון דער זון און ביז אין דער העלפּט אָפּגעברענט צוליבן דאַשיק. סאַדיקאָוו איז געווען דער הויפּט-אינזשיניער פון דער בויאונג, — אָבער קוקנדיק אויף אים, אויף דעמדאָזיקן אינזשיניער פון וואַרשטאַט, האָט לגמרי נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס איז ער טאַקע דאָ דער הויפּט-אינזשיניער, דער מאַרשאַל ; הויפּט-אינזשיניערן, ווייל זיי קומט אויס אָנצופירן מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן, צענדליקער מיליאָנען געלט און אַרבעטן מיטן מוח, — זענען געוויינטלעך קאַבינעט-מענטשן, אַרומגערינגלט מיט סעקרעטאַרן און ראַפּאָרטן, — די קאַבינעטן שאַפן אַ פוכיקע ווייסקייט פון פּנים און טוען אָן אין ווייכע אַנצוגן, — פון סאַדיקאָוון אָבער האָט געשמעקט מיט ערד, דער צעקנעפּלטער קאָלנער פון זיין העמד האָט אַנטבלויזט זיינע אָקסלביינער, ער איז ענלעך געווען צו אַ פּשוטן מייסטער, און קיין סעקרעטאַרן האָבן זיך נישט געדרייט אַרום אים. פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ האָט ליב געהאַט דעמדאָזיקן מענטש פון גראָדליניקע אידעען און גראָדליניקע מעשים.

באַלד נאָכן אינזשיניער סאַדיקאָוו איז אין עסצימער אַריינ-

געקומען דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק, וואָס איז געקומען צו פֿאָרן פֿון קאָלאָמנע.

— אַנטשולדיקט פֿאַר דער פֿאַרשפּעטיקונג, — האָט סאַדיקאָוו הויך און אַזוי ווי געניים געזאָגט. — נעכטן איז געשטאָרבן מיין געוועזענע פֿרוי, וואָס איז געווען נאָך מיר די פֿרוי פֿון אינזשיניער לאַסלאָ. זי האָט זיך אויפֿגעהאָנגען, היינט איז איר לוויה. באַלד וועלן מיר אַריבערגיין אין ביוראָ, עס וועלן אייך באַלייגט ווערן די ראַפּאָרטן, איך האָב שוין אַלע וועגן דעם מודיעה געווען.

סאַדיקאָוו האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק ביים טיש און אַוועקגעלייגט די הענט אויפֿן טיש. די זון האָט בולט געצייכנט דאָס היטל אויף זיין געגאָלטן קאָפּ. די באַדינערינס האָבן אויפֿגעהערט צו קלינגען מיטן געפֿעס. די זון האָט געלויכטן ווי פֿריער.

ווי אַלץ חזרט זיך איבער! אָלגאַ איז שוין מער נישט געווען לאַסלאָס ווייב, — דאָס ווייב, דער אַלטער פּימען, דער לאָמבאַרד אין דער צערקווע פֿון אַלטן פּימען, די פּיעטשאַרער היילן, די טשעטי-מינעיס, — דאָס אַלץ איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ערגעץ אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, אין די יאָרצענדליקער, אין גאָרנישט, — דאָס געפֿיל פֿון הילפֿסלאָזיקייט אין די פּיעטשאַרער היילן איז קראַנקייט, אָבער די קנייטשן פֿון אָנגעשטרענגטן טראַכטן אויפֿן שטערן פֿון אַ מענטש זענען דער שטאָלץ פֿון דער מענטשהייט.

פּימען סערגעיעוויטש האָט באַהאַלטן זיינע אויגן הינטער די ברעמען און פֿעסטער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. דער צופֿאַל פֿון די געשעענישן, דאָס איבערחזרן זיך פֿון די דערשיינונגען — האָבן זיך אָנגעהויבן צו סיסטעמאַטיזירן.

עס האָט אַ פֿייף-געטון דער לאָקאָמאָטיוו פֿון דער קליינער פֿעלד-באַן, וואָס איז דורכגעפֿאָרן. עס האָט זיך צעוואָיעט די סירענע.

— פֿאַרוואָס האָט זי זיך אויפֿגעהאָנגען? — האָט דער פּראָפֿעסאָר געפֿרעגט.

— דאָס איז אַ פֿאַרוויקלטע געשיכטע, — האָט סאַדיקאָוו געענטפֿערט, — איך האָב מיך געדאַרפֿט זען מיט לאַסלאָ, כּדי צו

פרעגן אים, צי ער וועט זיין אויף דער לוויה, וואָרים אַז נישט וואָלט איך געגאַנגען. מיר איז שווער צו רעדן וועגן דעם, פּימען סערגעיעוויטש.

סאַדיקאָוו האָט געשוויגן אַ ווײַלע.

— אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז לאַסלאָס ערשטע פרוי, אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, געווען אַמאָל אײַער פרוי ?

— יאָ, — האָט פּימען סערגעיעוויטש געענטפערט.

— זי וואוינט אין קאָלאָמנע צוזאַמען מיט דער טאָכטער ליובאָוו פּימענאָוונאַ פּאָליעטיקאַ און אַליסאַ לאַסלאָ.

דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק האָט אײַליק און מיט פאַרוואונ־דערונג אַ פרעג־געטון :

— ליובאָוו פּימענאָוונאַ איז אַ פרײַלין פון אַ יאָר דרײַסיק־צוואָנציק ?

— יאָ, דאָס איז מיין ווייב און מיין טאָכטער, — האָט פּאָ־ליעטיקאַ געזאָגט.

— ליובאָוו פּימענאָוונאַ אַרבעט בײַ די אַרכעאָלאָגישע אויס־גראָבונגען, זי איז אַ קאָמוניסטקע, — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט.

דער שמועס איז אויף דעם אָרט איבערגעריסן געוואָרן, ווייל אין עסצימער איז אַרײַנגעקומען דער שלעפּער איוואַן אָזשאָגאָוו, אַ וועכטער אויף דער בויאונג, אַ מענטש מיט צעטראָגענע אויגן. ער האָט אײַליק זיך באַגריסט מיט דער האַנט מיט די באַדינערינס, מיט סאַדיקאָוון און פּאָליעטיקען, זיך פאָרשטעלנדיק יעדן באַזונ־דער : — „דער עכטער קאָמוניסט ביז טויזנט נײַנהונדערט אײנאונ־צוואָנציקסטן יאָר, איוואַן אָזשאָגאָוו !". ער האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן פּאָלטאָראַקן, פאַרקרימט דאָס פּנים אין אַ שרעקלעכער גרי־מאַסע פון פאַראַכטונג, אַ דרײַ־געטון מיטן הינטן, פאַרלייגט די הענט אויפן רוקן און געזאָגט : — „מיט אײַך וויל איך מיך נישט באַגריסן, איר, שעדיקער, קאָנט זיך קושן מיט מיין ברודער !" — ער האָט נאָכאַמאָל זײַטיק אַ קוק־געטון מיט פאַרזשמורעטע אויגן און תמעוואַטע צעשפּרייט די ליפּן, זיך אויסגעדרייט צו פּאָליעטי־

קען, צוגעלייגט די הענט צום האַרץ און מיט אַ ציטעריק קול פון געריררטקייט אויסגעשריגן:

— דאָס זענט איר עס טאַקע דער אַלטער באָלשעוויק, פּראָ־פעסאָר פּימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ?! איך דאַרף מיך נייטיק מיט אייך דורכשמועסן.

אַרום עלף אַ זייגער אינדערפרי איז דער פּראָפעסאָר פּאָליע־טיקאַ מיטן אינזשעניער סאַדיקאָוו אַרויסגעגאַנגען פון ביוראָ אויף אַן אינספּעקציע איבער דער בויאונג.

די בוי־אַרבעט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער צענדליקער קוואַדראַט קילאָמעטער. אויף די לאָנקעס, וואו עס זענען אין משך פון יאָרהונדערטער געפלאָסן די טייכן מאָסקווע און אָקע, האָבן געאַרבעט צענטויזנט אַרבעטער, — טאָג און נאַכט אָן אויפהער. זיבן טויזנט ערד־גרעבערס, פירער און פירערינס פון טאַטשקעס, שטיינקלאַפּערס, טשעסלערס, מאַלאַרעס, סטאָלערס, גיסערס און אַנדערע אַרבעטער האָבן, צוזאַמען מיט מאַשינען, איבערגעבויט די נאַטור. אַ רוסישער „נאַמי", כאָטש פּאָליעטיקאַ האָט קרום געקוקט אויף אויטאָמאָבילן, האָט אָפּגעפירט סאַדיקאָוון מיט פּאָליעטיקען צום מאָנאָליט. פּאָליעטיקאַ האָט געוואָלט זען, ווי אַזוי עס ווערן צוגעבויט די אָרעמס מיטן שלאָס, — יענץ אָרט, וואו דער מאָנאָ־ליט פאַרייניקט זיך מיט דער געאָלאָגיע. די הייב־ווינדעס האָבן אויסגעלייגט שורות פון גראַניט־שטיינער, צעשמעטערטע דורך גע־פרעסטער לופט. הונדערטער טאַטשקע־פירערינס האָבן אַוועקגעפירט די ערד. דער אָנפירער פון דער אַרבעט אין אַ שטרויענעם הוט, ווייסן העמד און שטיוול ביז צו די לענדן, האָט זיך באַמיט איבער־צוצייגן דעם איזשיניער סאַדיקאָוו, אַז מען דאַרף צוגעבן נאָך איין אַרבעטער־בריגאַדע, און זיינע ציין האָבן געפינקלט אין דער זון, גרייט צו בייסן כאָטש אפילו דעם גראַניט, מיט וועלכן און אין וועלכן מען האָט אַריינגעגראָבן די אָרעמס פון מאָנאָליט. די אָקע האָט אויסגעבויגן איר געלעגער, אָפּפליסנדיק אויף צוויי קי־

לאָמעטער ווייט מיטן אָפּפיר-קאַנאַל. ביי די שלוזן האָבן געכאָרכלט, פאַרכליניענדיק זיך מיט וואַסער, די פּאָמפּעס. די בוי-גריבער האָבן אַנטבלויזט דעם גרונט פון דער אָקע, אירע זאַמדן, דעם גראַניט, די מושלעס. די ערד-שעפּערס פון די עקסקאַוואַטאָרן האָבן געגרילצט מיט זייער מאַסע, שעפּנדיק די ערד און איינגראָבנדיק זיך אין איר. פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ איז אַרויסגעגאַנגען אויף איינעם פון די גראַניט-שטיינער, זיך צוגעקוקט, באַטראַכט דעם פּלאַץ אַרום זיך, באַהאַלטנדיק די אויגן אונטער די ברעמען. איבער אים האָבן זיך געהאָרבעט די הייב-ווינדעס און אונטער אים, צופיסנס פון דער טאַמע, האָבן אין בוי-גרוב אַריין זיך אַראָפּגעלאָזט די רעלסן פון דער וואַגאָנעטקע-באַן. די גראָב-האַמערס האָבן געביסן דעם קאַלך-באָדן. די טאַטשקע-פירערינס האָבן געאַרבעט ביי די רעלסן. אונטער דער זון האָט געשמעקט מיט צעגראָבענער ערד און בע-טאָן. די טאַטשקע-פירערינס צופיסנס פון פּאָליעטיקען, הונדערטער געזונטע מיידלעך און ווייבער, אין פאַרביקע בלוזעס, רויטע טיכ-לעך אויף די קעפּ, באָרוועס און מיט פאַרשאָרצטע אַרבל, האָבן איינע נאָך דער אַנדערער געפירט די טאַטשקעס איבער די אויס-געלייגטע ברעטער, געשיט ערד אין די וואַגאָנעטקעס אַריין, און איבער אַנדערע ברעטער געגאַנגען מיט ליידיקע טאַטשקעס ווידער נאָך ערד.

דערדאָזיקער פּייזאַזש, וואו אַלס מאַרשאַלן אין קאַמף מיט דעם אַלטן רוסלאַנד פאַר אַ נייַ רוסלאַנד זענען געשטאַנען פּאָ-ליעטיקאַ און סאַדיקאָוו, איז גאָרנישט ענלעך געווען צו סיעראָווס בילד, אויף וועלכן פּיאָטר שפּאַנט איבער פּעטערבורג.

און דעמאָלט האָט נישט אין דער געהעריקער צייט זיך דער-הערט דער סיגנאַל-פייף.

די טאַטשקע-פירערינס האָבן אַוועקגעוואָרפן די טאַטשקעס אויף דעם סיגנאַל. די פרויען האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשטעלן אין רייען, האָבן אָנגעהויבן אַוועקגיין פון דער אַרבעט אין שטרענגע רייען, שווייגנדיק. אַ קילאָמעטער ווייטער, ביי דער קאָנסטאַנטי-נאָווער, האָט זיך אויך באַוויזן אַ פאַרביקער צוג פון פרויען.

דער המון האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין פון דער טאַמע. די פרויען זענען אַוועקגעגאַנגען אין גאַס אַריין.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט פּאָליעטיקאַ געפרעגט.

— איך ווייס נישט, — האָט פאַרוואונדערט געענטפערט סאַדיקאָוו.

די פרויען זענען אַוועקגעגאַנגען שווייגנדיק און ערנסט, ווי זעלנער.

אַן אַרבעט־אויפזעער איז אויף אַ וועליסאָפּעד געפאָרן דער־יאָגן די פרויען, ער האָט זיי דעריאָגט און איז אַראָפּ פון וועלי־סאָפּעד. די פרויען זענען דורכגעגאַנגען פאַר אים שווייגנדיק, זיך נישט אָפּשטעלנדיק. דער אַרבעט־אויפזעער האָט זיך אומגעקערט, דעם שטרויענעם הוט פאַררוקט אויפן נאַקן. די פרויען זענען אַוועקגעגאַנגען. איבער די פעלדער האָבן זיך געצויגן עטלעכע אַזעלכע פרויען־צוגן. דער אַרבעט־אויפזעער איז אַוועקגעלאָפן צום פעלד־טעלעפאָן.

— אַ שטרייק, צי וואָס? — האָט לויפנדיק אַ געשריי־געטון דער אַרבעט־אויפזעער און אַ פאָכע־געטון מיטן הוט.

סאַדיקאָוו האָט זיך געלאָזט גיין צום „נאַמי". פּאָליעטיקאַ איז אים שנעל נאָכגעגאַנגען. דער טעכניקער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און גענומען נאָכאיילן דעם „נאַמי". דאָס נישט אויפן אָרט אַוועקגעלייגטע טעלעפאָן־טרייבל האָט אַ פּישטש געטון און שטיל געבליבן. איבער דער לאָנקע אַקעגן „נאַמי" איז איילִיק געלאָפן דער פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָמיטעט. אויף דער קאָמענדע פון אומגעווײנטלעכן סיגנאַל האָבן די פרויען איבער דער גאַנצער בויאונג געוואָרפן די אַרבעט און זיך געלאָזט גיין קיין קאָלאָמנע. דער פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס איז גע־לאָפן מיטן גאַנצן אימפעט, איז, אַ פאַרשוויצטער און סאַפּענדיקער, אַ פאַל־געטון צו דער ערד, און ליגנדיק מיט אַ האַרץ גרייט צום פּלאַצן, געמאָלדן סאַדיקאָוון וועגן דעם, וואָס ער האָט נישט פאַר־שטאַנען. אין בִיוּראָ זענען אַלע געווען אויף די פיס, די טעלעפאָן־טרייבלעך זענען גרייט געווען צו שפּרינגען פון זייערע האַלטערס.

צום קאָלאָמנער אויספּיר־קאָמיטעט איז אַוועקגעפאָרן אַן אויטאָבוס, און פון אויספּיר־קאָמיטעט האָט איבער די לאָנקעס זיך געיאָגט אַ מאָטאָציקל. די עקסקאַוואַטאָרן האָבן אויפגעהערט צו כריפּען. די זון האָט געלויכטן ווי אינמיטן טאָג.

ראָסיי, רוסלאַנד, קאָלאָמנע: פּראָווינץ. אַ רויטער, האַלב־חרובער ציגל־פאַרקאַן שפּאַרט זיך אָן אויף דער צווייטער זייט גאַס אין איין עק אָן אַ געל־געפאַרבט הויז מיט אַ גאַניקל, און אין צווייטן עק — אָן אַ צערקווע, ווייטער ציט זיך אַ פּלאַץ, ווערבע־ביימער, זומערדיקער הימל, שאָסיי. אַ חזיר ליגט אין שטויב אינמיטן וועג. פון הינטערן ווינקל איז אַרויסגעפאָרן אַ וואַסער־פירער, דאָס חזיר האָט זיך נישט אָפּגערוקט, דער וואַסער־פירער האָט זיך פלינק אָנגעצילט און אַריבערגעפאָרן דעם חזיר איבערן ווידל, דאָס חזיר האָט גענומען ריטשען, זיך זעצנדיק אויף די הינטערשטע פיס. און נאָכן טירל — אַ גרינער הויף, שטאַכעטן פון אַ פאַרקנדל, אַ ווערענדע אין ווילדע ווײַנטרויבן, אַ הײַזל אין גרינעם שאָטן פון ליפּעס, אַ האַלב־חרוב באָד, שטילקייט, זון, אַ הונט אויף דער זון, זון־רויזן. אין די פענסטער צו דער גאַס אַרויס וואוינען די באַלעבאָסטעס פון הויז, די אַלטע שוועסטערן קאַפּיטאָלינאַ און רימאַ סקודרין. אין די פענסטער צום סאָד אַרויס, ביי דער ווערענדע, וואוינט פּאָליעטיקעס און לאַסלאָס פריערדיקע פרוי מיט אירע צוויי טעכטער, ליובאַ פּאָליעטיקאַ און אַליאַ לאַסלאָ. אין באָד האַלט זיך אויף, לעבנדיק איינזאַם מיט אַ הונט, דער שלעפער איוואַן אָזשאָגאָוו, קאַפּיטאָלינעס און רימעס אַן אייגענער ייִנגערער ברודער, וואָס האָט זיך געענדערט דעם נאָמען פון סקודרין אויף אָזשאָגאָוו.

עס רעדט זיך וועגן די שוועסטערן. קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונעס צימער איז זייער אָרים, אָבער זייער ריין אויפגערוימט. אַלץ איז דאָרט אײַנגעשטעלט שוין פון יאָר צענדליקער און זעט אויס אַזוי, ווי עס דאַרף טאַקע אויסזען אין צימער ביי אַן אַלט מיידל, אַ מיידל אַ זקנה, — דאָס בעט איז צוגעדעקט מיט אַ ווייס ליילעך, עס שטייט אַ טיש צו דער אַרבעט, אַ ניי־מאַשין, אַ מאַנעקין, אויף די פענסטער הענגען פאָרהענגלעך פון מושלין.

דידאָזיקע צווײ אַלטיטשקע, קאַפּיטאָלינאַ און רימאַ קאַרפּאָװ-נאַ, זענען געװען פֿון דור-דורות חשובע בירגערינס פֿון דער שטאָט קאַלאָמנע און דעם גאַנצן בירגערלעכן רוסלאַנד, נײטאָרינס, שנײדערינס, — און זענען קײנעם אַ חוץ זיך אײגנטלעך נישט נײטיק געװען. די שװעסטערן זענען געבוירן געװאָרן געראָקט מיט אַ יאָר, קאַפּיטאָלינאַ איז געװען די עלטערע. קאַפּיטאָלינעס לעבן איז דורכגעגאַנגען, געװינענדיק פֿאַר זיך די פֿולע אָנערקענונג פֿון דער בירגערלעכער מאָראַל, אײנגאַנצן װי אויף דער האַנט פֿאַר די אויגן פֿון דער שטאָטישער קלײנבירגערלעכער צניעות. באַשיט מיט ברכות פֿון דער גאַנצער שטאָטישער נישטיקײט, איז קאַפּיטאָ-לינאַ פֿאַררעכנט געװען פֿאַר אַ חשובע בירגערין. און נישט בלויז די גאַנצע שטאָט, נאָר אויך זי אַלײן האָט געװאוסט, אַז אַלע אירע שבתים זענען דורכגעגאַנגען בײ די נאַכט-תפֿילות, אַלע אירע טעג בײם העפטן און נײען בלוזעס און העמדער, טויזנטער אַרשין לײװנט און װאַליטשקע, אַז קײן אײן מאָל האָט איר קײן פֿרעמדער נישט קײן קוש געטון, — און בלויז זי אַלײן האָט געװאוסט דעם טעם פֿון יענע געדאַנקען, יענער װײטיק פֿון זױער געװאָרענעם לעבנס-װײן, װאָס מאַכן דאָס לעבן פֿאַר איבעריק, — און אין לעבן זע-נען דאָך געװען אי אַ קינדהײט, אי אַ יוגנט, אי אַ שפּעט-זומער, — און זי האָט קײן אײן מאָל אין זײַ נישט פֿאַרזוכט װאָס עס הײסט אַזוינס ליבע. זי איז אַרויסגעשטעלט געװאָרן אַלס מוסטער פֿון דער גאַנצער שטאָט, האָבנדיק פֿאַרזױערט איר לעבן מיט דער צניעות פֿון געשלעכט, פֿרומקײט, קאָלאָמנער מאָראַל.

אַנדערש האָט זיך צונױפֿגעלײגט דאָס לעבן פֿון רימאַ קאַר-פּאָװנאַ, װאָס איז אויך געװען אַ נײטאָרין.

דאָס איז געשען מיט אַכטאונצװאָנציק יאָר צוריק, האָט זיך גע-צויגן דעמאָלט דרײ יאָר — דרײ יאָר פֿון שאַנד פֿאַר גאַנץ קאָלאָמ-נע, און די שאַנד איז געבליבן אויפֿן גאַנצן לעבן. דאָס איז געשען אין יענע טעג, װען רימעס יאָרן האָבן זיך שױן אַריבערגעקײקלט די דרײסיקער, פֿאַרלירנדיק די יוגנט און װערנדיק האָפֿנונגסלאָז. אין קאָלאָמנע האָט געװאוינט אַ שטײער-באַאַמטער, אַ ליבהאָבער-

אַקטיאָר, אַ שיינער יונג און הילטיי. ער האָט שוין געהאַט אַ פרוי, געהאַט קינדער, און איז געווען אַ שיכור. רימאַ האָט זיך פאַרליבט אין אים, און געשיקט צו אַלדי טייוול די גאַנצע קאָלאָמנער מאָראַל, גייענדיק נאָכן רוף פון איר ליבע. אַלץ איז געשען אויף אַ שענדלעכן אופן פאַר גאַנץ קאָלאָמנע און זייער אומגעלונגען. נאָך קאָלאָמנע געפינט זיך דער סעמיבראַצקער וואַלד, הינטערן טייך מאָסקווע ליגט אַן אָפּגעזונדערט ווינקעלע, וואו מען וואָלט געקאָנט אין געהיים זיך צונויפטרעפן: רימאַ האָט זיך אָבער אָפּגעגעבן דעמדאָזיקן מענטש ביינאַכט אויפן בולוואַרל מיטן נאָמען „דאָס טעלערל", און די גאַסן־יינגלעך האָבן זיי אָבסערווירט פון הינטער די קוסטעס אַפער, כדי זיי צומאַרגנס צו שאַנד צו מאַכן. און רימאַ האָט קיין איין מאָל אין משך פון אירע אַלע שאַנד־יאָרן זיך נישט באַגעגנט מיט איר געליבטן אונטער אַ דאַך, נאָר זיך צונויפגעטראָפן מיט אים אין פעלדער און אויף די גאַסן, אין די חורבות פון קרעמלער מאַרינאַ־טורעם, אויף פאַרלאָזטע פישער־שיפּלעך, אפילו אין האַרבסט און אין ווינטער. דער מאַרינאַ־טורעם האָט געהאַלטן פאַרבאָרגן אין זיך נישט בלויז מאַרינאַ מנישעקס טויט, נאָר אויך רימעס ליבע. אויף דער גאַס האָבן רימען פרעמדע נאָכגעטייטלט מיט די פינגער, און די אייגענע האָבן זיך געמאַכט זי נישט דערקענען. אפילו די שוועסטער קאַפּיטאָלינאַ האָט זיך דעמאָלט אויך געהאַלטן פונוויטנס פון דער שוועסטער רימאַ. דעם אַקטיאָרס געזעצלעך ווייב איז געגאַנגען שלאָגן רימען און האָט נאָך אָנגערעדט די יינגלעך פון יענער זייט טייך אויך זי צו שלאָגן, — און קאָלאָמנע מיט אירע געזעצן איז געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם געזעצלעכן ווייב. רימען האָט מען מער נישט געגעבן קיין העמדער צו פאַרריכטן און העפטן, און זי האָט געהונגערט. רימאַ האָט געבוירן אַ טאָכטער, וועלכער מען האָט אַ נאָמען געגעבן באַרבאַראַ, — זי איז געוואָרן די עפנטלעכע באַשטעטיקונג פון אַלע שענדלעכע קלאַנגען און אַן אייביקער שאַנד־פלעק. רימאַ האָט געבוירן אַ צווייטע טאָכטער — קלאַוודיאַ, און קלאַוודיאַ איז געוואָרן דער צווייטער שאַנד־עדות. אין רימעס פּאַס איז פאַרצייכנט געוואָרן:

„האָט צוויי קינדער", „אַ מיידל", — פּונקט ווי עס וואָלט אין פֿאַררעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד פֿאַרצייכנט געוואָרן אין פּאַס פֿון מאַריען, קריסטוסעס מוטער. דער ליבהאָבער־אַקטיאָר פֿון שטייער־אַמט האָט רימען געשלאָגן, זי ליב געהאַט, געטרונקען בראָנפֿן, און אַוועקגעפֿאָרן פֿון קאָלאָמנע מיט זיין געזעצלעך ווייב. רימאַ איז געבליבן אַליין מיט צוויי מיידלעך, אין שרעקלעכער אָרימ־קייט און שאַנד; אַ פֿרוי, וועלכע איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ סך מער ווי דרייסיק יאָר.

און פֿון דעמאָלט אָן זענען שוין אַריבער כמעט נאָך דרייסיק יאָר, די צייט האָט אַלץ אָפּגערוקט און פֿאַרשטעלט מיט זיך, — און רימאַ ווייסט, אַז אין איר לעבן — איז געווען גליק, — איר לעבן איז פֿול, אויסגעפֿולט. די עלטערע טאָכטער, באַרבאַראַ, האָט גליקלעך חתונה געהאַט און האָט שוין צוויי קינדער. באַרבאַרעס מאַן איז אַ צייכנער. באַרבאַראַ איז אַ לערערין. די ייִנגערע, קלאַוו־דיאַ, אַרבעט אין אַ פֿרעבל־שול. רימאַ קאַרפּאָוונאַ פֿירט די באַלעבאַ־טישקייט, איז די אויפֿזעערין פֿון הויז, דער קאָפּ פֿון דער משפּחה. רימאַ קאַרפּאָוונאַ איז גליקלעך אין איר לעבן. די עלטער האָט זי געמאַכט נידעריק און דאָס גליק האָט זי געמאַכט דיק.

און קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ לעבט אַצינד בלויז מיטן לעבן פֿון רימען, באַרבאַרען, קלאַוודיען, און מיטן לעבן פֿון די אייניק־לעך. איר צניעות פֿון ביבלישן פֿייגנבלאַט און די גאַנצע קאָלאָמ־נער ערע און ערלעכקייט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר ווערטלאָז. קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ האָט נישט קיין אייגן לעבן. די צייט איז פֿאַרפֿלאָסן: רימעס ביאָלאָגישע ערע האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר שטאַר־קער פֿון קאַפּיטאָלינעס קאָלאָמנער ערע, די שאַנד האָט זיך פֿאַר־וואַנדלט אין גליק, וואָרים גאָרנישט קאָן נישט זיין מער ווי גאָרנישט. רימעס ערע אָבער האָט זיך געפֿאָרעמט ענלעך צו די שטראָמען און ברייטע אויסגוסן פֿון אַ טייך, געשטיצט דורכן מאָנאָליט פֿון ליבע. אין קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונעס צימער זענען געבליבן — אַ מאַנע־קין, אַ ניי־מאַשין און די אָפּגעשטעלטע צייט.

איבער קאָלאָמנע זענען אָפּגעשטאָרבן די גלאָקן.

רוסישע אַלטערטימלעכקייטן, רוסישע פּראָווינץ, די ברעגן פון דער אָקע, וועלדער, זומפּן, דערפער, מאָנאַסטירן, פּאָלוואַרקן. אין קאָלאָמנע געפינען זיך זיבנאונצוואָנציק צערקוועס און פיר מאָנאַסטירן. אַ קייט פון שטעט — טאַרוסאַ, קאַשיראַ, ראָסטשיסלאַוול, קאָלאָמנע, ריאַזאַן, קאַסימאָוו, מוראָם, שטיינערנע דענקמעלער פון מאָרדן און יאָרהונדערטער, גרויע שטיינער פון קרעמלס: אין מאַרינאַ־טורעם אין קאָלאָמנע איז געשטאָרבן מאַרינאַ מנישעק. אויב מאָסקווע איז אין דעם יאָר ענלעך געוועז צו אַ קעמפּנדיק פעסטונג, האָט קאָלאָמנע, מיט אירע כסדרדיקע שטייערן, רעק־רוטירונגען און רעקוויזיציעס, מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטאָט אין טיפן הינטער־פראָנט, וואָס האָט זיך אַריינגעלאָזט אין מלחמה דערפאַר, ווייל דאָס גאַנצע לאַנד האָט די מלחמה אונטערגענומען. די שטאָט פון קליינבירגער האָט געלעבט מיט פּראָפּעסיאָנעלע בײ־כעלעך און רייען פאַר די קראָמען. אין די קראָמען איז קיין סחורה נישט געווען, די סחורה איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויף די פראָנטן, און פאַר די קראָמען האָבן זיך געשאַפן צוויי רייען — פון אַזעל־כע, וואָס האָבן יאָ געהאַט אַרבעט־ביכלעך, און אַזעלכע, וואָס האָבן זיי נישט געהאַט. פונקט ווי אין די קינאָס — האָבן די פרייזן אויף בילעטן אויסגעמאַכט פינפאונצוואָנציק, פערציק און זעכציק קאָפּיקעס און פאַר די, וואָס האָבן געהאַט אַרבעט־ביכלעך — בלויז פינף, צען און פופצן קאָפּיקעס. די פּראָפּביכלעך אין קאָלאָמנע, אין די הייזער, וואו מען האָט זיי געהאַט, זענען געלעגן אויפן אָנגעזעעענסטן אָרט, לעבן די ברויט־קאַרטעס. די מענטשן פון די שטעט אין הינטער־פראָנט פאַלן אַריין, אין צייטן פון פרידלעכע מלחמות, אין אָרימקייט, בליאַקירן אָפּ, פאַרזינקען אין שטילקייט. די הייזער ווערן טויב, פאַרוואַקסן מיט קראָפּיווע. די רייען ביי די קראָמען זענען מרה־שחורהדיקע און פאַמעלעכע ווי די קליינ־שטעטלדיקע בין־השמשותן.

קאָלאָמנע איז נאָך געלעגן איינגעהילט אין דרעמלענדיקער שטילקייט און ברשיתדיקער, פאַרטאָגיקער גרויקייט, אַן אָנגעזאַפּטע

מיט ריחות פֿון פֿערדישן שווייס, ווען די ברידער בעזדיעטאָוו זע־נען אַרויסגעגאַנגען פֿון דער סטאַציע. דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק האָט זיי דעריאָגט מיט זיין דראָזשקע, פֿאַרהאַלטן דאָס פֿערד, אַראָפּגעשפּרונגען און אַ זאָג־געטון צו פּאַוועל פּעדאָראָוויטשן:

— מאָרגן ביינאַכט ביי סקודרינען.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין האָט געוואוינט אין זיין אייגן הויז אין זאַפּרודיע, ביי דער סקודרינער בריק. די ברידער האָבן זיך פֿאַרהאַלטן ביים וואַסער, וואו זיי האָבן אין פּאַרטאָגיקן נעפּל באַמערקט דעם אַלטן ביי דער גרעבליע. אין די נאַכט־וועש, אַ באָרוויסער, די רעכטע האַנט אַריינגעשטעקט אין אַ ריס פֿון העמד, אין דער לינקער — אַ צווייג פֿון אַ בוים, האָט דער אַלטער גע־פּאַשעט קי. די זון האָט אַפּערגערוקט אירע שטראַלן פֿון הינטער די פּאַשע־פֿעלדער, אָנגעטאַפּט מיט זיי די צלמים אויף די צערקוועס און דעם מאַרינאַ־טורעם. דער טוי האָט באַלד אָנגעהויבן קיל צו ווערן. איבער די קעפּ איז דורכגעפֿלויגן אַן איבערגעשראָקענע טשאַטע קאַווקעס. די שטאָט האָט אַ זיפֿץ־געטון מיט די גלאָקן, וואָס זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פֿון די גלאָקן־טורעמס. ווייט דאָרט, אויף דער בויאונג, ביי דער מינע־אַרבעט, האָט זיך דערהערט דער פּאַרטייבנדיקער טראַסק פֿון אַן אויפֿרייס. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש, פֿאַרזונקען אין פֿאַרטראַכטקייט, האָט נישט באַמערקט די בעז־דיעטאָווס. ווען ער האָט זיי דערזען, האָט ער זיך דערפֿרייט, גענומען קרעכצן, סאַפּען, שמייכלען, גיין אַקעגן זיי:

— אַאַאַ, די אויפֿקויפֿערס... און איך האָב פֿאַר אייך צוגעטראַכט אַ טעאָריע פֿון פּראָלעטאַריאַט... איר זענט געקומען...

— דו פּאַשעסט ? — האָט פּאַוועל בעזדיעטאָוו געפֿרעגט און זיך צעכעכעט.

— איך פּאַשע, — האָט דער אַלטער געענטפֿערט און אויך, ווי פּאַוועל פּעדאָראָוויטש, זיך צעכעכעט.

— אַזוי־אַזוי.

— אַזוי־אַזוי, אוודאי.

— גיסט אַכטונג ? האַלכט וואַך ? מלחמה־פֿירער, דו !...

— איך האַלט וואַך. וואָס דען ?... און פיר מלחמה, יאָ !...
איך האָב אייך אויסגעטראַכט אַן אידעע פאַר יעווגעני יעווגעניטשן.

— יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט באַפוילן צו זאָגן, אַז ער קומט צו דיר אין אָוונט. ער איז געקומען צו פאָרן צוזאַמען מיט אונז.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין דרייען, טרייבנדיק פאַר זיך די בהמות. עס זענען געפלויגן איבער זיי איבערגעשראָקענע טשאַטעס קאַווקעס, זיך אויפגעהויבן הויך, צום הימל, צו דער זון, נידעריק ביי דער ערד האָבן אַרומגעפלאַטערט שוואַלבן, זיך געזעגנט מיט דער נאַכט. עס האָבן געהודזשעט איבער דער שטאָט די גלאָקן, וואָס זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פון די גלאָקן-טורעמס. די גאַס איז פאַרזונקען געווען אין שווייגן פון די שוואַלבן, פאַרוואַקסן מיט דופּטיקן רימעניק, אַ פּוסטע און לערע, ווי אין די אַלט-צאַרישע צייטן. עס איז דורכגעפלויגן די לעצטע פלעדערמויז. די גרויע בהמות האָבן פאַמעלעך אַראָפּגעצופּט די קעפּלעך פון רימעניק. עס האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג.

סקודרינס הויז האָט זיך געהאָרבעט ווי אַן אַלטער בעטלער, מיט די אַרויסגעשטעלטע ציין פון די קאָלומנעס קעגן דער זון, מיט די טריב-געוואָרענע רעגנבויגנס פון די שויבן, פאַרוואַקסן אין גרויקייט, ווי מיט באַקנבערד. דאָס טירל פון הויף איז אַראָפּגעהאָנגען אין איין זייט אַריין. זיי זענען דורך דעם טירל אַריינגעגאַנגען, דורכגעגאַנגען די טעראַסע הינטער די קאָלומנעס און אַריינגעקומען אין צימערן פון אַכצענטן יאָרהונדערט, שוואַרץ געוואָרענע, ווי געטרוקנטע שוואָמען.

פון הינטער אַ טיר האָט זיך אַרויסגערוקט די טאָכטער קאַטערינע אין אַ נאַכט-העמד, מיט נאַקעטע ליטקעס, די ברוסט פאַרשטעלט מיט אַ האַנט. זי האָט געמאַכט אַ קניקס פאַר די געסט, בשעת איר פנים, טעמפּ, ווי אַ שטיק האָלץ, האָט זיך ווייטיקלעך פאַרקרימט. דער אַלטער האָט אָנגעטון פילץ-שטיוול. די אויגן ביי די געסט זענען געוואָרן לער, ווי די אויגן-לעכער ביי מתים. די

אַלטע האָט זיך אויסגעפּרעגט וועגן געזונט, מכבד געווען מיט מילך. עס האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג. די געסט האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן זיך דורכשלאָפן, און זיי האָבן זיך געלייגט צוזאַמען אויף אַן איבערבעט, וואָס איז אויסגעשפּרייט געוואָרן אויף דער פּאָדלאָגע אין זאַל, אויסטוענדיק די סורדוטן און בלייבנדיק אין די הויזן. איבערן הויז, איבער דער גאַס האָט אַ ברום-געטון אַ פּאַלנדי-קער גלאָק, עס האָבן זיך צעקלונגען די שויבן און עס האָט אַ ציטער-געטון דאָס הויז.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין האָט געוואוינט אין זאַפּרודיע, ביי דער סקודרינער בריק, אין זיין אייגן הויז, וואו די צייט האָט זיך פאַרהאַלטן אין איר לויף. די רעוואָלוציע האָט נישט אָנגערירט זיינע פינפאונאַכציק יאָר. ער האָט אַפּנים קיינמאָל נישט געהאַט קיין יוגנט. ער האָט געלעבט, כּדי זיך אַליין אָפּצונאַרן מיט דער עלטער. ער האָט אַלץ געדענקט, — נישט מורא געהאַט פאַרן לעבן און דורכגעפּירט זיינע חשבונות מיטן לעבן, ווי מיטן זון אַלעק-סאַנדער. דער אַלטער האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ זייער פאַר-שיווע שמייכעלע, וואָס איז געווען איינצייטיק אי הכנעהדיק, אי רוגזהדיק, — זיינע טריבע אויגן האָבן געטרערט, ווען ער האָט געשמייכלט. ער האָט זיך געשאַפן אַן אייגענע ליניע אין לעבן, אַ שליימיקע און צעקרימטע, ווי אַן אָשינע-צווייג, אַן אויסגעווייקטע אין זומפּ. דער אַלטער האָט געלעבט מיט אַ האַרט לעבן, איז גע-ווען האַרט, ווי האַרט עס זענען געווען זיינע זין, וואָס זענען אין אים אַריינגעראָטן.

דער עלטסטער זון אַלעקסאַנדער איז נאָך אין נייַנצענטן יאָרהונדערט, ווען דער פאָטער איז שוין געווען אַ זקן, אַוועקגע-שיקט געוואָרן מיט אַ נייטיקן בריוו צו דער שיף, וואָס איז אָפּ-געגאַנגען קיין ריאַזאַן; ער האָט די שיף פאַרשפּעטיקט און גע-קריגן אַ פּאַטש פון פאָטער, מיט די ווערטער: „עס איז דיר נישט איילִיק, אויסוואורף!" דערדאָזיקער פּאַטש איז געווען דער לעצטער

טראָפּן משפּחה־האָניק פאַרן ייִנגל, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען קוים פערצן יאָר. דאָס ייִנגל האָט זיך אויסגעדרייט, אַוועקגעגאַנ־גען פון שטוב און זיך אומגעקערט אַהיים ערשט אין זעקס יאָר אַרום אַלס סטודענט פון פּאָליטעכנישן פּעטערבורגער אינסטיטוט. דאָס איז געווען אויף דער שוועל פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט. דער פּאָטער האָט אין משך פון די יאָרן אַרויסגעשיקט אַ בריוו צום זון, אין וועלכן ער האָט אים באַפוילן זיך אומצוקערן אַהיים, אַז נישט וועט ער אים נישט געבן זיין פּאָטערלעכע ברכה און פאַרשעלטן אויף אייביק.

דער זון איז געווען געראָטן אין פּאָטער אַריין: ער האָט אויפן זעלבן בריוו, אַ ביסל נידעריקער פון פּאָטערס אונטער־שריפט, צוגעשריבן: „כאַפּט זי דער טייוול, די ברכה אייערע!" און דעם פּאָטער צוריקגעשיקט דעם בריוו. ווען אַלעקסאַנדער האָט אין זעקס יאָר אַרום נאָכן פאַרלאָזן די היים, אין אַ זוניקן פרילינגדיקן טאָג זיך באַוויזן אין זאַל, האָט דער פּאָטער מיט אַ פריידיקן שמייכל און אויפגעהויבענער האַנט זיך געלאָזט גיין אַקעגן אים, כדי אים אַ קלאַפּ צו טון. דער זון האָט מיט אַ פריילעכן שמייכל, וואָס האָט געאָטעמט מיט קראַפט, אָנגענומען דעם פּאָטער ביי די הענט, וואָס האָבן זיך דערפילט ווי אין צוואַנגען, אַוועקגעזעצט אים ביים טיש אין אַ פּאָטעל אַריין און פריילעך אַ זאָג־געטון:

— גוט מאָרגן אייך, פּאָטער. צוואָס זיך דענערווירן, פּאָ־טער? זיצט, פּאָטער.

דער פּאָטער האָט אָנגעהויבן סאַפּען, מרוטשען, כיכיקען; איבער זיין פּנים איז דורכגעלאָפן אַ בייזער שמייכל. דער פּאָטער האָט אַ געשריי־געטון צום ווייב:

— מאַריושאַ, דערלאַנג, כי־כי, אַ ביסעלע בראָנפן, אַ ביסע־לע בראָנפן דערלאַנג אונז, טייבעלע, קאַלטן פון קעלער אַרויס, און פאַרבייסעכץ עפּעס אַ קאַלטס! אויסגעוואַקסן דער זון, אויסגע־וואַקסן, געקומען דער זון אויף אונזער גליק, דער צוויגן־זון...

דער זון איז אין דער צייט געגאַנגען אין די וועגן פון פּאָ־טער, — ער איז געוואָרן אַן אינזשיניער, און אַקעגנשטעלנדיק זיך דער

רעוואָלוציע, געבראַכן דעם קאָפּ אָן איר; ער איז ערגעץ אין אַ קרייז-שטאָט צוגעשטעלט געוואָרן צום ווענטל אין אַ קעלער און געפאַלן פון אַ רעוואָלווער-קויל אויפנעמענדיק די קויל מיט רויִקע און האַס-אָנגעלאָדנטע אויגן. דער פאָטער האָט זיך אַרויסגע-וויזן אַלס פיפיקער פון זון, באַמיענדיק זיך אָפּצונאַרן די רעוואָלוציע, נישט גלייבנדיק קיינעם, — נישט דעם זון, נישט דער רעוואָלוציע.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשס זין זענען געווען: אַן אינזשיניער, אַ גייסטלעכער, אַ טאַנץ-אַקטיאָר, אַ דאָקטאָר, נאָכאַמאָל אַן אינזשי-ניער, — און קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון פאָטערס הויז, אַלע האָבן זיי געבראָכן די קעפּ אָן דער רעוואָלוציע, איבערלאָזנדיק דעם אַלטן צו כיטרעווען אין לעבן. אַרום טויזנט ניינהונדערט ניינאונצוואָנציקסטן יאָר האָבן יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשס עלטערע אייניקלעך שוין חתונה געהאַט, אָבער זיין יינגסטע און איינציקע טאָכטער איז ערשט אַלט געווען ניינצן יאָר. דעם אַלטן איז גאָרנישט געבליבן פון זיין פאַרגאַנגענהייט, וועלכע ער האָט קולטיווירט. דער זון אַלעקסאַנדער איז געווען פאַר אים אַ דערינע-רונג פון ערע.

די לעצטע פערציק יאָר האָט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש גע-ליטן פון אַ גריזשלע, און ווען ער איז געגאַנגען, האָט ער מיט דער רעכטער האַנט דורך אַ ריס אין די הויזן זיך אונטערגעהאַלטן דידאָזיקע גריזשלע. זיינע גרינע הענט האָבן געליטן פון וואַסער-געשווילעכץ. זיין ברויט האָט ער באַזאַלצן גראָב פון אַלגעמיינעם זאַלץ-מעסטל, געקנאַקט מיט די ציין דאָס זאַלץ און די רעשט צו-ריקגעשיט אין זאַלץ-מעסטל אַריין. די לעצטע דרייסיק יאָר האָט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש זיך אָפּגעוויינט צו שלאָפן ווי אַ מענטש. ער פלעגט אויפוואַכן אין מיטן דער נאַכט, זיך אַוועקזעצן צו דער ביבעל אָדער אַוועקגיין פּאַשען די בהמות ביז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. דערנאָך ערשט האָט ער זיך געלייגט און געשלאָפן ביזן האַלבן טאָג אַריין. נאָך האַלבן טאָג פלעגט ער אַוועקגיין אין לייען-זאַל אַריין לייענען די צייטונגען — אויף אויסצושרייבן אַ צייטונג האָט ער קיין געלט נישט אויסגעגעבן. די לעצטע צען יאָר האָט ער

זיך באַמיט צו לעבן מיט שלויקייט. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש איז געוועזן אָנגעבלאָזן דיק, אינגאַנצן גרוי און האָט געהאַט אַ גרויסן פּליך. ער האָט פריער לאַנג געקרעכצט און געסאָפּעט איידער ער פלעגט אָנהייבן צו רעדן. דאָס הויז פון די סקודרינס האָט אַמאָל געהערט צום גוטסבאַזיצער וויערעיסקי, וועלכער איז רויִנירט געוואָרן נאָך דער פויערן־באַפרייונג און באַקומען דעם אַמט פון אַ געוויילטן פרידנס־ריכטער. נאָכן דורכמאַכן זיין מיליטער־דינסט, האָט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש געאַרבעט אַלס שרייבער ביי וויערעיסקין, זיך אויסגעלערנט באַנוצן מיט אַלע כיטרע געריכטס־דריידלעך, און ווען יענער איז רויִנירט געוואָרן, אָפּגעקויפט ביי אים דאָס הויז צוזאַמען מיטן טיטל פון פריוואַטן געריכטס־ראַטגעבער, ספּעציאַליסט אין פויערן־ענינים. דאָס הויז איז געשטאַנען אומבאַרירט פון יעקאַטיערינעס צייטן אָן, איז שוואַרץ געוואָרן אין משך פון די אַנדערהאַלבן יאָרהונדערטער עקזיסטענץ, ווי דאָס מאַהאָגן־מעבל אינעווייניק מיט די פאַרגרינטע שויבן. דער אַלטער האָט אַלץ געדענקט, — אי דעם פריץ פון זיין דאָרף, ביי וועלכן ער האָט נאָך געדינט אַלס לייב־אייגענער, אי די רעקרוטירונגען, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן פאַר סעוואַסטאָפּאָל. ער האָט נעדענקט די צייט פון לייב־אייגנטום, ווי דעם זון אַלעקסאַנדער. פאַר די לעצטע פופציק יאָר האָט ער געדענקט אַלע נעמען, פאָטער־און פאַמיליען־נעמען פון אַלע רוסישע מיניסטאָרן און פאָלקס־קאָמיסאַרן, פון אַלע אַמבאַסאַדאָרן ביים צאַרישן רוסישן הויף און סאָוויעטישן ציק, פון אַלע אויסערן־מיניסטאָרן פון די גרויסע מלוכות, פון אַלע קיסרים, קעניגן, פויפּסטן און פּרעמיערן, — דער אַלטער האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון זיינע יאָרן און פלעגט זאָגן:

— איך האָב איבערגעלעבט ניקאָליי פּאַוולאָוויטשן, אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן, ניקאָליי אַלעקסאַנדראָוויטשן, — וועל איך אויך איבערלעבן אַלעקסיי איוואַנאָוויטשן.

אין הויז האָבן זיך אויפגעהאַלטן — דער אַלטער, זיין ווייב, מאַריאַ ימאָוונאַ און די טאָכטער קאַטיערינאַ. אַ דאַנק דעם אַלטנס שלויקייט, האָט דאָס הויז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע געלעבט

אַזוי, ווי מענטשן האָבן געלעבט אַ שטיק צייט פאַר דער יעקאַטיעריי-נע-עפּאָכע, אפילו פאַר דער פּיאָטר-עפּאָכע. די אַלטע האָבן זיך דער-נערט מיט גרינוואַרג. פון אינדוסטריע האָבן זיי באַנוצט אין הויז בלויז — שוועבעלעך, נאַפט און זאַלץ, נישט מער. איבער די שוועבעלעך, נאַפט און זאַלץ האָט געהאַט צו זאָגן בלויז דער אַל-טער אַליין. מאַריאַ קלימאָוונאַ, קאַטיערינאַ און דער אַלטער האָבן פון פרילינג ביז האַרבסט געהאָדעוועט קרויט, באָרקעס, ריבן אוי-גערקעס, מייערן און לאַקריץ, וואָס זיי האָבן באַנוצט אָנשטאָט צוי-קער. אין די נעכט, ביז אין טעגעניש אַריין, האָט דער אַלטער גע-פּאַשעט די בהמות, איז אַוועקגעגאַנגען אויף די לאָנקעס, צום אָרט פון דער בוי-אַרבעט, האָט אַרומגעבלאָנזשעט אין נעפּל אַ באָרוויסער, אין די בלויזע נאַכט-וועש. ווינטער-צייט האָט דער אַלטער געברענט דעם לאָמפּ בלויז אין די שעהן ווען ער האָט געלייענט די ביבעל, די איבעריקע צייט זענען די מוי-טער מיט דער טאָכטער געזעסן אין דער פינסטער. נאָך חאַלבן טאָג פלעגט דער אַלטער אַוועקגיין אין לייען-זאַל אַריין: איינצוי-זאַפּן אין זיך די נעמען און נייעסן פון דער קאָמוניסטישער רעוואָ-לוציע, די טאָכטער האָט זיך דעמאָלט אַוועקגעזעצט צום קלאַווי-קאָרד און גענומען איינחזרן קאַסטאַלסקיס תּפילה-לידער פאַר די צערקווע-כאָרן.

דער אַלטער פלעגט אַהיימקומען בין-השמשות-צייט, אָפּעסן און זיך לייגן שלאָפן. אין הויז האָט זיך דעמאָלט אַרומגעטראָגן דאָס פליסטערן פון די פרויען. אין די פאַרנאַכטן האָט קאַטיערינאַ זיך אַרויסגעגנבעט פון הויז צו אירע חברטעס, כדי מיט זיי צוזאַמען צו זינ-גען. דער פאָטער פלעגט אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט. דער אַלטער האָט פאַרלוירן די צייט, אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן טויט, זיך אויסגעלערנט מורא האָבן פאַרן לעבן. אין אַלטנס קעגנוואַרט האָבן די מוטער מיט דער טאָכטער געשוויגן. חוץ אין צערקווע אַריין, איז די מוטער אין ערגעץ נישט אַרויסגע-גאַנגען פון הויז. זי האָט געקאָכט קאַשע מיט באָרשטש, געבאַקן קעז-קיכלעך, געוואָלן און אויפגעשטעלט מילך, באַהאַלטן פּוטער-

געבעקס פאַר די אוראייניקלעך, זיך אָנגעטון אין אַ פינסטער חדר, דאָס הייסט, געלעבט אַזוי, ווי די רוסן האָבן געלעבט אין פופצענטן אין זיבצענטן יאָרהונדערט, זיך נערנדיק אויך אַזוי ווי אין זיבצענטן און פופצענטן יאָרהונדערט. מאַריאַ קלי־מאָוונאַ, די אײנגעטרוקנטע, אַלטפרענקישע זקנה, איז געווען אײנע פון יענע רוסישע פרויען־טיפּן, וואָס מען באַגעגנט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין די רוסישע דערפער צוזאַמען מיט די אַלטפרענ־קישע איקאָנעס פון גאָטס מוטער. דער האַרטער ווילן פון איר מאַן, וועלכער האָט צומאָרגנס נאָך דער חתונה, מיט פופציק יאָר צוריק, באַשפּייענדיק דעם פינגער, איר שמערצלעך געוויזן ווי אַזוי מ׳דאַרף פאַרקעמען די האָר איבער די שלייפן, דער האַרטער ווילן פון איר מאַן, וועלכער האָט ביז צום טויט אין אײזן־גע־שמידטע קאַסטנס אײנגעשלאָסן אַלע אירע פריידן, האָט זי געמאַכט אויף אייביק געהאָרכזאַם, נאָכגיביק און שווייגנדיק, האָט באַ־גרעניצט איר וועלט מיטן טירל פון פאַרקן.

די מוטער האָט געזוגגען מיט דער טאָכטער קאַסטאַלסקיס פסאַלמען. אין הויז האָט נאָך געלעבט דאָס רוסלאַנד פון פאַר דער פּיאָטר־עפּאָכע. דער אַלטער האָט אין די נעכט געלייענט די ביבעל, אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן לעבן. זייער זעלטן, איינמאָל אין עטלעכע חדשים, פלעגט ער אין די שטילע נאַכטשעהן צוקומען צום ווייבס בעט, שווער אָטעמען און שעפּטשען:

— מאַריושקאַ, יאָ, קכע, הם... דאָס איז לעבן, מאַריושקאַ, יאָ...

אין זיינע הענט האָט דאָס ליכט געציטערט, זיינע אויגן האָבן טרערנדיק געשמייכלט. מאַריאַ קלימאָוונאַ האָט אין שרעק איבערגעצלמט זיך און דעם מאַן. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט גע־מאַכט פינסטער.

הינטער די ווענט פון הויז איז אָנגעגאַנגען די רעוואָלוציע און עס געלעגן די שטאָט פון רעוואָלוציאָנערן הינטער־פראָנט. די טאָכטער קאַטיערינאַ איז געשלאָפן פון דער צווייטער זייט וואַנט. קאַטיערינאַ האָט געהאַט געלע, קליינע אייגעלעך, וואָס האָבן אויס־

געזען אומבאַוועגלעך פון צו לאַנגן שלאָפן. אַרום אירע אָנגעשוואָלענע וויעס האָבן אַ גאַנץ יאָר זיך געהאָדעוועט זומער-שפּרינקעלעך. אירע הענט און פיס האָבן אויסגעזען, ווי געמאַכט פון האָלץ, איר בוזעם איז געווען גרויס, ווי די אייטערס ביי די שווייצאַרישע קי. דער אַלטער האָט פאַרזאָרגט קאַטיערינען מיטן צניעות פון זיבצענטן יאָרהונדערט און דעם נדן, וואָס ער האָט באַגראָבן פאַר איר אין באָד אונטער דער פּאָדלאָגע.

דעם אָוונט האָט מאַריאַ קלימאָוונאַ, צום ערשטן מאָל אין משך פון די גאַנצע פופציק יאָר פון איר פאַרהייראַט לעבן, געזען יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשן טאַנצן.

ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים נישט אין דער געהעריקער צייט. זיין פּילצענער הוט איז פאַררוקט געווען זייטיק, אויפן קאַרק. דורכגעגאַנגען דאָס טירל און אַרויפגעקומען אויף זיין הונדערטיעריקן הויף, האָט ער מיט זיינע באָרוויסע פיס אָנגעהויבן אויספירן אויסטערלישע און פאַר זיין עלטער נישט פּאַסיקע טענץ. דאָ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש גליטשט זיך אויף ליזשוועס, דאָ האָט ער צוגעטופּעט, ווי אַ הוזאַר, דאָ ווידער אונטערגעטאַנצט אין טעמפּאָ פון אַ מאַזור, צוקלאַפּנדיק מיט די פּיענטעס, און אָנשטאָט אַ דאַמע, געהאַלטן דעם פּילצענעם הוט פאַר זיך. ער האָט גאָרנישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, וואָס עס איז שוין געווען נאַכט און עס האָט געגענט, — מאַריאַ קלימאָוונאַ האָט אפילו געזען, ווי דעם אַלטנס פּנים האָט זיך פאַרקרימט אין אַ גרימאַסע פון גליק אין דער איינער פון די לעצטע שעהן פון זיין לעבן.

ער איז אייליק אַריינגעלאָפן צו די אויפקויפערס און זיי אַריינגעפירט אין זיין קאַבינעט. אויף דער פּאָדלאָגע האָט ער נאָך יעדן טריט פון זיינע באָרוויסע פיס איבערגעלאָזט נאַסע שפּורן. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט אייליק אָנגעצונדן דאָס נאַפט-לעמפל און גענומען שושקענדיק רעדן מיט די אויפקויפערס.

— אויף דער בויאונג איז היינט פאָרגעקומען אַ בונט, אַ ווייַ־בערישער שטרייק. פּינקטלעך האַלב עלף, אויפן סיגנאַל פון פייפן נישט אין דער געהעריקער צייט, האָבן אַלע אַרבעטערינס אויף דער בויאונג געוואָרפן די אַרבעט און מחנותווייז, אין געשלאָסע־נע רייען, זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַריין, קיין לידער האָבן זיי נישט געזונגען. אין ראָג פון דער רעפין־גאַס האָבן זיי אָפּגע־וואַרט די לוויה פון דער סאַדיקאָוואַ, זיך געלאָזט גיין נאָכן ארון און גענומען זינגען דעם טרויער־מאַרש, און אַ סך ווייבער האָבן גענומען וויינען און יאָמערן ווי די פּאָקעס. עס איז אַ שטרייק, — מיר האָבן דערלעבט!...

— דעם דינאַמיט אויף די פּאַשע־פעלדער האָסטו? — האָט פּאַוועל בעזדיעטאָוו געפרעגט.

— היינט ביינאַכט, אין דעם ווייבערישן האַרעמידער, — וועט זיכער געלינגען...

די אויפקויפערס, פּאַרטראַכטע און שווייגנדיקע, האָבן אים אויסגעהערט שטייענדיק. די פנימער פון די רעסטאַווראַטאָרן האָבן אָנגענומען אַ שטרענגן אויסדרוק. דער אַלטער האָט געיובלט אין אומגעווײנטלעכער פריילעכקייט.

דער אינזשיניער יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַק איז געקומען צו פאָרן פּינקטלעך ניין אַ זייגער. ער איז צוגעפאָרן צום הויף אויף אַ דראָזשקע, איילִיק דורכגעגאַנגען דעם הויף, זיך אָפּגעשאָקלט פון רעגן אין פאָרצימער און אַריינגעגאַנגען אין קאַ־בינעט. קאַטערינאַ האָט דעמאָלט אין זאַל געזונגען קאַסטאַלסקיס תפילה־לידער, זיך אַקאָמפּאַנירנדיק אויפן קלאַוויקאָרד. זי האָט געזונגען זייער יעמערלעך.

איבערן ביכער־טיש אין קאַבינעט איז געשוואומען אַ קרישטאָלענע שיף, אַ געפּאַסטע אין בראָנז. אין דער שיף פלעגט מען אַריינגיסן קאָניאַק, כדי מיט דער הילף פון אַלקאָהאָל, וואָס איז דורכן קראַן פון דער שיף און דורך גלעזלעך אַריינגעגאָסן

געוואָרן אין מענטשלעכע העלזער, צו וואַנדערן מיט דער זעלבער שיף טאַקע איבער די וואָלטעריאַנישע פאַנטאַזיעס. די אויפקויפערס האָבן לכבוד פּאָלטאָראַקן אַריינגעגאָסן קאָניאַק אין דער שיף, און געשטאַנען שווייגנדיק לעבן איר אין די נעט־פּאַרקנעפּלטע סור־דוטן, אָבסערווירנדיק אַלץ מיט אומבאַוועגלעכע, ווי פאַרשטאַרטע אויגן. דער רעגן הינטער די פענסטער האָט באַשטעטיקט די האַרבסט־נאַכט.

ווי סקודרין, איז אויך יעווגעני יעווגעניעוויטש געווען דעם אָוונט אין אַן אומגעוויינטלעכער שטימונג. אַ מענטש פון אָרגאַני־זירטער אייראָפּעיִשער פעיִקייט צו קאָנצענטרירן זיין געדאַנק, האָט פּאָלטאָראַק דעם אָוונט עפּעס כסדר זיך געאיילט און אין זיינע קורצע שמועסן אויסגעהערט בלויז זיך אַליין, זיך איינהערנדיק אין דעם, וואָס ער האָט גערעדט, און האַלטנדיק וואַך איבער זיך. ער האָט זיך געאיילט און דאָך אַליין זיך קאַליע געמאַכט צייט.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט, אַ באָרוויסער, זיך געדרייט אַרום פּאָלטאָראַקן, זיך צוגעבויגן צו אים, דאָ כיכענדיק און קרעכצנדיק מיט אַ שלויער מינע אויפן פּנים, דאָ ווידער אַריינפאַלנדיק אין בייזער און זייער רויִקער ערנסטקייט. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט זיך געפילט אין זיין אייגענער הויט.

— איר האָט געהערט, יעווגעני יעווגעניעוויטש, — עס קומט פאָר אַ שטרייק ! — האָט סקודרין געזאָגט.

— יאָ, איך האָב געהערט, — אַ פּראָטעסט.

— ווי אַזוי פאַרשטייט איר דאָס, יעווגעני יעווגעניעוויטש ?

— ווי אַזוי איך פאַרשטיי דאָס ? — איך בין היינט געווען אויף אַ פּראָדוציר־באַראַטונג ביי די אַרבעטער. זיי דעצידירן שוין היינט — נישט בלויז וועגן דעם, וויפיל לוין פאַר זיך צו באַשטי־מען, נאָר האָבן אויך באַשלאָסן נישט איבערצוגעבן אין מיינע הענט די אָנפירונג מיט דער אַרבעט : זיי באַראַטן זיך, ווי אַזוי אַליין צו פאַרטרעטן די אינזשיניערן.

— און דער שטרייק פון די ווייבער — איינס שליסט זיך מיטן אַנדערן ? נישט בלויז די אַרבעטער, נאָר אויך די ווייבער

קומען שוין צום וואָרט? — האָט סקודרין שטיל געפרעגט און שטרענג צוגעגעבן: — היינט ביינאַכט הייבן מיר אָן, נישטאָ וואָס אָפּצולייגן.

— מען דאַרף אָנהייבן, — האָט נאָך סקודרינען איבערגע־חזרט דער עלטערער בעזדיעטאָוו.

— יאָ, מען דאַרף אָנהייבן, — האָט פּאָלטאָראַק באַשטע־טיקט, — קיין וואַסער איז אַצינד נישטאָ, מיר וועלן מאַכן בלויז אַ קליינע באַשעדיקונג... — און פּלוצלינג האָט ער מיט פּאַרוואונ־דערונג און ווי הילפסלאָז אַ פרעג־געטון: — און וואָס הערט זיך עפּעס, ווי פילט איר זיך, יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש? איר וואָלט גע־קאָנט דערהרגענען?

— וואָס הייסט, וואָס עס הערט זיך? — היינט ביינאַכט רייסן מיר דאָך אויף.

— היינט אויף דער באַראַטונג האָב איך אַרויסגעפילט, אַז די פּסיכיק ביי די אַרבעטער האָט זיך געביטן, -אַזוי אַז זיי זענען שוין דאָ — די באַלעבאַטים, די אויספירער, די ריכטער. יאָ, מען דאַרף אָנהייבן. איך זאָג, אַז אַצינד איז דאָ ווייניק וואַסער, און וואַסער איז שטאַרקער פון דינאַמיט. — פּאָלטאָראַק האָט זיך ווי־דער געגומען פּלאָנטערן. — יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש, איר וואָלט גע־קאָנט דערהרגענען?

— ווי אַזוי דערהרגענען?

— נישט קיין חילוק ווי אַזוי, נאָר — דערהרגענען?

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט זיך געפילט אין זיין אייגענער הויט.

— דערהרגענען? — האָט ער איבערגעחזרט די פראַגע און כיכענדיק אָנגעהויבן שנעל צו רעדן: — איך האָב צוגעגרייט פאַר אייך אַ געדאַנק, קכע, אַ געדאַנק וועגן מאַרקס׳ טעאָריע. מאַרקס׳ טעאָריע וועגן פּראָלעטאַריאַט — דאָס איז פּשוט אַ נאַרישקייט, און זי וועט שנעל פאַרגעסן ווערן, מוז אָן ספק פאַרגעסן ווערן, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט אַליין איז פאַרמשפּט אונטערצוגיין. היינט וועט די אָקע אָפּשווענקען די מענטשן. אָט אין וואָס מיין געדאַנק

באַשטייט, יאָ... און פֿון דעם איז צו זען, אַז די גאַנצע רעוואָלו־ציע האָט קיין זין נישט, איז אַ טעות, געמאַכט אויף אונזער הויט. עס וועלן דורכגיין נאָך אַ צוויי, דריי דורות, אין דער פּראָ־לעטאַריאַט וועט פֿאַרשווינדן, קודם־כּל אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן, אין ענגלאַנד, אין דייטשלאַנד. מאַרקס האָט אָנגעשריבן זיין טעאָריע פֿאַר דער אַרבעט פֿון די מוסקולן, מיינענדיק, אַז די מוסקול־אַרבעט וועט פֿאַרבלייבן אויף אייביק. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די מעכאַנישע אַרבעט פֿאַרטרעט אַצינד די מוסקולן. עס וועט נישט לאַנג געדויערן, ווי ביי די מאַשינען וועלן בלייבן בלויז די אינ־זשיניערן, און דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אינזשי־ניערן. ביי די מאַשינען וועלן זיך געפֿינען — בלויז פֿינף מענטשן, און אין ביוראָ — וועלן אַרבעטן פֿערציק, די ביוראָקראַטן וועלן ווערן פּראָלעטאַריער. אָט דאָס, קכע, איז מיין געדאַנק. און אַן אינזש־ניער איז נישט קיין פּראָלעטאַריער, וואָרים וואָס קולטורעלער אַ מענטש איז, אַלץ ווינציקער נאַרישע חשקותן האָט ער און אַלץ באַקוועמער איז אים צו לעבן אין גלייכע מאַטעריעלע באַדינגונגען מיט אַלע אַנדערע, אויסצוגלייכן די מאַטעריעלע גיטער, כּדי צו באַפֿרייען דעם געדאַנק, יאָ, קכע... איר וועט זאָגן, אַז די עקס־פּלאָאַטאַציע וועט בלייבן — יאָ, זי וועט בלייבן, וואָרים דאָס גע־פֿינט זיך אין בלוט, אָבער נישט די מאַרקסיסטישע עקספּלאָאַטאַציע. דעם פֿויער, וועלכן מען מעג עקספּלאָאַטירן, ווייל ער איז אַ חיה, וועט מען צו דער מאַשין נישט צולאָזן, ווייל ער וועט זי צע־בראָכן, און אַ מאַשין קאָסט מיליאָנען. אַ מאַשין קאָסט צו טייער, מען זאָל זיך וועלן איינברעננגען עטלעכע גראָשן אויפֿן מענטש, — דער מענטש דאַרף קאָנען די מאַשין, פֿאַר דער מאַשין איז נייטיק אַ מענטש, וואָס קען זי און אָנשטאָט, ווי אַמאָל, הונדערט מענטשן, איז היינט גענוג איינער. וועגן אַזאַ מענטש איז כּדאַי צו זאָרגן. — דער אַלטער האָט גערעדט, מאַכנדיק נאַרישע העויות, זשמורענדיק די אויגן פֿון הנאה, צוטרייסלענדיק מיטן קאָפּ, און זיך אונטערהאַלטנ־דיק די גריזשלע מיט דער האַנט. — ווי אַזוי איז געווען ביי אונז אַמאָל, — פּרוּווט נאָר פֿאַרגלייכן אַן אַמאָליקן סוחר מיט אַ פֿויער, —

דער סוחר האָט, ווי אַ פּאָפּ, זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, און וואוינט אין אַ פּאַלאַץ, זיך נאָכגעגעבנדיק אַלע תאוות. און איך קאָן מיר גיין באַרוויס און וועל דערפאַר נישט זיין ערגער, קכע, יאָ, נישט ערגער. דעם מענטש דאַרף מען ליב האָבן, דעם מענטש דאַרף מען שוינען. דעמאָלט טאָר מען נישט דערהרגענען.

פּאָלטאָראַק האָט נישט אויפמערקזאַם אויסגעהערט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשן, זיך איינהערנדיק בלויז אין זיך. ער האָט געטרונקען קאָניאַק, אַפנים כדי צו פאַרטייבן זיינע מחשבות. ער האָט איבער-געשלאָגן דעם אַלטן:

— וואַרט נאָר צו, יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש, דרייט זיך נאָר נישט אַרויס פון אַן ענטפער. איר וואָלט פעיִק געווען צו דערהר-גענען אַ מענטש — מיט די אייגענע הענט דערהרגענען?

— ווי אַזוי זאָל איך אייך זאָגן, — האָט סקודרין געענטפערט און אויסמיידנדיק זיך צעכעכעט, געגומען אונטערהוסטן און כראַקען.

— ניין, איר האָט מיך נישט ריכטיק פאַרשטאַנען, און אפשר יאָ ריכטיק. — פּאָלטאָראַקס ציין האָבן בייז אַ בלישטש-געטון מיטן גאָלד. — איך לייג אייך נישט פאָר קיינעם צו דערהרגענען. איך רעד בלויז פּרינציפּיעל, — צי מעג מען אָדער טאָר מען נישט דער-הרגענען?

— אָט ועט דאָך היינט ביינאַכט פאָרקומען אַ קליינער אויפ-רייס אויף דער בויאונג... ווי אַזוי זאָל איך אייך דאָס זאָגן... איך פּאַשע מיר די בהמות אויף דער לאָנקע, די קיעלעך מעלקעדיקע... איר געדענקט, ווי איר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט. פון אויפרייס וועלן פלוצלינג נעמען פליען אין איין זייט אַריין קעפּ, ווי באָמבעס, אין דער צווייטער זייט אַריין — פיס, און דאָס וואַסער וועט אַלץ אַראָפּשווענקען צום טייוול. דאָס איז דאָך אויך מאָרד.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן ערנסט, זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ רויִקן, כמעט יונגן אויסדרוק. די בעזדיעטאָווס האָבן כסדר געטרונקען און זיך צוגעהערט מיט

אומבאַוועגלעכע אויגן. יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַק איז אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן אַרומגיין, כמעט אַרומלויפן איבערן קאַבינעט. הינטערן פענסטער האָט גענומען פּויקן אַ האַסטיקער רעגן. דער ווינט האָט באַוואויגן די פאָרהענגלעך און דאָס פלעמל פון נאַפט-לעמפל.

— ניין, נישט דאָס האָב איך געמיינט, — האָט פּאָלטאָראַק אויסגעשריגן, און זיינע ציין האָבן ווידער אַ בלישטש-געטון. — דערהרגענען מיט די אייגענע הענט, אפילו נישט דערשטיקן, נישט דערשיסן און נישט פאַרסמען, — דערהרגענען, אפילו אָן בלוט.

— טייל מעגן און אַנדערע טאָרן נישט.

— ווער מעג און ווער טאָר נישט ?

— מיר פיר.

— וואָס מיר פיר ?

— מעגן דערהרגענען.

— פאַרוואָס ?! — האָט פּאָלטאָראַק אויסגעשריגן.

— דערפאַר וואָס מיר האָבן פאַרלוירן דאָס געוויסן, גאַנץ פּשוט. מיר ווייסן אַלץ און מעגן אַלץ. — יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט זיך צעכעכעט און באַלד ווידער אָנגענומען אַן ערנסטע מינע. — איך שעם מיך אפילו נישט צו רעדן וועגן געוויסן. איך טראַכט אָפּט און קאָן נישט אויסטראַכטן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל מיר פאַרבאָטן זיין. נעמט אין אַכט: אויב זיי וועלן דעם טייך פאַרשטעלן, און מיר וועלן די טאַמע נישט אויפרייסן, וועט גאַנץ זאַפּרודיע פאַרטרינקען ווערן, דאָס צימער וועט מיט וואַסער זיך אָנפילן, אָנשטאָט אונז, וועלן דאָ פיש אַרומשווימען, צו דער שיף נאָך אַ ביסל קאָניאַק קומען. און איך האָב דאָ אין דעם גוט דאָס ערשטע מאָל אויף די פיס זיך געשטעלט, און מיינע קינדער זענען דאָ געבוירן געוואָרן. איך — גיי פאַר רוסלאַנד, וויל נישט דאָ מיט די פיש אַרומשווימען, מיר איז מיט מיינע וואַנצן בעסער, ווי מיטן סאָציאַליזם...

די ברידער בעזדיעטאָוו האָבן מיט אַ שטרענגן טאָן פאַרבעטן צו זיך פּאָלטאָראַקן. פּאָלטאָראַק האָט, אַ פאַרלוירענער, פאַר-

נומען אַן אָרט לעבן זיי. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט זיך געקוויקט מיטן לעבן, און ערנסטער זיך אָנגעבויגן צו די פאַרשווערער.

— ביי מיר אין דער היים איז געשען אַן אומגליק, איך האָב דערהאַלטן אַ דעפּעשע, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט, — אַ דעפּע־שע פון מיין ווייב. גוט, לאָמיר רעדן וועגן אונזער ענין.

— לאָמיר רעדן וועגן אונזער ענין, — האָט דער עלטערער בעזדיעטאָוו איבערגעחזרט.

— וועגן אונזער ענין וועל איך איבערגעבן קורץ, — האָט סקודרין געזאָגט. — אַלץ איז גרייט, איך האָב אַלץ אַוועקגעטראָגן אַהין, וואו מען דאַרף. אַרום איינס אַ זייגער ביינאַכט וועל איך גיין פּאַשען די בהמות. איר, יעווגעני יעווגעניעוויטש, גייט צו אייער מיידל אָדער לייגט אייך ביי מיר. בקיצור, איך וועל אייך צופירן דורך די לאָנקעס, עס וועט קיינער נישט זען.

— מיר וועלן זיך טרעפן ביי דער גאָלוטווינער פּאָנטאָן־בריק, — האָט דער עלטערער בעזדיעטאָוו אַ מירמל־געטון.

— זעט איר, יעווגעני יעווגעניעוויטש, עס איז גלייכער איר זאָלט דאָ נישט בלייבן. מיר האָבן נאָך דריי שעה צייט. וועגן טויט און ערע איז אונז נישט כדאי צו רעדן. כאָטש איך בין נישט דערהווידער, — יעדער פון אונז האָט זיין ערע... איך, למשל, האָב מיין טאָכטער קאַטיע... איך לעב פאַר קאַטיען. און שטאַרבן היינט ביינאַכט האָב איך נישט בדעה.

— יעווגעני יעווגעניעוויטש, — איז דער עלטערער בעזדיע־טאָוו סאָליד אַרויסגעטרעטן, — איר האָט געזאָגט, אַז איר וועט זיך מיט אונז אָפּרעכענען אין קאָלאָמנע. די בעסטע צייט וואָלט געווען אַצינד דורכצופירן דעם חשבון.

— יאָ, יאָ, עס וואָלט גאָרנישט קרום געווען דאָס געלט צו באַקומען, — האָט סקודרין באַשטעטיקט.

— יאָ, דאַכט זיך, מיר האָבן טאַקע קיין סך נישט פאַרלוירן, אָבער דאָך עפּעס זייער ווערטפולס — דאָס געוויסן, — האָט פּאָל־טאָראַק אַ מירמל־געטון.

— און איך האָב נישט פאַרלוירן! — האָט זיך דערהערט אַ קול פון הינטערן פענסטער.

אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט צום פענסטער.

הינטערן פענסטער האָט אַ קלאַפּ־געטון דאָס אייזן פון דער רינע. עס האָט זיך גענומען שיטן דער טינק פון דער וואַנט, עס האָט זיך ברייט פונאַנדערגעפּראַלט דאָס פענסטער, און אין שיין פון לעמפּל האָבן זיך באַוויזן די הענט, דער קאָפּ און די ברוסט פון שלעפער איוואַן אָזשאָגאָוו, יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשס יינגערער ברו־דער פון איין טאַטן, וואָס האָט זיך געענדערט דעם נאָמען פון סקודרין אויף אָזשאָגאָוו. איוואַן אָזשאָגאָוו האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אָן פּאַראַפּעט. אויף זיין נישט באַדעקטן קאָפּ האָט געטריפט דער רעגן, די האָר האָבן זיך צוגעקלעפּט, און זיין פּנים, ענלעך צו אַן איקאָנע, האָט אויסגעדריקט משוגעת. דעם קאָלנער פון דער מאַרינאַרקע האָט אָזשאָגאָוו געהאַט אויפגעע־שטעלט, און דער אויסגעריבענער, געלעכערטער שניפּס איז אים פאַרפאָרן אין אַ זייט. אָזשאָגאָוו האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שטוב.

— און איך האָב נישט פאַרלוירן, — האָט אָזשאָגאָוו גע־זאָגט, — און פּראָפעסאָר פימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ האָט עס אויך נישט פאַרלוירן. מען דאַרף גיין מיטן שטראָם, נישט קעגן אים. איך האָב מיך היינט מיט אים דורכגעשמועסט... וואָס מאַכט איר עפּעס, — האָט אָזשאָגאָוו נאָך אַ ווײַלע שווייגן צוגעגעבן און זיך פאַרנייגט. — איר האָט געהערט, וואָס די פּרויען האָבן היינט אָפּגעטון? — די גערעכטיקייט טריומפירט ווידער! עס קערן זיך ווידער אום אונזערע צייטן. די מענטשן ווילן לעבן ערנפול.

אויף אָזשאָגאָווס באַגריסונג האָט געענטפערט בלויז פּאָלטאָ־ראַק. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש איז געוואָרן אומרויִק, האָט אַ ציטער־געטון און גענומען טרעטן מיט זיינע באָרוויסע פיס אויף איין אָרט.

און נאָכוואָס זענט איר דאָ אַהערגעקומען, ברודער? איר

מיינט, איך וועל דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ נישט זען ? — האָט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש געפרעגט.

— איך, ברודער, בין געקומען זען, וואָס עס טוט זיך עפּעס ביי דער קאָנטער־רעוואָלוציע ? — האָט אָזשאָגאָוו געענטפערט.

די בעזדיעטאָווס האָבן געשוויגן, אומרויִק זיך צוקוקנדיק מיט בלייערנע אויגן.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטשס פּנים האָט זיך פּיאָלעט אָנגעצונדן פון כעס און איינצייטיק אָנגענומען אַ טריומפאַלע מינע. אָנשטאָט אַ רעטעך, האָט עס אַציִנד דערמאַנט אַן אָפּגעקאָכטן בוראַק. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, זיך העפלעך צעלאַכט, פאַרקאַשערט די אַרבל פון די הענט און גענומען געשמאַק רייבן זיי איינער אָן דער צווייטער, ווי איין אַ פראָסט.

— ווייסט איר גאָר וואָס, ברודער, — האָט יאַקאָוו קאַר־פּאָוויטש גענומען צישען איינצייטיק זייער העפלעך און זייער פייערלעך, — טראָגט אייך אָפּ פון דאַנען צו אַלדע טייוולאָנים. איך בעט אייך זייער האַרציק וועגן דעם.

— אַנטשולדיקט, ברודער יאַקאָוו, איך בין נישט צו אייך גע־קומען. מיין פוס וועט אייער הויז נישט באַטרעטן, איך געפין מיך אויף נייטראַלן באָדן — אויפן פענסטער־גזימס. איך בין גע־קומען וואַרפן אַ בליק אויף דער היסטאָרישער קאָנטער־רעוואָלוציע און זיך מיט איר דורכשמועסן, — האָט איוואַן געענטפערט.

— און איך בעט אייך, — זיך אָפּצוטראָגן צו אַלדע רוחות. היינט איז אויף אונזער גאַס יום־טוב. און מיט פּאָליעטיקען וועל איך מיך אַליין זען.

— און איך וועל נישט גיין.

פּאַוועל פעדאָראָוויטש האָט פלעגמאַטיש אַ קוק־געטון מיט אַ בלייערן אויג אויפן ברודער סטעפּאַן און שטרענג געזאָגט:

— איינטענהן מיט משוגעים קאָנען מיר נישט. וועסט נישט אַוועקגיין מיט גוטן — וועל איך הייסן סטעפּאַנען דיך מיט קלעפּ צוועקטרייבן.

יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַק האָט געלעבט מחוץ די שוצגראָבנס פון דער געשיכטע. און ער איז געווען קראַנק.

ער האָט געלעבט מיטן לעבן פון יענע ספּעצן, וואָס, אין די אויגן פון אַנדערע, עקזיסטירן זיי קעגן אַלע סטיכישע געזעצן. אַ מיטבאַטייליקטער אין אַ צענדליק אינדוסטריעלע קאָמיסיעס, איז ער איינצייטיק געווען אַ שטענדיקער גאַסט אין יענער קליינער צאָל רוסישע קנייפּעס, וואו עס פלעגן פאַרברענגען די מאָסקווער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן דער סטיכיע מחוץ די שוצגראָבנס. אויף מיטאָג פלעגט ער קומען אין רעסטאָראַן פון גרויסן מאָסקווער האָטעל; אויף אָוונט־ברויט, פּאָקסטראָט און פאַרטאָגיקע באַגעגע־נישן — אין דער קנייפּע אַריין פון אַקטיאָרן־קלוב, וואָס האָט זיך געפונען אין פּימען־געסל (טאַקע הינטערן ליציטאַציע־זאַל), זיין זונטיק־רו האָבן אים פאַרשאַפט די ספּאָרט־געיעגן, און אין קאַסינאָ האָט ער גענאָסן די פאַרווײַלונג פון דער שבתדיקער קאָרטן־מע־טאַפיזיק. אָבער פּאָלטאָראַק האָט אויך געהאַט אַ היים, אין דעם זינען, ווי מען האָט דאָס וואָרט פאַרשטאַנען אַמאָל, — אַ ווייב, קינדער, אַ שטוב־מיידל אין אַ ווייס פאַרטעכל, פאַרקעמט אַזוי, ווי מען פלעגט זיך קעמען אין אָנהייב פון אונזער יאָרהונדערט, אַ קליינעם, פאַרן הויז ווירדיקן, קרייז פון פריינט, טעפּיכער, בראָנז־פיגורן, בילדער, מאַהאָגן־מעבל, סערוויזן, אַ שטרענגן טע־לעפאָן, וואָס פאַרנעמט מער צייט אויף אויספרעגן ווער עס רעדט און וועגן וואָס מען רעדט איידער אויף אמתע געשפרעכן. פּאָלטאָ־ראַק איז געווען אַ פּורן אויסער דער היים און אין דער היים גופא איז ער געווען אַ קמצן. די קינדער האָבן זיך געלערנט ענגליש. געסט פלעגן קומען אין הויז אַריין נאָר אויף איינלאַדונג. דעמאָלט האָט מען געקויפט ווײַן, פרוכטן, קאַוויאָר, אויסטערן, מען האָט אויסגעשטעלט דאָס פּאָרצעליי, און די באַלעבאָסטע האָט געמאָלדן וועגן יעדן ניי־אָריינגעקומענעם: „אינזשיניער דער־און־דער, אַן אומפּאַרטייאישער, אָבער *ששש*!... ער איז נאָנט צו זיי...” — קאָמוניסטן פלעגן אין הויז אַריין צו פּאָלטאָראַקן קומען זייער זעלטן, אָבער קומען פלעגן זיי דאָך, ווייל פּאָלטאָראַק האָט

זיך גערעכנט פאַר אַ ספּעץ, וואָס איז טריי איבערגעגעבן דער רעוואָלוציע. פּאָלטאָראַק האָט אין אַזעלכע פאַלן אָנגעטון אַ בלוזע. פּאָלטאָראַקס פרוי האָט אויסגעזען געעלטערט. אָפּגעגרעניצט דורך די ווענט פון איר הויז, האָט זי כסדר זיך געמאַטערט פאַר די קאַרגע רובלס, וואָס זי האָט באַקומען, צו דערהאַלטן דאָסדאָזי־קע הויז אויף דער געהעריקער, ווירדיקער שטופע.

פּאָלטאָראַק איז געווען קראַנק. ער האָט נישט געוואוסט ווען זיין קראַנקהייט האָט זיך אָנגעהויבן און ווי אַזוי דידאָזיקע קראַנק־הייט אָנצורופן. ער האָט כסדר געלעבט אין קרענקלעכער איילי־קייט, די פרייע צייט האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויף אים. ער האָט נישט געקאָנט בלייבן אַליין, עס האָט אים געצויגן צו זיין אומעטום. ער האָט געקרענקט אויף פרויען, פריי לאָזנדיק זיינע אינסטינקטן. ער האָט נישט געוואוסט אויף וואָס ער איז קראַנק, נאָר דער טויט אויף די לאָנקעס האָט אים אויסגעזען, ווי דער לאָגישסטער אויסגאַנג פון זיין סיטואַציע.

אַנדערהאַלבן וואָכן פאַרן אַרויספאָרן אויף דער בויאונג, איז פון קרים אָנגעקומען אַ דעפּעשע פון דאָקטאָר, וואָס האָט געהיילט דעם ווייבס שוועסטער. דער דאָקטאָר האָט טעלעגראַפירט וועגן דער שוועגערין: — „די לאַגע איז האָפנונגסלאָז, מיר האַלטן פאַר מעגלעך די קראַנקע אַהיימצונעמען" — די דאָקטוירים האָבן נישט ליב די קראַנקע זאָלן שטאַרבן ביי זיי אויף די הענט; די טעלע־גראַמע האָט באַטייט: אַז די קראַנקע וועט שטאַרבן אַ ליאַדע טאָג, און מען דאַרף זי אַהיימנעמען, זי זאָל שטאַרבן אויף די הענט פון אירע אייגענע. יעווגעניעוויטש האָט דידאָזיקע טעלעגראַ־מע באַהאַלטן, נישט געוויזן זי דעם ווייב, נישט האַלטנדיק פאַר נייטיק אַריינצוברענגען זי אין צערודערונג און אויסברענגען געלט אויף איבערצופירן די שטאַרבנדיקע. עס איז אָבער אָנגעקומען אַ צווייטע טעלעגראַמע — „מיר בעטן זיך צוצואיילן מיטן צונעמען די קראַנקע", — און דידאָזיקע טעלעגראַמע איז אַריינגעפאַלן צום ווייב אין די הענט.

דאָס ווייב איז מער ווי אַ שעה אָפּגעשטאַנען מיט דער טע־

לעגראַמע ביים מאַהאָן־טיש, אויף וועלכן זי האָט אונטערגעשריבן דאָס קוויטל פון דער פּאָסט, מיטן בליק פאַרהאַלטנדיק זיך און די צייט, און דערנאָך איז זי אָפּגעלעגן עטלעכע שעה אין בעט, מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין קישן, דעם נאַסן פון טרערן און צעביסענעם פון אירע ציין, וואָס דאָס האָט אויף אַ ווײַלע געלינדערט די זינלאָזיקייט און ווייטיק פון טויט. עס איז געשטאָרבן, אַוועקגעגאַנגען אין דער אַבסור־דאַלער ליידיקייט אַריין — די שוועסטער, יענער איינציקער מענטש, וואָס איז איר געבליבן אין לעבן פון דער קינדהייט, וואָס האָט דורכגעמאַכט מיט איר צוזאַמען דאָס גאַנצע לעבן, וואָס איז פאַר־בונדן מיט איר דורך דער ליבשאַפט פון פאַמיליע, פון משפּחה, פון בלוט.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט זיך אומגעקערט אַהיים אין אַ גוטער שטימונג, זיך געפילט מיד, געקלונגען דורכן טעלעפאָן, נישט באַמערקנדיק דאָס ווייב.

דאָס ווייב האָט געזאָגט מיט פאַרשטייפטע ליפּן:

— זי שטאַרבט.

און זיך צוגעטוליעט צום מאַן, כּדי אין זיין ווייטער און נאָענטער וואַרימקייט זיך צו באַהאַלטן, צו באַשיצן איר הילפסלאָזי־קייט פאַר דער שרעק און זינלאָזיקייט פון טויט.

דאָס ווייב האָט פונדעסטוועגן נאָך געפונען געווג כּוחות אין זיך, צו גיין פאַרזעצן דאָס זייגערל מיט דער בראָשקע, אירע כּלה־מתּנות, ווען דער מאַן האָט איר געזאָגט, אַז עס וועט אים נישט קלעקן קיין געלט אויף הוצאות, און דעם זעלבן אָוונט איז פּאָל־טאָראַק אַרויסגעפאָרן קיין קרים. דאָס ווייב האָט אים באַגלייט און געקויפט דעם בילעט — האַרטן וואַגאָן.

אין פּאָדאָלסק האָט יעווגעני יעווגעניעוויטש געטוישט דעם בילעט און זיך איבערגעטראָגן אין אינטערנאַציאָנאַלן וואַגאָן אַריין. פון די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט אויסגערעדט מיט זיין רייזע־שכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן געמיינזאַמע באַקאַנטע. פאַרן שלאָפן גיין זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין שפּייז־וואַגאָן, געטרונקען ווייסן ווײַן און געשמועסט וועגן דער רוסישער

אינטעליגענץ, וואָס ווערט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פאַר־טרעטן דורך ספּעצן און באַעוולט דורך דעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט די געזעלשאַפטלעכע דינסט פון דער אינטעליגענץ אינגאַנצן אויס־געשטראָכן פון אירע בילאַנסן.

פון סעוואַסטאָפּאָל ביז יאַלטע איז פּאָלטאָראַק געפאָרן מיטן אויטאָמאָביל, און קרים האָט אויסגעזען הערלעך. דער ים, די בערג, דער וועג, די יום־טובדיקע פּנימער פון די מענטשן, דער חודש יולי — אַלץ האָט אויסגעזען וואונדערלעך, און פּאָלטאָראַק האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען צוצוגעבן זיין פּנים אַ פאַרזאָרגטן אויסדרוק, ווען ער איז געגאַנגען צו וויעראַ גריגאָריעווגען.

קרים האָט געענדערט וויעראַ גריגאָריעוונען. פּאָלטאָראַק האָט זי געטראָפן אין אַ פּאָטעל אויף דער טעראַסע. זי האָט גע־נומען שמייכלען, פּאָכען מיט דער האַנט, אים געקושט אין שטערן. פּאָלטאָראַק האָט פאַרטריבן די פאַרזאָרגטקייט פון זיין פּנים, כדי אויסצוזען אַזוי, ווי ער זעט אויס שטענדיק.

זי האָט געזאָגט:

— אויסגעצייכנט. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז מיר איז שוין אינגאַנצן בעסער. מען דאַרף פאָרן קיין מאָסקווע, אין דער סאַנאַ־טאָריע הויכע בערג. דאָרט וועט מען מיך היילן מיט נייע מיטלען, חוצדעם — איז פאַר מיר דאָ שעדלעך די היץ. אין משך פון אַ חודש וועל איך שטיין אויף די פיס, און האַרבסט־צייט ווי־דער זיין אויף דער סצענע.

דאָס איז געווען דער ערשטער זאַץ, וועלכן וויעראַ גריגאָ־ריעוונא האָט אַרויסגערעדט.

פון פעברואַר, ווען זי איז אַרויסגעפאָרן קיין קרים, האָט זי זיך שטאַרק געענדערט — צום בעסערן. זי איז אָפּגעברענט גע־וואָרן, פולער געוואָרן, אירע באַקן האָבן באַקומען אַ ראָזע קאָליר, די אויגן זענען געוואָרן טיפער און שענער, און הערלעך זענען גע־ווען די בלויע שאָטנס אונטער אירע אויגן. חוץ די פיזישע שנויים, זע־נען אין איר פאָרגעקומען אויך פסיכישע ענדערונגען: וויעראַ גריגאָריעוונאַ האָט אויפגעהערט צו זיין שעמעוודיק און נייגעריק, —

זי האָט זיך כמעט גאָרנישט אויסגעפרעגט וועגן מאָסקווע, גלייך אָנגעהויבן דערציילן אין וועלכע שעהן זי מעסט זיך די היץ, ווען זי שוויצט, ווי אַזוי דער מאָגן קאָכט ביי איר, וואָס זי עסט. עס האָט זי זייער געפרייט דאָס קומען פון אַ נאָענטן מענטש, זי האָט געשפּאַסט און געלאַכט. יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט זיך באַמיט איר צו ענטפערן אין זעלבן טאָן.

דאָקטאָריש-פאַרזאָרגט און פאַרזאָרגט שפּאַסנדיק, האָט דער דאָקטאָר פאַרבעטן פּאָלטאָראַקן אין פּאַרק אַריין. אויף דער באַנק אין פּאַרק האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז די שווינזוכט האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף די קישקעס, דער טויט איז אומפאַרמיידלעך, און איר זענען פאַרבליבן צו לעבן טעג, אפשר נאָר שעהן. פּאָלטאָראַק האָט פאַרפּגלאָזט די אויגן, פאַרקנייטשט דעם שטערן. דער דאָקטאָר האָט אַ קוק-געטון אויף אים איראָניש, געשוויגן אַ ווײַלע און שפּאַסנדיק געזאָגט:

— נו נו, מיר וועלן אַלע זיין דאָרט!

פּאָלטאָראַק האָט אַ שמייכל-געטון, און ביידע האָבן פאַררייכערט פון דאָקטאָרס פּאָרטציגאַר.

— דערציילט, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אין מאָסקווע? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

אין דער צייט פון זון-פאַרגאַנג איז פּאָלטאָראַק געגאַנגען צום ים. דער ים איז געווען בלוי, אויף די שטיינער זענען דאָ און דאָרט אין קליינע גרופּעס געזעסן מענער און פרויען אין באָד-קאָסטיומען. פּאָלטאָראַק האָט באַגעגנט צוויי נאַקעטע באַקאַנטע פרויען פון אינזשיניערן, זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער מיט זיי וועגן נאַרישקייטן, געשפּאַסט אַ ביסל. דעם אָוונט האָט ער פאַרבראַכט מיט וויערא גריגאָריעוונען, ביי איר בעט, האַלטנדיק איר האַנט אין זיינע הענט. שפּעט אין אָוונט, ווען וויערא גריגאָריעוונאַ איז איינגעשלאָפן, איז פּאָלטאָראַק געגאַנגען מיטן דאָקטאָר, אונטער זיין אָנפירונג, אין גריכישן רעסטאָראַנדל אַריין אויף אַ גלאָז רויטן וויין. דער דאָקטאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס

שלעכטער באַגלייטער, און די באַקאַנטע פּרויען פון די אינזשי־
ניערן האָט ער אויך נישט געטראָפן אין דער היים.

אינדערפרי זענען וויעראַ גריגאָריעוונאַ און פּאָלטאָראַק
אַרויסגעפאָרן קיין סעוואַסטאָפּאָל. אין האָטעל אין סעוואַסטאָפּאָל,
וואו זיי האָבן פאַרבראַכט די עטלעכע שעה, וואָס זענען פאַר־
בליבן צו דער באַן, האָט וויעראַ גריגאָריעוונאַ געבעטן פּאָלטאָ־
ראַקן איר צוצוהעלפן זיך מאַכן אַן איריגאַציע. ער האָט איר גע־
ברענגט וואַרים וואַסער פון בופעט. דער צוג פון סעוואַסטאָפּאָל
קיין מאָסקווע איז אָפּגעגאַנגען ביינאַכט.

די קראַנקע, אַ מידע פון דער רייזע מיטן אויטאָמאָביל בין
יאַלטע, נישט באַוויזנדיק זיך אויסצוטון, איז איינגעשלאָפן באַלד
אויף דער סטאַציע, ווען דער צוג איז נאָך געשטאַנען.

אין קופּע האָט געהערשט אַ זאַטע שטילקייט. מילד האָט
זיך געשפּרייט דאָס לילאַ ליכט פון נאַכט־לעמפּל. יעווגעני יעווגע־
ניטש האָט זיך געפּילט אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג. דער טאָג,
פאַרבראַכט אין די בערג, און די רייזע מיטן אויטאָ האָבן אים
לגמרי נישט מיד געמאַכט. ער האָט זיך געלאַנגווייליקט, כל־זמן דער
וואַגאָן איז נישט איינגעשלאָפן. ער איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר
אַריין רייכערן, אַריינגעגאַנגען אין שפּייז־וואַגאָן אויף אַ גלעזל קאָ־
ניאַק. ביי דער סטאַציע דזשאַנקאָי האָט די קראַנקע אויפגעוואַכט, גע־
בעטן וואַסער, פאַרלאַנגט יעווגעניטש זאָל איר העלפן
זיך אויסטון.

ער האָט אָנגעהויבן אויפשנורעווען אירע שיך, איר אויסטון
די זאָקן. און דאָ האָט ער דערפילט, ווי עס הייבט אים אָן באַ־
פאַלן זיין קראַנקהייט, יענע קראַנקהייט, וואָס ער האָט נישט גע־
וואוסט פון וואַנען זי האָט זיך צו אים דערנומען.

— דאָס איבעריקע וועל איך שוין אַליין אויסטון, — האָט זי
געזאָגט. — האַלט מיך נאָר צו.

זי האָט אויסגעטון די בלוזקע, אויפגעהעקלט דאָס קלייד.
יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט זי אונטערגעהאַלטן ביי דער טאַליע.

— גיט מיר אַרויס די לאַטשן פון דער וואַליזע און דאָס

נאַכט־העמד, — האָט זי געזאָגט. — העלפט מיר זיך אָפּוואַשן. דרייט זיך אויס. דערלאַנגט מיר דאָס האַנטוך.

זי האָט גערעדט גלייכגילטיק, ווי מען רעדט מיט אַ דאָק־טאָר, — איר איז שווער געווען צו רעדן, גיין אַליין, עס זאָל זי נישט ווער אונטערהאַלטן, האָט זי נישט געקאָנט. יעווגעני יעווגע־ניעוויטש האָט איר געעפנט דאָס טירל פון דער וואַש־קאַבינע. זי האָט זיך אַרומגעגאַרטלט מיטן האַנטוך און אַראָפּגעלאָזט דאָס העמד פון די אַקסל, כדי זיך אָפּצוּוואַשן. זי האָט אָנגעטון דאָס נאַכט־העמד. יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט זי צוריקגעפירט צום בעט, זי געלייגט, איינגעדעקט אירע פיס אין דער קאָלדרע, זי האָט אים געבעטן, ער זאָל איר געבן צו טרינקען, איר גלייך מאַכן די קישנס. זי האָט זיך אַרונטערגעלייגט די האַנט אונטערן קאָפּ און גענומען שמייכלען, זיך אָפּרוענדיק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צופיסנס פון איר בעט, — אַ ציכטיק־אָפּגעוואַשענער, זעלבסטצופרידענער, אויסגערוטער מענטש. פאַר אים איז געלעגן אַ קראַנקע, זייער שיי־נע יונגע פרוי. ער האָט געפילט, ווי זיינע הענט הייבן אָן ציטערן. אירע אויגן האָבן פון צווישן די צונויפגעלעגטע וויעס באַטראַכט דעם קופּע, און עס האָבן זיך געטראָגן פון איר ריחות פון אויפ־רייצנדיקע פּערפומען. די נאַכט אין אינטערנאַציאָנאַלן וואַגאָן איז געווען אַ טויבע.

און דעמאָלט, האַלטנדיק די הענט אויף וויעראַ גריגאָריעווי־נעס קני, האָט יעווגעני יעווגעניעוויטש אָנגעהויבן רעדן. ער האָט גערעדט מיט אַ טאָן, אין וועלכן מענטשן זענען זיך געווינט־לעך מתוודה, מיט אַ טאָן פון פולשטענדיקן אמת, פולשטענדיקער אויפריכטיקייט. דאָס איז געווען אַן אַטאַק פון זיין קראַנקהייט.

— וואָס איז אַזוינס ליבע, וויעראַ גריגאָריעוונאַ, און וואָס איז אַזוינס לעבן? וואָס איז אַזוינס טויט? ווער ווייסט? און וואָס איז אַזוינס אמת? איך קען אַ סך אמתן, וואָס זענען נישט קיין אמתן. און איך קען זייער אַ סך נישט־אמתן, וואָס זענען געוואָרן גרויסע, זייער גרויסע אמתן. איך רעד נישט וועגן די אַלע שיי־נע מעשים, טרייהייטן, פליכטן, — דאָס אַלץ זענען נישטי־

קייטן אין אָנגעזיכט פון טויט. איר זענט קראַנק, וויעראַ גריגאָ־ריעוונאַ, — איר זענט זייער קראַנק. איר ווייסט, אַז איר קעמפט נישט מיט דער קראַנקהייט, נאָר מיטן טויט. גופא!... — טויט — דאָס איז נישטיקייט. איך גלייב נישט, עס זאָל דאָרט, אויף יענער זייט, נאָך עפּעס זיין, — און איר ווייסט דאָס אויך, וויעראַ גריגאָריעוונאַ. אַלע אמתן, אַלע כללים און אַלע מאָראַלישע פּרינ־ציפּן — זענען נישטיקייטן אין אָנגעזיכט פון טויט, ווייל דער טויט אַליין טאַקע איז אַ נישטיקייט, אַ זעראָ, — און אַ זעראָ, ווי אַ כפלער, פאַרוואַנדלט אַלץ אין זעראָ. — וואָס איז דאָס אַזוינס ליבע, וויעראַ גריגאָריעוונאַ? וואָס איז דאָס אַזוינס ליבע? עס זענען פאַר־האַן אַ סך מינים פון ליבע, וואָס זענען אָנגעקליידט אין פאַרשי־דענע אמתן. עס איז פאַרהאַן אַ ליבע, ווען מען דאַרף טויזנטער מאָל איבערחזרן דעם נאָמען פון דער געליבטער, און גאָרנישט מער. עס איז פאַרהאַן אַ ליבע, ווי אַ תפילה. עס איז פאַרהאַן אַ ליבע פון טרוימעריי. די נאַטור איז אַכזריותדיק, ווי דער טויט. די אַלע ליבעס זענען בלויז אַן איינליידונג צו יענעם איינציקן, וואָס עס גיט אונז די נאַטור און וואָס איז דעגראַדירט געוואָרן דורך דער מאָראַל, וועלכע איז אונז געבליבן פון מיטלאַלטערלעכן קריסטנטום, — צו געוויינטלעכער, קערפּערלעכער פיזישער ליבע, — איך שרעק מיך נישט צו באַנוצן דידאָזיקע ווערטער, — צו דער ליבע, ווי צו אַ פיזישן תענוג. אין אָנגעזיכט פון דעם זעראָ פון טויט — איז אַלץ נישטיק, די קערפּערלעכע ליבע געדויערט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס רוקט זיך נישט אָן דער זעראָ, אַלע אַנדערע אמתן, חוץ דעם איינעם, זענען נישט רעאַל. איר מעגט מיך פאַר־אַכטן, אָבער איך בין אויפריכטיק, איך רעד אין אָנבליק פון טויט, — איר ווייסט דאָס. ווער ווייסט וואָס עס וועט מיט אייך געשען אין אַ חודש אַרום? איך רעד אויפריכטיק, — איך וויל קושן אייערע הענט, אייערע אויגן, אייערע ברוסטן, כדי גאָרנישט אַוועקצוגעבן דעם זעראָ. איר זענט אַ פרוי, איר זענט אַ הערלעכע פרוי, וואָס קאָן פאַרשאַפן גליק. איך וויל, אַז איר — בעסער געזאָגט: אַז מיר ביידע — זאָלן איבערלעבן גליק, פיזיש גליק, פרייד, תענוג, דאָס, מיט

וועלכן מיר באַקעמפן דעם טויט. איך שרעק מיך נישט פֿאַר קיין ווערטער און מאָראַלישע קאָנוועַנצן, איך וויל אייך קושן שוין, — פֿאַר אייך אַליין, מעג דאָס זיין קעגן אַלע אמתן און מאָראַלן...

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט געריעדט ווי דער פֿיינסטער אָראַטאָר. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיי פֿאַרשטעלט מיט דער האַנט. ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן. ער האָט זייער איידל אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף וויעראַ גריגאָריעוונעס אַקסל. זי האָט די האַנט נישט אָפּגעשטויסן. ער האָט אַרויפֿגעלייגט דעם קאָפּ אויף איר ברוסט, ער האָט גערעדט. איר האַנט איז ווי פֿריער פֿאַרלייגט געווען אונטער איר קאָפּ. זי האָט צוגעלענט די אויגן. ער האָט געפּליסטערט. זי האָט זייער שווער געאָטעמט, נאָר איר האַרץ האָט כּמעט נישט געקלאַפּט...

צומאָרגנס האָט מיט וויעראַ גריגאָריעוונען זיך געמאַכט שלעכט. די טעמפּעראַטור אינדערפֿרי איז געשטיגן ביז פֿערציק, דער פּולס האָט אויפֿגעהערט צו קלאַפּן. וויעראַ גריגאָריעוונאַ איז געלעגן אין אַ טייך שווייס, מאַכטלאָז זיך אַ ריר צו טון אָדער עפּעס צו רעדן. פּאָלטאָראַק האָט אַרומגעזוכט אין צוג אַ דאָקטאָר און געפֿונען אין די נישט געבעטע וואַגאָנעס אַ סטודענט־מעדיצין. דער סטודענט האָט פֿאַרלאַנגט מ׳זאָל אין כאַרקאָוו אַרויסטראָגן די קראַנקע פֿון וואַגאָן, — פּאָלטאָראַק האָט נישט מסכּים געווען. אין כאַרקאָוו האָט מען דער קראַנקער איינגעשפּריצט קאַמפֿער, די שטאַרבנדיקע האָט אָוונט־צייט איינגעדרעמלט. פּאָלטאָראַק האָט געבעטן דעם קאָנדוקטאָר, ער זאָל בלייבן לעבן איר, און אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען אין שפּייז־וואַגאָן עסן מיטאָג, — דעם סטודענט, אַלס האָנאָראַר פֿאַרן וויזיט, האָט ער געשטעלט בראָנפֿן און ווייסן וויין. שפּעט ביינאַכט, שוין אין גרויס־רוסלאַנד, ווען יעווגעני יעווגעניעוויטש איז געשלאָפֿן אויף דער אייבערשטער באַנק, האָט אים וויעראַ גריגאָריעוונאַ איבערגעוועקט. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן זיין געלעגער.

— טייערסטער, — האָט זי געשעפּטשעט — דאָס האָב איך דיך איבערגעוועקט, איך רוף דיך שוין אַזוי לאַנג, און דו

הערסט ניִשט... קום צו מיר, איך וויל דיך נאָכאַמאָל קושן פאַרן טויט... איך שעם מיך פאַר מיך אַליין און פאַר דער שוועסטער... מיר איז זייער שרעקלעך, איך שטאַרב... — זי האָט אַרויסגעבּרענגט די ווערטער קוים באַוועגנדיק מיט די פאַרטרוקנטע ליפּן, אירע בלויע ליפּן האָבן געציטערט.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט געענטפערט :

— וואָס פעלט דיר איין, באַרויִק דיך, גיי לייג דיך, איך וועל באַלד...

— וואָס האָסטו געטון יעווגעני? — האָט וויערא גריגאָריעוונאַ ווידער אָנגעהויבן צו רעדן. — וואָס האָסטו געטון, דו האָסט מיך נישט ליב, — צי האָסטו מיך דען ליב? מיר איז אַ בושה פאַר דער שוועסטער. מיר איז שרעקלעך פאַר דער גאַנצער וועלט.

אין מאָסקווע האָט געגאָסן אַ רעגן. אויפן וואָקזאַל האָבן יעווגעני יעווגעניעוויטשן אָפּגעוואַרט דאָס ווייב מיט די קינדער. די שוועסטערן האָבן זיך צעקושט וויינענדיק. יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט צוזאַמען מיטן באַן־טרעגער געטראָגן די וואַליזעס און זיך אַריינגעזעצט מיט די פרויען אין אַ טאַקסי, די קינדער זענען געפאָרן מיטן טראַמוואַי.

— איך בין זייער דאַנקבאַר יעווגעניען, ער... — האָט וויערא גריגאָריעוונאַ געזאָגט. זי האָט פריער קיינמאָל נישט אָנגערופן פאָלטאָראַקן אָן פאָטערס נאָמען. זי האָט אַ קוק־געטון אויף אים ליבלעך. יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט איר אָפּגעענטפערט מיט קאַלטע אויגן. וויערא גריגאָריעוונאַ האָט טיף אויפגעאָטעמט. — ער... ער איז געווען זייער אויפמערקזאַם, ער... איז גאַנצע נעכט אָפּגעזעסן לעבן מיר און אַכטונג געגעבן איך זאָל האָבן רו, — האָט וויערא גריגאָריעוונאַ געזאָגט.

יעווגעני יעווגעניעוויטשס אויגן האָבן נישט אויפגעהערט צו קוקן פרעמד. דאָס ווייב האָט אַ קוק־געטון אויפן מאַן מיט דאַנקבאַרקייט.

אינדערהיים, אויף דער וואָלאַדימיר־דאָלגאָרוקאָווער גאַס, האָבן דער שווייצער מיטן הויז־וועכטער אַרויפגעטראָגן וויעראַ גרי־

גאָריעוונען אויפן דריטן שטאָק, כדי זי זאָל פון דאַנען אַראָפּגע־טראָגן ווערן דאָס לעצטע מאָל — שוין אין קבר אַריין. דאָס ווייב האָט זיך אַ וואַקל־געטון אין חלשות אויף דער שוועל פון קאַבי־נעט. וויערא גריגאָריעוונען האָט מען אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע אין קאַבינעט. דאָס ווייב איז אַריינגעגאַנגען אין קאַבינעט, כדי צו העלפן דער שוועסטער, און אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט, כדי צו וויינען שטילערהייט אין קאָרידאָר. יעווגעני יעווגעניעוויטש איז אַריינגעגאַנגען צו דער קראַנקער, זי האָט אים געעפנט די אויגן.

— ליבער, — האָט זי אַ פליסטער־געטון, — וואו איז די שוועסטער? וואָס האָסטו געטון מיט מיר?

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט זיך געמאַכט נישט דערהערן. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף דער טיר, אַרויסגעגאַנגען פון קאַ־בינעט, טראַגיש פאַרבראָכן די הענט, וואַרפנדיק אַ בליק אויפן ווייב, און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אַ שרעקלעכע זאַך — דער טויט, — האָט ער געזאָגט. — איך בין פולשטענדיק אויסגעשעפּט, מאָראַליש און פיזיש. איך בין דריי נעכט נישט געשלאָפן; דערצו האָסטו מיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז איך בין אַהין געפאָרן אויף נאַקעטע ברעטער. זי האָט דעם גאַנצן וועג גערעדט פון היץ. זי האָט עראָטישע האַלוצינאַציעס. זי איז נישט נאָרמאַל. דאָס איז אַ מת, וואָס הייבט אָן זיך פונאַנדערצופאַלן נאָך ביים לעבן, דאָס איז שרעקלעך... און דאָס פנים אירס, וואָס נאַרט: זי איז אַזוי שיין, ווי דו ביסט געווען אין דער יוגנט. אָבער דאָס אַלץ איז נאַרישקייט. דער טויט איז שרעקלעך...

דאָס ווייב האָט אַרומגענומען דעם מאַן אַזוי, ווי מענטשן נעמען זיך אַרום אין אַ גרויס אומגליק, כדי זיך צוצוטוליען צום פרעמדן און דאָך נאָענטן מענטשלעכן קערפּער און זיך געפינען ביי אים באַשיצונג. די קינדער האָבן געוויינט, זיצנדיק אויף די וואַלי־זעס. דאָס ווייב האָט היסטעריש געשליכצט און געשעפּטשעט:

— וואָס קאָן מען טון, וואָס קאָן מען טון, — אַזוי איז דאָס לעבן!

— איך בין אַבזוריותדיק, איך האָב נישט קיין מורא אַלץ אָנ־צורופן ביים נאָמען, — האָט יעווגעני יעווגעניעוויטש געזאָגט מיט אַן אומעטיקן טאָן. — ווי שרעקלעך עס איז דאָס אָפּוואַרטן, ווען אַ מענטש שטאַרבט.

דאָס ווייב האָט אַ שוידער־געטון פון שרעק.

— יאָ, אוודאי, יאָ, עס זאָל שוין נישט לאַנג געדויערן...

— איך קאָן נישט זיין אינדערהיים. מיר איז דאָ שרעקלעך, און איך בין דאָך דריי נעכט נישט געשלאָפן. איך וועל אַריינגיין צו באַקאַנטע.

יעווגעני יעווגעניעוויטש איז געשטאַנען מיטן טיכל אין דער האַנט, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט, אַ מאַכטלאָזער און דערשלאָגענער. דאָס ווייב האָט אים אַרומגענומען און זיך צוגע־דריקט צו אים. אין קאָרידאָר האָט געברענט די עלעקטריע, פון דער וואַנט האָט זיך אָנגעבויגן צו פּאָלטאָראַקן אַ טויטער הירשן־קאָפּ מיט הערנער און ליידיקע אויגן־לעכער.

דאָס ווייב האָט געעפנט די טיר אין קאַבינעט אַריין, גע־שטאַנען אַ ווײַלע אויף דער שוועל און אַריינגעגאַנגען.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט פאַררייכערט און אַריינגעגאַנ־גען אין טואַלעט־צימער.

דאָס פריערדיקע איז געווען אַן אַטאַק פון זיין קראַנקהייט: אין אַ האַלבער שעה אַרום איז יעווגעני יעווגעניעוויטש אַראָפּגע־גאַנגען פון די טרעפּ אין אַ לייכטן זומערדיקן אַנצוג, אַ מונטע־רער און קרעפּטיקער, אַ ציכטיק ראַזירטער. דער רעגן איבער מאָסקווע, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעוואַשן די טראָטואַרן, האָט אויפגעהערט צו פאַלן. אויף דער זשיוואָדיאָרקע האָט זיך געטראָגן דאָס גערויש פון די לאַסט־וועגן. דער מונטערער פּאָלטאָראַק איז אַוועקגעגאַנגען צו די רעסטאָוראַטאָרן בעזדיעטאָוו, אין זייער מיטלאַלטערלעכן פייכטן קעלער־אַנטיקוואַריום, וואו עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן ריחות פון אַלטפרענקישע פּערפומען, קליי, פּאָ־ליטור, פּאָרצעליי, בראָנז. פּאַוועל פּעדעראָוויטש האָט אַרויסגע־שטעלט אויף אַ סטאָליער־וואַרשטאַט אַ קאַרפּינקע קאָניאַק, וואָס

האָט געשטאַמט פון אַ צאַרישן קרישטאָל־סערוויז, און געוויזן דעם גאַסט די געהיימע קעסטעלעך אין אַ סאָפע פון דער פּאַוול־עפּאָכע.

— איר זענט נאָך אַלץ אַן אָנהענגער פון פּאַוועלן?

— אַוודאי. אפילו מיט אַ פרוי איז אויך גוט צו פאַרברענגען אַן אָוונט אויף אַ פּאַוועל־סאָפע, מען פילט ממש די פלוידן פון די יאָרהונדערטער. מען האָט איינצייטיק אונטער זיך, אי יאָרהונדערטער, אי די קעגנוואַרט.

— בעטן פון דער יעקאַטערינע־עפּאָכע זענען אויך גוט פאַר פרויען, — האָט פּאַוועל פּיעדראָראָוויטש געזאָגט.

זיי האָבן אויסגעטרונקען צו גלעזלעך קאָניאַק.

— שערוואוד איז געווען?

— ער איז געווען. ער האָט געראַטן געוואויר צו ווערן, וואָס עס הערט זיך אין קאָלאָמנע.

יעווגעני יעווגעניעוויטש איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אַרויסגערופן נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ סאַראַנצעווען.

— נאַדיאַ, דאָס זענט איר? איך בין שוין געקומען. מיר וועלן זיך זען? ביים פּושקין־דענקמאָל?...

אין מאָסקווע האָבן זיך געפונען צוויי מיליאָן מענטשן. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלער מענטשן־וואַלד, אין וועלכן אַ סך מענטשן האָבן קיינמאָל וועגן זיך נישט געוואוסט, אַ סך באַקאַנטע האָבן זיך בכיוון אויסגעמיטן, — דערדאָזיקער מיליאָנען־וואַלד האָט געהאַט זיינע ליבעס, אינטערעסן, מלבושים, טישן, שטולן, בעטן. וויפל בעטן און קאָלדרעס מוזן זיך געפינען אין אַ מיליאָנען־שטאָט!

פּאָלטאָראַק האָט זייער גוט געוואוסט, ווי אַזוי פרויען־קעפ פאַרבייגן זיך אונטער ליפן און אויגן מרוגען אונטער קושן, ווי אַזוי מען רעדט אַרויס ווערטער, וואָס אַנטוואָפּענען, ווי אַזוי מען לייגט אַוועק דעם קאָפּ אויף קניען, ווען אַלקאָהאָל און שטילע ווערטער פאַרנעפּלען דעם זינען.

אויפן פעראָן אין קאָלאָמנע האָט פּאָלטאָראַק באַקענט פּאָליע־טיקען מיט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ סאַראַנצעווען, און נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט זיך באַגריסט מיטן פּראָפעסאָר און די אַנטיק־וואַרן מיט אַ זשעסט פון אַ גרויסאַרטיקער פרוי, וואָס איז אָנגע־טון נישט אין באַוולנע זאָקן און אין אַסיטצענעם קלייד, ווי זי פלעגט קומען נאָך דער אַרבעט אויף אירע זעונגען צום פּושקין־דענקמאָל, נאָר אין עלעגאַנטע רייזע־מלבושים — אַ בלויען ענגלישן קאָסטיום, זיידענע זאָקן, ספּאָרט־שיך אויף נידעריקע אָפּצאַסן און אַ קליין וואַליזקעלע אין דער האַנט, — זי האָט אויסגעזען פון אַ יאָר דרייסיק. פּאָלטאָראַק איז אַוועקגעפאָרן מיט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוו־נען אין דער פינסטערניש אַריין, וואָס האָט געבילט מיט מיטל־אַלטערלעכע הינט.

דער פאַרשלאָפענער האָטעל־דינער, וואָס האָט זיך אונטער־געהאַלטן די גאַטקעס מיט דער האַנט, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון ליכט, האָט קורץ געפרעגט:

— איין נומער, צי צוויי?

פּאָלטאָראַק האָט שטרענג געענטפערט:

— איין טאָפּלטן, — און פרעגנדיק אַ קוק־געטון אויף נאַ־דיעזשדאַ אַנטאָנאָוונען.

זי האָט זיך אַוועקגעדרייט, געקוקט אין פענסטער אַריין מיט די האַלב־צונויפגעלענטע לאָדנס. דער האָטעל־דינער האָט זיך געלאָזט גיין דורך די קאָרידאָרן, אין וועלכע עס האָט זיך געפילט אַ ריח פון מייז, קרעאָלין, דיזענפעקציע. דער האָטעל האָט שוין עקזיסטירט אין דעם הויז אַ יאָר הונדערט און פופציק. דער נומער איז געווען אַ נידעריקער, מיט גראָבע ווענט און פענסטער, פאַר־שטעלטע מיט לאָדנס. דאָס ליכט האָט אַריינגעשיינט דורך די שפּאַ־רעס אין די לאָדנס. דער האָטעל־דינער האָט אָ־געצונדן אַ ליכט אויפן טיש, זיך אויסגעשיט די פּיטומס פון אַש־בעכער אין דער האַנט אַריין און אַרויסגעגאַנגען. דאָס ליכט האָט געברענט, ווי מיט געגנבעטער ליכ־טיקייט. יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט אויפגעהאָנגען זיין לעדערנעם פּאַלטן מיטן אינזשיניערישן אוניפאָרם־היטל אויפן הענגער. נאַדיעזש־

דאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געשטאַנען בײַם טיש מיטן וואָליזקעלע אין דער האַנט.

— דו האָסט מיך אפילו נישט געפרעגט, — האָט זי געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו אים דאָס ערשטע מאָל אויף דו, — צי איך האָב אַ מאַן, צי נישט ?

— טייערע, צי האָט דאָס עפּעס פאַר אונז אַ באַדייטונג ? — האָט פּאָלטאָראַק געענטפערט. — און צי האָסטו טאַקע ?

— יאָ, איך האָב, אפילו עטלעכע, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ גלייכגילטיק געזאָגט. — דו האָסט מיך אָנגערופן טייערע, — פריער האָסטו דיך קיינמאָל צו מיר אַזוי נישט געווענדט. דו האָסט באַמערקט, — די ווערטער : ליבע, ראָמאַן — זענען אַצינד שוין געשטאָרבן.

— טייערע, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט און אַרומגענומען נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונען פון הינטן בײַ די אָרעמס, אַרויפליגנדיק דעם קאָפּ אויף איר אַקסל : — מיין טייערע, צי ביסטו געווען אַמאָל אין אַ יאַגד אויף וועלף ? פאַרטאָג, אין וואַלד, אין טוי, אין שטילקייט פאַרנעמען די יעגער זייערע ערטער, די אָנטרייבער צעשטעלן פענדלעך אין וואַלד און שטעלן זיך אויס אין אַ לעבעדיקער קייט. די וועלף זענען אַרומגערינגלט, אָבער זיי ווייסן נישט, אַז אַרום זיי האָט זיך אָוועקגעשטעלט דער טויט, דווקא דאָרט, וואו עס איז שטיל. איבערן וואַלד הייבט אָן צו טאָגן. איך און דו זענען, ווי יענע וועלף הינטער די פענדלעך, — דאָס לעבן איז געבליבן אויף דער צווייטער זייט שוועל פון דעם צימער... איבעריקנס, איך רעד נישט קלאָר. טייערע, דאָס לעבן איז געבליבן אויף יענער זייט שוועל, — פאַר מיר האָט קיין זאַך נישט קיין באַדייטונג, נישט קיין מאַן, נישט קיין פאַרגאַנגענהייט, נישט קיין קעגנוואַרט, — וואונדערלעך ביסטו און אויך דאָס, וואָס מיר געפינען זיך אויסער דערווירקלעכקייט.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט באַפרייט אירע אָרעמס, אויסגעטון דעם הוט מיט די הענטשקעס, געעפנט די לאָדנס, פאַרלאָשן דאָס ליכט. דאָס ליכט איז ווירקלעך נישט נייטיק געווען אין דער

פּאַרטאָגיקער שעה. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז אַ ווײַלע געשטאַ־
נען בײַם טיש און צוגעגאַנגען צום פענסטער, זיך אַרײַנגעזעצט
אין דער פענסטער־נישע, וואָס האָט דערמאַנט אָן דער עפענונג פון אַ
פעסטונג־באַסטיאָן. זי האָט געעפנט דאָס פענסטער. אינדרויסן האָט
געטאָגט, די ערד האָט זיך אָנגעדרייט צו דער זון, אַרויסוויקלענ־
דיק זיך פון דער פינסטערניש און די נעפּלען. אין נומער איז גע־
בליבן אַ גרויע, עטוואָס מרה־שחורהדיקע און מידע טונקלקייט, אַן
ענלעכע צו די זײַער מידע ווענט פון נומער.

— לאָמיר צוואַרטן ביז די זון וועט אויפגיין — האָט נאַ־
דיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געזאָגט: — דאָס קריכט דאָך פאַר מיר קאָ־
לאָמנע צום ערשטן מאָל אַרויס פון דער נאַכט. דאָס, וואָס דו
האָסט דערציילט וועגן די וועלף, איז זייער נישט קלאָר. יאָ, איך
האָב זיי עטלעכע, די מענער, און דו וועסט בײַ מיר היינט זײַן
דער פאָלגנדער אין דער רייע. — נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט
נישט דערלויבט יעווגעני יעווגעניטשן צו פּראָטעסטירן. דו האָסט
מורא פאַרן וואָרט מאַן, — האָב נישט מורא, איך וויל לחלוטין
נישט צונעמען דײַן פרײַהייט און ווערן דײַן שקלאַפין. גיב מיר
ווײַן.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט אַרויסגענומען פון דער וואַלי־
זע אַ פלאַש באַרזאַק.

— פאַרשטייט זיך, דו האָסט מורא פאַרן וואָרט מאַן, און
טראַכסט אויס אַ מעשה מיט וועלף, עס לוינט נישט, אַלץ איז אַ
סך פּשוטער. אַמאָל זענען געווען ווערטער — אָפּגעבן זיך, זײַן
דײַנע. געשטאָרבענע ווערטער! — איך גיב מיך קיינעם נישט אָפּ,
נאָר נעם, ווי אַ מאַן. און דאָס נאַרישע וואָרט — ליבע.
איך האָב קיינעם נישט ליב און נישט ליב געהאַט חוץ זיך. מיר
איז אינטערעסאַנט נאָכצוגעבן זיך און דינען זיך, נישט קיין אַנדע־
רע. אין איין שיינעם טאָג האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו ווערן אַ
פרוי, און איך בין געוואָרן, — איך בין דעמאָלט אַלט געווען זעכצן
יאָר. איך האָב געהאַט... — זי איז שטיל געבליבן אויף אַ ווײַ־
לע, — איבעריקנס, איך ווייס נישט. דו ווייסט נישט, נישט וויפיל

איך בין אַלט, נישט וואו איך אַרבעט, נישט פון וואָס איך לעב, — מיר זעען זיך דאָס פּערטע מאָל. אין מאָסקווע טרעפט אונז אָפּט דער פאַרטאָג צוזאַמען, אָבער מיר זעען אים נישט איבער די הייזער. זע, אין פינף מינוט אַרום וועט אויפגיין די זון. וואָס פאַר אַ פייערלעכקייט — אין דער וועלט, ווי ברייט דער הימל איז. און די ערד איז אָפּגעוואַשן מיט טוי. איר ווילט וויסן נאָכוואָס איך בין געפאָרן מיט אייך? איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז מיר וועלן גיין איבער די משופּעדיקע ברעגן פון טייך, אַרויסגיין אויף די לאָנקעס, וואו מען בויט דאָס פעסטונג קעגן טייך.

— דו רעדסט ווי אַ פּאָעט — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט. — טרינק נאָך אַ ביסל וויין.

— איך אַרבעט אין גימפּראָמעז, דו ווייסט דאָס, אָבער איך וויל זיין אַן אַקטריסע. יאָ, גיס אָן נאָך וויין. וואָס טראַכסטו וועגן דער רעוואָלוציע?

פּאָלטאָראַק האָט אויפגעהערט צו גיסן דעם וויין, זיינע אויגן זענען פאַרגליווערט געוואָרן.

— וועגן וואָס? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— וועגן דער רעוואָלוציע. איך בין אַלט געווען פערצן יאָר, ווען די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. איבעריקנס, מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט פאַרענדיקט דאָס צוגיסן דעם וויין. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער פון דער מידער טונקלקייט אַרויס און איר דערלאַנגט דאָס גלאָז. זיין פּנים איז געווען גרוי, די ציין האָבן געבלישטשעט מיטן גאָלד. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני ביים פענסטער־פאַראַפּעט, ער האָט אַרויסגעלייגט דעם קאָפּ אויף נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונעס קני און זיי אָנגעהויבן קושן. זי האָט אַרויפגעשטעלט אויף זיין קאָפּ דאָס גלאָז, צוהאַלטנדיק עס, אויסגעבויגן דעם קאָפּ צום פענסטער און געגומען קוקן אויף מזרח, אָבסערווירנדיק דעם הימל מיט די נעפּלען. פון נעפּל האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיילן די קרעמעל־טורעמס,

און פון צווישן זיי — דער וויטסטעער, דער טורעם פון מאַרינאַ מני־שעק. די זון איז שוין אפנים געהאַט אויפגעגאַנגען הינטערן נעפל. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט אויסגעטרונקען מיט איין שלוק דעם וויין און אַראָפּגעגאַנגען פון פענסטער, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף פּאָלטאָראַקן, אָפּשטויסנדיק אים פון אירע קני.

— און דאָך זענען מיר נאַכט־מענטשן, — האָט זי געזאָגט. — פאַרמאַכט פעסט די לאָדנס, זאָל צוריק ווערן נאַכט. וואָס מיר פאַר־מאָגן אין לעבן, שטעלט מיט זיך פאָר זייער נישט קיין סך. קוש מיך, — נישט ווי מען גנבעט, נאָר אומפאַרשעמט. — איך ווייס דאָך, אַז איר זענט קראַנק אויף פרויען. איך האָב געקוקט אויפן זון־אויפגאַנג און געטראַכט, אַז אין מיר וואַכט אויף אַן אַמאַזאָנקע. און ווען איך האָב דערזען די קרעמעל־טורעמס, אויף וועלכע איך האָב מיך נישט געריכט, האָב איך מיך דערמאָנט אָן די אַלטע גערמאַ־נערינס, וואָס פלעגן מיטגיין מיט די מענער אין די שלאַכטן אַריין, און דערנאָך אַ טראַכט־געטון, אַז, אַליין נישט וויסנדיק וועגן דעם, קאָן איך זיין אי אַ טריבון, אי אַ פּראָסטיטוטקע. איך ווייס נישט, ווען איך בין די אמתע. מיט דיר וויל איך זיין אַ צי־נישע אייראָפּעערין, אַ טוריסטין, אַזאַ פרוי, וואָס איר איז אַלץ דערלויבט. און אויך דיר איז אַלץ דערלויבט... איך פאַרמאַך די אויגן אין פינסטערן צימער, דאָס געשעט טיילמאָל אין די נעכט, — איך ווייס נישט ווער ס'דאַרף אַריינקומען אין צימער, אָבער איך וועל פון טויזנט באַקאַנטע דערקענען יעדן, וואָס וועט אַריינ־קומען, איך וועל דערקענען נישט מיטן מוח, נאָר מיט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אין מיר, וואָס איך קאָן מיר נישט אויסטייטשן, מיט דעם, וואָס איז גורם, אַז אויך אַצינד, אין דעם פאַרטאָג, צוזאַמען מיט דער וועלט, צוזאַמען מיטן זון־אויפגאַנג, זאָל אויף אַן אומגעוויינלעכן אופן אָנהייבן קלאַפּן מיין האַרץ. קוש מיך.

פּאָלטאָראַק האָט פאַרמאַכט די לאָדנס. און דאָס צימער מיט די פעסטונג־ווענט איז פאַרזונקען אין דער פינסטערניש, דער צוגעגנ־בעטער ביים פאַרטאָג. דער נומער אין פּראָווינץ־האָטעל, דער באַגינען, די קושן, — אַלץ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַנצע־

לאַריע פֿון ליידנשאַפֿט, אַ שרעקלעכער, ווי אַלע קאָנצעלאַריעס פֿון די האָטעל־בעטן אויף דער פּראָווינץ. די אייראָפּעיִשע מאָראַל האָט פֿאַרבאָטן דריטע פּערזאָנען מפֿרסם צו מאַכן די סודות פֿון דידאָזיקע קאַנצעלאַריעס.

פּאָלטאָראַק איז די נאַכט נישט געשלאָפֿן אין קאַלאָמנע.

זיבן אַ זייגער איז ער געפֿאָרן אויף דער בויאונג, איבער־לאָזנדיק נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגען אַליין. די נאַקעטקייט פֿון אירע אַקסלען האָט געלויכטן, זי איז געשלאָפֿן מיט דער האַנט אונטער־געלייגט אונטערן קאָפּ און מיט קינדערישע, האַלב־געעפֿנטע ליפּן. אויף דער גאַס האָט געבלענדט די זון, — זי איז געווען פּוסט, די גאַס, באַ־האָנגען מיט שילדן. דער פֿורמאַן, אָנגעטון אין דער טויזנטיעריקער רוסישער בלוזע, איז מיט דער דראָזשקע אַריינגעפֿאָרן אין די קאַמף־פּאָזיציעס פֿון די ראָוועס און בוי־דאַמבעס. דער שטח פֿון דער בויאונג האָט זיך אויסגעשפּרייט און פֿאַרלוירן געוואָרן פֿון אויג. נאָענט און ווייט האָבן געהעשעט די עקסקאַוואַטאָרן, געוואָיעט די סירענעס, אויף יענער זייט ראָוועס האָט אַלעמאָל עקספּלאָדירט אַן אויפֿרייס. דידאָזיקע שטחים האָבן געקעמפֿט פֿאַרן סאָציאַליזם. דער טייך מאָסקווע איז נאָך געפֿלאָסן אין זיין אַלט געלעגער, און מ׳האָט געמוזט אַריבערפֿאָרן איבער אים אויף אַ פּאָנטאָן־בריק, ווי מיט טויזנט יאָר צוריק. די אָקע האָט דאָ געענדערט איר וועג, איר „טייך־רעזשים", ווי עס דריקן זיך אויס די הידראָ־אינזשינערן, און איז אַוועק מיטן אָפּפֿלוס־קאַנאַל. איר אַלט געלעגער, אַרומגעצוימט מיט טאַמעס, האָט פֿאַרנומען דער מאָנאָליט מיט זיין בעטאָן־באַסטיאָן.

אין הויז פֿאַר צוגעפֿאָרענע האָט פּאָלטאָראַק באַשטעלט פֿאַר זיך צוויי פֿלעשער מינעראַל־וואַסער.

פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַ איז געזעסן מיטן אינזשיניער סאַ־דיקאָוו.

— זי וואוינט אין קאָלאָמנע מיט דער טאָכטער ליובאָוו פּי־מענאָווגאַ פּאָליעטיקאַ און אַליסאַ לאַסלאָ, — האָט סאַדיקאָוו גע־זאָגט.

— ליובאָוו פּימענאָווגאַ, אַ מיידל פֿון אַ יאָר דרייאונצוואָנ־

ציק ? — האָט פּאָלטאָראַק געפרעגט, דעריאָגנדיק מיט זיין פראַגע דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ.

פּאָלטאָראַק האָט זיך דערמאַנט : די קאָמסאָמאָלקע ליובאָוו פּאָליעטיקאַ, מיט דריי יאָר צוריק, מערץ, אַ געוויינטלעכע באַגע-געניש, ווי מיט נאַדיזשדאַ אַנטאָנאָוונען, אַן אומגעוויינטלעכע אויפבינדונג. ליובאַ פּאָליעטיקאַ האָט שטודירט אין אַרכעאָלאָגישן אינסטיטוט. אין מערץ פון יענעם יאָר האָט די צוואָנציקיעריקע ליובאָוו פּאָליעטיקאַ די גאַנצע פרייע צייט, וואָס זי האָט אָפּגעריסן פון איר קאָמסאָמאָל-אַרבעט, געווידמעט דעם שטודיום פון דער נעפלהאַפטער געשיכטע וועגן די שטיינערנע סטעפּ-באַבעס, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אין די פּאַרצייטישע בערגלעך. אין מאָסקווע זענען דידאָזיקע באַבעס געהאַלטן געוואָרן אויפן הויף פון היסטאָרישן מוזיי, אויסגעלייגט אין רייען, אומגעלומפּערטע, הונדערטפּודיקע, שרעקלעכע, דורכגעפרעסענע פון ווינטן און ערד אין משך פון יאָרהונדערטער, צונויפגעשטעלטע פון באַקנביינער, ברוסט-קאַסטנס און בייכער. ליובאָוו פּאָליעטיקאַ האָט געזוכט די עפּאָכע, אין וועלכער די באַבעס זענען אויפגעקומען, דאָס פאָלק, וואָס האָט זיי געשאַפן, זיין געשיכטע. זי איז יענעם פרילינג גע-פאָרן אויף דער צווייטער זייט וואָלגע צום אַרכעאָלאָג פּאַול ראַו אויסגראָבן באַבעס, כדי מיט די אייגענע אויגן צו זען די סטעפּ-לאַנדשאַפטן, וואָס האָבן אין משך פון די יאָרהונדערטער אָפּגעהיטן דידאָזיקע באַבעס, פאַרלירנדיק דאָס פאָלק, וואָס האָט זיי געשאַפן, די צייט און די זכרונות. ליובאָוו פּאָליעטיקאַ האָט דעמאָלט מיטגעבראַכט פון דער צווייטער זייט וואָלגע אַ סך השערות וועגן די פּוסטע, גרויע סטעפּעס, וואָס זענען אַמאָל געווען בליענדיק און באַפעלקערט, וועגן די קולטורן פון די וואַנדער-שבטים, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט אין די סטעפּעס און איבערגעלאָזט נאָך זיך דידאָזיקע שרעקלעכע שטיינערנע באַבעס פאַר טויזנטיעריקער פאָרשונג. די באַבעס זענען טאַקע געווען שרעקלעכע, מיט די אָפּשטאַרנדיקע באַקנביינער, שמאָלע אויגן און גרויסע בייכער, ווי ביי קי, — ליובאָוו פּאָליעטיקאַ אָבער האָט גערעדט וועגן זייער

שיינקייט. זי האָט געקאָנט שעהנלאַנג רעדן וועגן די פֿאַלדן פֿון זייער קלייד, וועגן דער רויער צייכענונג פֿון זייערע סטעפּישע, פֿוסטע אויגן, וועגן זייערע נידעריקע שטערנס, גרויסע ברוסטן און בייכער, דעם סימבאָל פֿון פֿרוכטבאַרקייט. דידאָזיקע באַבעס האָבן באַשטעטיקט די טעאָריע פֿון מאַטריאַרכאַט. פֿאָלטאָראַק האָט גוט געוואוסט, ווי אַזוי מיידל־קעפּ בויגן זיך אָן צו ליפּן און אויגן מרו־גען אונטער קושן, — און ער פֿלעגט קומען צו ליובאָוו פֿאָליעטי־קאַ, אין איר מיידל־צימער אַריין, נישט בלויז כּדי צו הערן זי רעדן וועגן דער קאָמסאָמאָלישער רעוואָלוציע און די יאָרהונדער־טער פֿון די באַבעס. די וועלט אָבער פֿון דעמדאָזיקן מיידל, די זייער באַשווערטע מיט אַרבעט, איז געווען ריין און לויטער. די רויטע זון־פֿאַרגאַנגען פֿון מערץ האָבן זי דערמאַנט אָן רויטע זון־אויפֿגענג פֿון דער מענטשהייט און רעוואָלוציאָנערע בראַנד־פֿלאַ־מען אַרום דער ערד־קויל. פֿאָלטאָראַק פֿלעגט קומען צו ליובאָוון, ווי אַ מעפֿיסטאָפֿעל און מאַסקירטער רעוואָלוציאָנער. און עס איז גע־ווען אַן אָוונט, ווען ער האָט אַרויפֿגעלייגט דעם קאָפּ אויף אירע קני, כּדי אָנצובויגן אירע ליפּן צו זיינע ליפּן, — און דעם אָוונט האָט אים ליובאָוו געזאָגט, אַז זי האָט אים ליב. אָבער דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט שטרענגע און טרוקענע ווערטער, לחלוטין אָן אומאַרמונגען, זייער שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אַראָפּגע־לאָזטע הענט. זי האָט אים נישט דערלויבט איר אַ קוש צו טון אפֿילו אין דער האַנט. און אין דריי טעג אַרום האָבן זיי זיך צע־שיידט אויף אייביק, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז ליבע — דאָס איז ריינקייט, עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט טיילן, אין וועלכן מען דאַרף זיך קאָנען מקריב זיין. זי האָט אים געזאָגט, אַז כּדי ער זאָל האָבן רעכט איר אַ קוש צו טון, אפֿילו אין דער האַנט, דאַרף ער זיך נישט שעמען צו דערציילן וועגן דעם, וועגן זייער ליבע, דער גאַנצער וועלט און קודם־כּל זיין פֿריערדיק ווייב.

און ליובאָוו האָט זיך געפּייניקט, נישט זייענדיק בכּוח צו דעצידירן, צי האָט זי אַ רעכט אויף איר גליק קעגן די קינדער און דעם פֿריערדיקן ווייב, צי האָט זי אַ רעכט צוליב איר פּערזענלעך

גליק צו צעברעכן פרעמדע לעבנס. ליובאָוו, גרייט צו ברענגען אַ קרבן, האָט באַרעכטיקט פּאָלטאָראַקן דערמיט, וואָס אויב די ליבע צום ווייב האָט זיך אויסגעלאָשן, האָט זיך דאָך אָנגעהויבן ליגנט, — און ליגנט איז געמיינהייט, פאַר וועלכער מ'דאַרף זיך אויסהיטן. זיי זענען זיך דעמאָלט צעגאַנגען נאָך דריי טעג, — זי האָט גע בּרענגט דעם קרבן, — ווען פּאָלטאָראַק האָט איר געזאָגט, אַז עס פעלט אים אויס כּוח, און ער פילט זיך נישט באַרעכטיקט צו צעשטערן דאָס גליק פון זיינע קינדער. ליובאָוו איז גרייט געווען צו האָדע־ווען זיינע קינדער. ליובאָוו האָט אים פאַרווערט צו טרעפן זיך מיט איר, און אים געזאָגט ביים געזעגענען, אַז איר ליבע איז איינציק, אַז זי האָט אים ליב געקריגן אויפן גאַנצן לעבן און וועט אים אויפנעמען, ווען זי וועט וויסן, אַז ער איז ריין, גרייט פאַר ליבע.

הינטער די פענצטער פון אינזשיניערן־הויז האָט געסאַפּעט אַ לאָקאָמאָטיוול פון דער קליין־באַן, אַ פייף־געטון און אַוועקגעפאָרן.

פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ איז געזעסן שווער אָנגעשפּאַרט אָן טיש. דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק האָט אַ קוק־געטון אויפן פּראָפע־סאָר מיט שנאה.

— דאָס איז מיין טאָכטער, די ליובאָוו פּימענאָוונאַ — האָט פּאָליעטיקאַ געזאָגט.

— איך האָב מיך באַגעגנט מיט איר מיט עטלעכע יאָר צו־ריק — האָט מיט יראת־הכבוד געזאָגט פּאָלטאָראַק.

— זי אַרבעט אויף דער בויאונג, אין דער אַרכעאָלאָגישער קאָמיסיע, געזעגנט זיך מיט די דענקמעלער פון דער אַלטערטימ־לעכקייט, וואָס וועלן פאַרשווינדן אונטערן וואַסער. שטודירט די געשיכטע פון מאַרינאַ מנישעק. זי איז אַ קאָמוניסטין — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט.

אָנשטאָט דעם לאָקאָמאָטיוול, וואָס איז אַוועקגעפאָרן, איז הינ־טערן פענסטער אָנגעקומען אַ צווייטס און גענומען סאַפּען.

ווייל נישט־איבערקלויבערישע, מענערישע פּאָליגאַמיע איז אַ פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג, האָט יעוגעני יעוגעניעוויטש פּאָלטאָראַק נישט געקאָנט ליב האָבן און נישט געוואוסט, וואָס עס איז אַזוינס

די ליבע, וואָס איז אין משך פון יאָרהונדערטער באַצייכנט געוואָרן מיטן וואָרט ליבע, און ער האָט ליב געהאַט נישט פרויען, נאָר זיך אַליין אין די פרויען. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געוועזן, פּאָלטאָראַק איז קראַנק געווען אויף פרויען.

... אין מאָסקווע, אַ שעה פאַרן אָפּפאָרן, ווען פּאָלטאָראַק האָט זיך געאײַלט צו נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגען, כדי זי מיטצונעמען אויפן וואָקזאַל, האָט אין אַ נומער פון גרויס-מאָסקווער האָטעל שערוואוד געפרעגט פּאָלטאָראַקן צום לעצטן מאָל:

— איז באַשלאָסן?

— יאָ, באַשלאָסן — האָט פּאָלטאָראַק געענטפערט.

— אַלזאָ, באַשלאָסן — האָט שערוואוד געזאָגט.

ביידע האָבן זיך געביטן מיט שאַרפע בליקן.

פּאָלטאָראַק איז געקומען צו פאָרן אויף דער בויאונג אין די ענינים פון ג. ע. ט. אין ביוראָ ביים שעף פון ע. מ. — דער עלעקטראָ-מעכאַנישער אָפּטיילונג — האָט אויף פּאָלטאָראַקן געוואַרט דער פאָרזיצער פון די אינדוסטריעלע אַרבעטער-ראַטן פון דער ע. מ.-אָפּטיילונג, אַ שלעפּעריקער און שווייגנדיקער מענטש. אין קלוב פון פאַבריק-קיך האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ זיצונג אין ענין פון איבערגעבן די אַרבעט דעם ג. ע. ט. דער פאָרזיצער האָט איבערגעגעבן פּאָלטאָראַקן די מאַטעריאַלן, זיך פאָרשטעלנדיק:

— אַרבעטער סיסאָיעוו. — ער האָט אַ קוק-געטון אין די פּאַפּירן אַריין און צוגעגעבן נישט אײַליק: — לאָמיר אַריבערגיין אין קולטורעלן טיי-לאָקאַל.

זיי זענען געגאַנגען דורכן וואוין-קוואַרטאַל נומער צוויי. פּאָלטאָראַק האָט געטראָגן הינטערן אָרעם די טעקע מיט די פּאַפּירן. דער קאָפּ איז אים שלעפּעריק אַראָפּגעהאָנגען. סיסאָיעוו איז געגאַנגען פאָרויס, מיט אַ פאַמעלעכן טריט, אָבער דאָך אַזוי, אַז פּאָלטאָראַק האָט אים געמוזט נאָכאײַלן. פאַר דער רעוואָלוציע האָט פּאָלטאָראַק געאַרבעט אין דער פּראָדוקציע, נאָך דער רעוואָלוציע

אָבער איז ער געבליבן זיצן אין פאַרשידענע טרעסט-קאָמיסיעס. זיי זענען געגאַנגען דורך אַ גאַס, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אויף לאָנקעס, דורך אַ גאַס פון אַן אומגעוויינטלעכער שטאָט, וואו עס האָבן געוואוינט בלויז אַרבעטער און בוי-ביוראַליסטן, — עס איז נישט געווען דאָרט נישט קיין קרעמער, נישט קיין מענטש פון אומבאַשטימטער באַשעפטיקונג. אין אַרבעט-טאָג איז די גאַס געווען פוסט, די הייזלעך זענען געשטאַנען איינס לעבן צווייטן, ווי די קוואַדראַטן פון אַ שאַך-ברעט, מיט פאָרהענגלעך און בלומען-טעפּ אויף די פענסטער. לענגאויס די פאַרקנס האָבן געגרינט נאָר-וואָס פאַרזעצטע טאָפּאָל-ביימלעך. דער פּלאַץ אויפן אָרט וואו די גאַסן האָבן זיך געקרייצט, פאַרצירט מיט קלאָמבן, האָט געדינט אַלס ספּאָרט-פּלעצל. אין ראָג האָט אויף דער זון זיך געוואַרימט די שילד פון דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם און עס האָט געכריפּעט דער הילכער.

— אין די הייזער וואוינען אינזשיניערן ? — האָט פּאָלטאָראַק געפרעגט.

— ניין, רעגולערע אַרבעטער — האָט סיסאָיעוו געענטפערט, — איך וואוין אין יענעם הויז.

אין הייסן פרימאָרגן האָבן זיך איבערגעקרייעט די הענער און עס האָט געקוואָקעט אַ הון. אויפן ספּאָרט-פּלעצל האָבן קינדער זיך געשפּילט אין יאָגעלעך, פּיפּסנדיק ווי שפּערן. איינער פון די יינגלעך האָט אויפן אַספאַלט לעבן אַ באַנק מיט קרייד אויפגעשריבן נישט אָנשטענדיקע ווערטער. סיסאָיעוו האָט שטרענג זיך צעשריגן :

— וואַסקאַ, דו מנוול, דאָס טוט אַ פּיאָנער אזוי ! איך וועל דיר די אויערן אָנדרייען !

די יינגלעך האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. סיסאָיעוו האָט צעריבן מיטן פיס דאָס קרייד אויפן אַספאַלט און געזאָגט צו פּאָלטאָראַקן :

— דאָס איז מיין שוועסטערן-זון, אַ שיינער חברהמאַן, זעט נאָר בלויז די פּיענטעס זיינע זעען זיך, — נו, ווי זאָל מען אַזעלכן

נישט דערלאַנגען ! — און ער האָט צוגעגעבן, נישט צו וויסן פאַר־וואָס : — דער אַרבעט־לוין האָט דאָס יאָר, אין פאַרגלייך מיטן פאַר־יאָריקן, זיך דורכשניטלעך פאַרגרעסערט אויף זיבעצן מיט אַ האַלבן פּראָצענט, און די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט — אויף זיבנאונ־צוואָנציק מיט אַ האַלבן פּראָצענט. דאָס איז סאָציאַליסטישע שלאָגלע־רישקייט, און מיין ברודער וואַסילי איז געוואָרן אַ שלעפּער. — סיסאָיעוו האָט ביי אַ שפּיי־געטון אויפן אַספאַלט, פון וועלכן דאָס קרייד האָט זיך נישט געלאָזט אָפּמעקן, אַ זוך געטון מיט רוגזה־דיקע אויגן דאָס בחורל, וואָס איז פאַרשוואונדן הינטערן פּאַרקן, און געזאָגט : — וואַרט־צו, וואַרט, אויסוואורף דו, איך וועל דיר שוין ווידער צושטעלן אַ בענקעלע פאַרן אָנפירער פון דיין אָפּטיי־לונג, ער וועט זיך שוין מיט דיר אָפּרעכענען, — און איז אַ באַ־רויִקטער געגאַנגען ווייטער.

פּאָלטאָראַק האָט זיך דערמאַנט אָן אַ געדאַנק, וואָס ער האָט נישט לאַנג איבערגעלייענט, וועגן מאַשין־וועזן, וועגן שטאָל, וועגן בוי־אַרבעט, וואָס דאַרפן אומאויפהערלעך קעמפן מיט דער נאַטור און אָרגאַניזירן זי, — פאַר דעם מוז מען בוקן זיך און וועגן דעם מוז מען שרייבן פּאָעמען. פּאָלטאָראַק האָט אַ טראַכט־געטון, אַז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר, דער דעצידירער פון אַלעם, איז — דער מענטש, צוליב וועלכן און אַ דאַנק וועלכן עס עקזיסטירן די מאַשינען און עס פליסן די טייכן ; וועלכער לעבט, כדי צו בויען — און פּאָלטאָראַק האָט זיך דערמאַנט אָן ליובאָוו פּאָליעטיקאַ, צונויפ־פלאָנטערנדיק זי מיט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונען.

דער גלעזערנער בנין פון דער פאַבריק־קיך האָט אויסגע־זען, ווי ער וואָלט נישט געשטאַנען אויף דער ערד, נאָר געפלויגן אין דער לופטן. אין פאָרצימער האָט מען פּאָלטאָראַקן פאַרהאַלטן און געבעטן זיך אויסטון. פּאָלטאָראַק האָט זיך געוואונדערט. אין טיי־לאָקאַל האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטע ריינקייט, די לופט איז געווען פריש, די באַלייכטונג — אַ העלע. פּאָלטאָראַק איז אַריינ־געגאַנגען אין גרויסן זאַל מיט די ווייסע ווענט און ווייסע טישע־לעך, אויף וועלכע ס׳זענען געשטאַנען בלומען־טעפּלעך. ביי די

טישלעך האָט מען געטרונקען טיי. אין צווייטן צימער האָט מען געשפּילט אין שאַך און געלייענט צייטונגען, וואָס זענען פאַרזעצט געווען אויף צייטונג־האַלטערס. סיסאָיעוו האָט געבעטן פּאָלטאָראַקן, ער זאָל פאַרלעשן דעם פּאַפּיראָס אָדער אַריינגיין אין רייכער־צימער. אין דער רויִקייט פון די מענטשן, אין די צימערן, האָט זיך נישט געפילט קיין שום אָנשטרענגונג, און זי האָט דערמאַנט אָן די ווייסע טישן פון אַ סאַנאַטאָריע. סיסאָיעוו האָט געבראַכט מילך, טיי און ברויט מיט פּוטער. פּאָלטאָראַק און סיסאָיעוו זענען געקומען צו פרי. קעגנאיבער זייער טישל זענען געזעסן דריי אָנשטענדיק־געקליידטע מענער, אין קעלנער מיט שניפּסן, — זיי האָבן געגעסן און געלייענט צייטונגען. לעבן זיי איז געזעסן אַ מיידל מיט אַ רויט טיכל אויפן קאָפּ.

— די דריי, אין די מאַרינאַרקעס — ווער זענען זיי פאַר איינע? — האָט פּאָלטאָראַק געפרעגט.

— בויערער. אַרבעטער־יוגנט. — די אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ, זענען אַרבעטער, די צווייטע אָפּטיילונג, — האָט סיסאָיעוו געענטפערט און אָנגעהויבן אויפמערקזאַם עסן.

— און דאָס מיידל?

— אַ העזעכע פון ע. מ., אויך אַן אַרבעטערין.

פּאָלטאָראַק האָט באַמערקט, אַז סיסאָיעוו איז אויך אָנגעטון אין אַ מאַרינאַרקע, מיט אַ געשטריקטער בינדע אויפן אוקראַאינישן העמד. צוויי אַרבעטער, אין די פּערציקער יאָרן, האָבן זיך באַגריסט מיט סיסאָיעוון און זיך אַוועקגעזעצט לעבן יונגוואַרג; זיי האָבן זיך צוגעבראַכט טיי, זיך דורכוואַרפנדיק פון צייט־צו־צייט מיט עטלעכע ווערטער. פּאָלטאָראַק, וואָס איז געווען זייער מיד, האָט זיך נישט צוגעהערט, — ער האָט אַרויסגענומען פון דער טעקע און אַוועקגעלייגט לעבן זיך אַ פּעקל פּראָטאָקאָלן, וואָס זענען אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך סיסאָיעוון מיטן ציל זיך צו באַקענען מיט זייער אינהאַלט.

אַן אַלטער מאַן בײַ אַ שכניש טישל האָט אַ זאָג־געטון:

— איך האָב מיך געוועט מיט מיין זון אין אַ האַרמאָניע,

נישט אויפגעצייכנט — וועט איר דאָס נישט פאַרשטיין. מיט איין וואָרט, וואָסער קויל עס קאָן אַריינגיין אין אַ גלייכן ווינקל. איך מיין, אַז איך וועל געווינען ביים זון די האַרמאָניע, — ער זיצט שוין דעם דריטן טאָג און רעכנט.

— האָסט אַ זון אין די מעכאַנישע וואַרשטאַטן ? דאָרט איז אַ תענוג צו אַרבעטן, די קוואַליפיקאַציע איז אויך ביז דער אַכטער מדרגה. און ביי דער ערד-אַרבעט, וואו מען אַרבעט מער מיט די בלויזע הענט, איז די קוואַליפיקאַציע נאָר ביז דער פינפטער מדרגה. דאָס דאַרף אַזוי נישט זיין. פאַרשטייט זיך, אַז די יונגעלייט שטופן זיך נאָר אין די מעכאַנישע וואַרשטאַטן אַריין.

עס זענען אַריינגעקומען נאָך עטלעכע אַרבעטער.

— און די האַרמאָניע ביים זון וועל איך דאָך געווינען. ביי אונז האָט איין פאַבריק-אַרבעטער אויסגעטראַכט אַ נייעם ערד-שעפּער צו די עקסקאַוואַטאָרן, — די אינזשיניערן האָבן אַזש אַרויסגעקרעכצט פון פאַרוואונדערונג, שיקן אים אַוועק אין דער טעכנישער הויך-שול אַריין, — דער בחור גייט אַרום און ווייסט גאָרנישט אויף וועלכער וועלט ער איז.

פּאָלטאָראַקס קאָפּ איז פול געווען מיט שלאָף. סיסאָיעוו האָט אויסגעטרונקען דאָס לעצטע שעלעכל טיי, זיך אָפּגעווישט און גלייך געמאַכט די וואָנסעס, געזאָגט מיט ישוב-הדעת:

— די מיטגלידער האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט. מען דאַרף אָנהייבן. איר וועט האַלטן דאָס אַריינפיר-וואָרט, אויפקלערן די פּראָיעקטן פון ג. ע. ט. די מיטגלידער זענען שטאַרק פאַראינטערעסירט.

זיי זענען אַריבערגעגאַנגען אין לייען-זאַל, שווייגנדיק פאַרנומען די ערטער.

— רעפערירט, חבר פּאָלטאָראַק, — האָט סיסאָיעוו געזאָגט. — איך עפן די זיצונג. אויפן טאָג-אָרדנונג שטייט די פראַגע וועגן איבערגעבן דעם ג. ע. ט. די עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס אויף דער בויאונג. פּראָטאָקאָליר, איוואַן סטעפּאַניטש, צייל אונז איבער בשעת ער וועט רעדן.

פּאָלטאָראַק האָט צונויפגענומען די געדאַנקען, זיך באַמיט צו פאַרטרייבן די ווייטיק פון קאָפּ. ער האָט נישט גענוג קלאָר געוואוסט, נאָכוואָס ער דאַרף רעדן פאַר די אַרבעטער און זיי אַלץ אויפקלערן. די אַרבעטער האָבן זיך צוגעהערט שווייגנדיק. פּאָלטאָראַקן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס צימער מיט די מענטשן זענען אויך אַזוי שלעפעריק, ווי ער. ער האָט גערעדט לאַנג און נישט געדענקט וואָס ער האָט גערעדט.

— שטעלט פראַגן, מיטגלידער, — האָט סיסאָיעוו געזאָגט, ווען פּאָלטאָראַק האָט אויפגעהערט צו רעדן. — פּראָטאָקאָליר די פראַגן, איוואַן סטעפּאַניטש.

די אַרבעטער האָבן זיך צוגערוקט צום טיש, ביי וועלכן עס זענען געזעסן פּאָלטאָראַק, סיסאָיעוו און דער סעקרעטאַר.

— צי קאָנען מיר דערפילן די פאָדערונגען פון ג. ע. ט. און איינצייטיק נישט פאַרנאַכלעסיקן די איצטיקע נאָרמע? עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, וויפל מענטשן דער ג. ע. ט. וועט דאַרפן? — האָט אַ יונגער אַרבעטער געפרעגט.

— פאַרשרייב די פראַגע, צי אונזערע מאָנטערן האָבן די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס פאַר דער אַרבעט מיטן ג. ע. ט., ווי גרויס עס איז די באַלאַסטונג? און אויך — וואָס פאַר אַן ערבות עס גיט דער ג. ע. ט.

פּאָלטאָראַקס קאָפּ האָט געפּלאַצט פון ווייטיק. אויף אַ פּראָדוקציע־באַראַטונג איז ער געווען צום ערשטן מאָל, און זי האָט אים אויסגעזען איבעריק, — חוצדעם, האָט אין האָטעל געוואַרט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ. פּאָלטאָראַק האָט מיט רוגזה אַ טראַכט־געטון וועגן דעם, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געגלייבט, — אַז די פּסיכיק פון די אַרבעטער האָט אין משך פון די רעוואָלוציעיאָרן זיך געענדערט, אַז עס איז שוין אַריין אין דער ביאָלאָגיע פון זייער פּסיכיק, אַז די בויאונג — דאָס איז זייער אייגנטום, — זיי דאַרפן אין איר לעבן, דאַרפן זי באַוואַכן. די בויאונג, די באַדינגונגען פון דער בויאונג, זענען געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע

זאַך פון די אַרבעטער, ווען ער, פּאָלטאָראַק, איז, אפנים, מחויב אָפּצוגעבן חשבון.

— פאַרשרייב די פראַגע, צי די רושטאָוואַניעס זענען באַשטעלט געוואָרן?

— ענטפער אויף דער פראַגע, חבר פּאָלטאָראַק — האָט סיסאָיעוו געזאָגט.

פּאָלטאָראַק האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן לאַנג און נישט קלאָר. די אַרבעטער האָבן אים געדולדיק אויסגעהערט.

— חבר קווושינאָוו, נעם אַ פראַגע אין דער דיסקוסיע, — האָט סיסאָיעוו געזאָגט און שטיל צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו פּאָלטאָראַקן: — ווי איך זע, חבר פּאָלטאָראַק, וועט דיין זאַך נישט דורכגיין.

עס האָט אָנגעהויבן רעדן דער חבר קווושינאָוו, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פריער אויסגעהוסט און אַ הייב־געטון די הויזן.

— שוין נישט דאָס ערשטע מאָל ווערט ביי אונז באַהאַנדלט די פראַגע וועגן ג. ע. ט, נאָר אַצינד זע איך, אַז דער ג. ע. ט. וויל ביי אונז איבערנעמען די אַרבעט גאָר אָן אַ יסוד אויף דעם. איך בין דערפאַר, אַז מען זאָל דעם ג. ע. ט. קיין שום אַרבעט נישט איבערגעבן. דער חבר רעפערענט, דער פאָרשטייער פון ג. ע. ט., רעדט נישט איבערצייגנדיק און איז זיך אַליין סותר. אויב אַ טאָג אַרבעט פון אַ מענטש קאָסט אונז אַכט רובל, און דער ג. ע. ט. — באַרעכנט אים אויף זעכצן, וועט דאָך אונז אויסמאַכן טאָפּל טייערער, און מיר וועלן דעם ג. ע. ט. אַריינפּאַקן בחינמדיקע דרייהונדערטויזנט רובל. אונז — די הענט אויף צו אַרבעטן — זענען נישט קיין שאָד. חברטע קאָלאַגאַיעוואַ, דערגענץ דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט.

עס האָט גענומען אַ וואָרט דאָס מיידל אין רויטן טיכל, זיך פריער גלייכמאַכנדיק דאָס טיכל.

— איך האַלט, אַז די פראַגע דאַרף באַהאַנדלט ווערן זייער פּאָרזיכטיק. עס מוז געזאָגט ווערן, אַז די אַדמיניסטראַציע פון ע. מ. איז נישט ווי געהעריק צוגעטרעטן צו דער פראַגע, וואָס דאָס האָט

גורם געווען די גאַנצע אויפרודערונג. עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס מען דאַרף געבן אַן ערבות, אַז מיר וועלן די אַרבעט אויס־פירן צום טערמין, אַן ערבות, וואָס זאָל זיך שטיצן נישט בלויז אויף ווערטער. איך האַלט, אַז דעמאָלט וועט דער ג. ע. ט. גאָר־נישט מער האָבן בײַ אונז וואָס צו טון. מיר מוזן אָפּהיטן די אינטערעסן נישט פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען, נאָר פון דער גאַנצער בויאונג און פון דער בוי־קאַסע.

סיסאָיעוו האָט זיך אָנגעבויגן צו פּאָלטאָראַקן און מילד גע־זאָגט:

— עס וועט דיר נישט געלינגען, חבר פּאָלטאָראַק. די אַר־בעטער וועלן זיך נישט לאָזן אָנציען. דו וועסט אַוועקגיין מיט גאָרנישט. הערסט, ווי דאָס מיידל דערלאַנגט דיר ?

פּאָלטאָראַק האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן אויפמערקזאַם. ער האָט, אַ בייזער, אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז אָפּהענגיק פון דידאָזיקע מענטשן. אים האָט פאַרדראָסן, וואָס ער דאַרף אויס־הערן עפּעס אַ מיידל דאָרט. דער עיקר איז דער מענטש, דער עיקר — איז דאָס מענטשלעכע לעבן. דעם מענטש, דעם אַרבע־טער, אין זיין טאָגטעגלעכקייט, אין זיינע דאגות, אין זיין הערצאָיִש־קייט האָט פּאָלטאָראַק געקענט בלויז טעאָרעטיש, אָדער אינגאַנצן נישט געקענט. פּאָלטאָראַק האָט געקענט דאָס אַמאָליקע רוסישע פאַבריק־לעבן, — דעמאָלט האָט מען מיט קיין אַרבעטער נישט איינגעטענהט. פּאָלטאָראַקס מוח איז פול געוואָרן מיט פאַראַכטונג. די אַרבעטער זענען דאָ געזעסן ווי באַלעבאַטים אין דעם קול־טורעלן טיי־לאָקאַל, וואו מען האָט נישט געטאָרט רייכערן, און עס האָט זיך דווקא יאָ געגלוסט רייכערן. און די אַרבעטער האָבן זיך באַראַטן, — ווי באַלעבאַטים, געזעלשאַפטלעכע טוער, מענטשן, וואָס זייער וועלט־באַנעם איז געענדערט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע אַזוי, אַז אַלץ, וואָס ווערט דאָ געבויט — איז זייער: זייער אַרבעט, זייערע דאגות. קעגן פּאָלטאָראַקן זע־נען געזעסן שונאים. דידאָזיקע מענטשן האָבן פאַרנומען זיין אָרט, באַהאַנדלען זיינע פּראָיעקטן, האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון זיין

פּאָזיציע, אונטערטעניק געמאַכט. זיין קאָפּ איז גרייט געווען צו פּלאַצן פון וויטיק. דאָס מיידל האָט פאַרענדיקט איר רעדן. איר פּנים איז געווען באַחנט און ערנסט. פּאָלטאָראַק האָט אויפגעהערט זיך צוצוהערן, דער כּעס האָט אים געשטיקט אין האַלז. פּאָלטאָראַק איז גרייט געווען צו שרייען, דעם מיידלס פּנים איז אים געוואָרן עקלהאַפט.

און די אַרבעטער האָבן פאַרגעסן אָן פּאָלטאָראַקן.

די זיצונג האָט זיך געענדיקט. דער פאָרשלאַג פון ג. ע. ט. איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. צוזויפליינגדיק די פּאַפּירן, האָט סיסאָיעוו מילד געזאָגט:

— מען דאַרף אַלץ מער, קיינער זאָל זיך נישט קלאָגן: עמערס, פענדלעך, מאַשינען, ברויט, פלייש. קיין רייכע זענען דאָך דאָ נישטאָ, קיינער וועט נישט צונעמען. און צוליב דעם טאַקע דאַרף מען פירן עקאָנאָמיע. און איינער דעם צווייטן דאַרף שעצן, נישט מורא האָבן פאַר אים. אַ־בעטער־מענטשן דאַרפן אומבאַדינגט זיך ליב האָבן, אַרויסהעלפן איינער דעם אַנדערן.

— וועגן וואָס רעדט איר? — האָט פּאָלטאָראַק געפרעגט.

— טאַקע וועגן סאָציאַליזם, — האָט סיסאָיעוו געענטפערט: — פריינטשאַפט, דאָס איז אמתער קאָמוניזם. און דו — מיט דיין ג. ע. ט... האָב נישט פאַריבל, פאַרשטייסט דאָך, — עס איז דאָך פאַרן וואויל פון דער אַלגעמיינער זאַך.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אין הייסן טאָג אַריין. פּאָלטאָראַקן האָט זיך געדאַכט, אַז די זון שיינט שוואַרץ. מיט דריי יאָר צוריק איז ליובאָוו פימענאָוונאַ אַוועקגעגאַנגען פון פּאָלטאָראַקן, ווי אַ ריין מיידל. דעם מערדער ציט אויפן אָרט פון מאָרד. די שטיינערנע באַבעס, וועלכע ליובאָוו פימענאָוונאַ האָט שטודירט, זענען געווען פּאָלטאָראַקס קראַנקהייט.

ליובאָוו פימענאָוונאַ פּאָליעטיקאַ האָט געוואוינט מיט דער מוטער אין קאָלאָמנע אין הויז פון די אַלטע פריילינס סקודרין.

נאָכדעם ווי דער צווייטער מאַן, עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ, האָט פאַרלאָזט די מוטער, האָט זי איינגאַנצן זיך געווידמעט דער מוטער און דער ייִנגערער שוועסטער אַליסאַ. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געאַרבעט ביי די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען. דאָס הויז פון די סקודרינס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן. אין הויף, ביים גאָרטן-טירל, האָט אין באָד געוואוינט איוואַן קאַרפּאָוויטש אָזשאָגאָוו מיט זיין הונט אַראַפּ. אייגנטלעך פלעגט איוואַן קאַרפּאָוויטש קומען בלויז צוגאַסט צו זיין הונט, ווייל ער האָט זיך געהאַט איבערגעטראָגן אין זיין קאָמונע אַריין ביים צעגעלניע-אויוון. דער הונט אַראַפּ איז געשלאָפן אויף איוואַן קאַרפּאָוויטשס בעט און געהאַלטן דאָס באָד פאַר זייער בשותפותדיק אייגנטום. אַ מעת-לעת פאַר די באַשריבענע געשעענישן האָט דער אינזשיניער פיאָדאָר איוואַנאָוויטש סאַדיקאָוו געברענגט אין הויף אַריין אַ צווייטן הונט מיטן נאָמען וואָלף, וועלכער איז געבליבן נאָך מאַריאַ פעדאָראָוונעס טויט. וואָלף האָט נישט געוואָלט עסן פון סאַדיקאָווס הענט, סאַדיקאָוו האָט אים איבערגעגעבן ליובאָוו פּימענאָוונען. די הינט האָבן זיך באַשמעקט, שליסנדיק באַקאַנטשאַפט. דאָס הויז, אין דער טיף פון הויף, אַ געבויגנס, אַ פאַרוואַקסנס מיט גרינעם מעך, האָט דורך דער טעראַסע זיך פאַרייניקט מיטן גאָרטן; דער גאָרטן איז געווען פאַרוואַקסן מיט גראָז, איבערן גראָז זענען געלאָפן שטעגעלעך — פון טירל צום גאַניק, פון גאַניק צו דער שאָפע און אין גאָרטן אַריין, צום גאָרטן-טירל.

און אַלץ האָט זיך געטונקען אין שטילקייט און אין זון. זומער-צייט שטייען אין אַזעלכע הייזער די פענסטער כסדר אָפן, — כדי די קרומע צימערלעך זאָלן זיך לופטערן אין לינדן ווינט פון מילדן יולי-טאָג, דעם גרינעם און קילן פון די ווילדע וויינטרויבן און ליפּע-ביימער אין אַלטן גאָרטן. די ווילדע וויינטרויבן שיצן אין אַזעלכע טעג די צימערלעך פון דער חמימהדיקער היץ.

ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט איבערגעלעבט שווערע טעג לעבן דער מוטער, וואָס האָט פאַרלוירן איר לעצטן מאַן און פאַרברענגט אַ שווערע נאַכט פון נאָכטראַכטן וועגן מאַריען, זיצנ-

דיק לעבן הונט וואָלף, וואָס איז געבליבן נאָך איר. פון אָוונט אָן, ווען סאַדיקאָוו איז אַוועקגעגאַנגען, און פון פאַרטאָג אָן, ווען דיביימער זענען שוואַרץ געוואָרן אין זון-אויפגאַנג און איר אָנטון האָט זיך באַדעקט מיט קאַלטן טוי, איז ליובאָוו פּימענאָוונאַ אָפּגע-זעסן מיט וואָלפן. וואָלף האָט געקוקט אויף איר מיט ליידיקע אויגן, און ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געזען אין זיי מאַריעס טויט, אירע לעצטע גסיסה-צאַפּלענישן, וואָס וואָלף איז געווען זייער עדות, און געזען די מוטער, וואָס איר איז גאָרנישט געבליבן אין לעבן, וואָס לאַסלאָ האָט צעבראָכן, און איז אויך שולדיק געווען אין מאַריעס זעלבסטמאָרד. אין וואָלפס אויגן האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געלייענט וועגן טויט. אין שיין פון זון-אויפגאַנג האָבן די ליפּע-ביימער און איר אָנטון באַקומען אַ ביינערדיקע שאַטירונג.

אָבער אין דערפרי איז ליובאָוו פּימענאָוונאַ אויפגעשטאַנען אין דער געוויינטלעכער צייט, ווען די מוטער איז נאָך געשלאָפן, געגאַנגען מיט וואָלפן און מיט דער שוועסטער אַליסאַ צום טייכל קאָלאָמיענקע זיך באָדן, ווייט פון שטאָט, צום אָרט, וואו עס זע-נען נאָך אויף דער צערקווע געבליבן שפּורן פון טאָטערישן כאַן מאַמאַיס איבערפאַל און וואו עס איז מיט דריי הונדערט יאָר צוריק טאַקע געשטאַנען דער שלאָס פון קאָלאָמנע. דאָס וואַסער אין דער קאָלאָמיענקע איז געווען קאַלט. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט זיך פאַרבונדן די האָר אין אַ פעסטן קנופּ, זיי זאָלן זיך נישט איינ-נעצן. זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, ווען די מוטער איז שוין גע-האַט אויפגעשטאַנען. צו ליסען איז געקומען מישקאַ, ליסעס פריינט, דער זון פון איינעם פון די אַרבעטער-ברידער סיסאָיעוו. אויף דער טעראַסע האָט געזאָטן דער סאַמאָוואַר. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט נישט אַראָפּגענומען אירע אויפמערקזאַמע אויגן פון דער מוטער. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מאַכטלאָז אָנגעהויבן רעדן וועגן דער לוויה. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט ענערגיש געזאָגט, אַז זי וועט נישט לאָזן די מוטער גיין אויף דער לוויה. די מוטער, אַ פרוי מיט אַ ליכטנדיק פּנים פון טרויער, האָט זיך באַמיט זיך צוצוגעבן מוט

מיטן ווייסן, נישט צעקנייטשטן טיכעלע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

— איך בין באַפריינדעט געווען מיט מאַריען, — האָט זי געזאָגט, — און זי איז גאָרנישט שולדיק, די אומגליקלעכע. טויטע משפּט מען נישט.

— מאַמע, מען טאָר אויך דיך און עדגאַר איוואַנאָוויטשן נישט משפּטן, — האָט ליובאָוו געזאָגט.

און נאָך דער טיי האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ אַריינגעפירט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווּנען אין גאָרטן, און אין גאָרטן, אין הייסן טאָג, אין ליבשאָפט צו דער ערד, אַרומגערינגלט מיט אירע ריחות, האָבן זיי געאַרבעט איבער אירע בייטן, און געפונען אַן אָפּרו אין דעם. די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן גאָרטן, אַרויפגעגאַנגען אויף דער טעראַסע, אַריינגעגאַנגען אין הויז — מיט רויטע טיכלעך אויף די קעפּ, די הענט אָפּגערוקט פון די לענדן, כדי זיך נישט אויסצושמירן מיט ערד. אַזוי זענען פאַרפלאָסן שעהן. מיטאָג-צייט האָבן זיי געטרונקען אויף דער טעראַסע מילך פון קעלער, אַזאַ קאַלטע, אַז זי האָט געשניטן אין די ציין. ליסען און מישקען איז פּאַרמיאוּסט געוואָרן דאָס שפּילן זיך, מישקאַ איז אויף אַ רגע אַרויסגעלאָפן דורכן טירל אויף דער גאַס, איבערלאָזנדיק ליסען אויפן הויף.

אין מיטן טאָג, ווען דער הימל איז געווען באַזונדערס בלוי און די זוניקייט אונטער די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך כסדר צו-נויפגענומען און זענען צעגאַנגען, באַזונדערס גאָלדיק, האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ פאָרגעלייענט אַליסען און מישקען. דאָס ייִנגל איז גע-ווען אַ שטילער, אַ בלויאויגיקער, און געהאַט זומערשפּרינ-קעלעך אויפן פּנים. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אַרויסגעבראַכט דאָס שערל און אָפּגעשוירן מישקען די נעגל. מישקאַ האָט זיך פאַר-טראַכט, האַלטנדיק אויסגעשטרעקט דאָס ברודיקע הענטל. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבער אַ בייט דערנעבן.

מישקאַ האָט, אַ פּאַרטראַכטער, געזאָגט:

— איך בין ערשט געווען אויף דער גאַס — אויף אונזערער

און אויף דער גרויסער. מען האָט נאָר־וואָס דורכגעטראָגן מאַריע פּיאָדאָראָווגע אויפן בית־עולם אַרויף. אַזוי פיל מענטשן זענען געגאַנגען !... מען האָט געזאָגט, אַז אַלע אַרבעטערינס אויף דער בויאונג האָבן געוואָרפן די אַרבעט, זענען געגאַנגען באַגלייטן מאַריע פּיאָדאָראָווגע אויפן בית־עולם אַרויף, און אַז אויפן בית־עולם וועט פאָרקומען אַ מיטינג. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אין אַ שוואַרצן הוט. אויפן בית־עולם איז אַרויסגעפאָרן רייטער־מיליץ.

מישקאַ איז שטיל געבליבן, פאַרטראַכט קוקנדיק אויף זיין האַנט מיט די אָפּגעשוירענע נעגל.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגע אויגן האָבן אָנגעהויבן קוקן מיט געבעט. מיט אַנדערהאַלבן חדשים צוריק איז עדגאַר איוואַנאָוויטש אַוועקגעגאַנגען פון אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגען צו מאַריען, איבער־לאָזנדיק אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגען איר עלטער. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוו־נאַ האָט שוין נישט געהאַט קיין אייגן לעבן, חוץ די זכרונות וועגן מאַן און בכלל זכרונות, און מאַריאַ סאַדיקאָוואַ האָט זיך אויפגעהאָנגען.

— גוט, מאַמע, איך וועל גיין געוואויר ווערן, וואָס ס'איז געשען, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געזאָגט.

— ניין, ליובאַ, דו וועסט אין ערגעץ נישט גיין, — האָט די מוטער שטרענג געזאָגט, און אירע אויגן האָבן געבעטן רחמנות.

— ניין, מאַמע, איך וועל יאָ גיין, און באַלד צוריקקומען.

נאָר אין דעם מאָמענט האָט אַ סקריפּ־געטון דאָס טירל פון הויף־פאַרקן, רימנאַ קאַרפּאָוונאַ האָט געוואוסט אַלע נייעסן, — יאָ, אַ שטרייק טאַקע, יאָ, זיי זענען געגאַנגען אויף דער לוויה, יאָ, זיי בויקאָטירן עדגאַר איוואַנאָוויטשן אַלס דעם מערדער.

— אַצינד לייען אונז אַ ביסל, — האָט מישקאַ געזאָגט.

אָלגאַ איוואַנאָוונאַ איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב, זיך געלייגט אויפן בעט אין איר צימער. ליובאָוו פּימענאָוונעס אויגן האָבן גע־קוקט האַרט. זי איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען. זי האָט אַוועקגע־זעצט אויף דער באַנק לעבן זיך ליסען מיט מישקען, גענומען דאָס

בּיכל, וואָס איז פאַרקנייטשט געוועזן אויפן אָרט, וואו זיי האָבן זיך נעכטן אין אָוונט געהאַט אָפּגעשטעלט אין מיטן לייענען:

„דער פאָטער מיטן זון האָבן געאַרבּעט אין אַ קוילן-שאַכט. דער קליינער, געלער מאָטקאַ האָט צוגעהאָלפן דעם פאָטער אין דער אַרבּעט. דער פאָטער מיטן זון זענען געלעגן אויף די רוקנס און מיט העקלעך אָפּגעהאַקט די רודע. איבּער זייערע קעפּ איז געהאָנגען אַ שוואַך-ליכטנדיקע לאַמטער, אַן איינגעפּאַסטע אין אַ גע-דיכטער נעץ, וואָס האָט אָפּגעהיטן די אונטערערדישע גאַזן זאָלן זיך נישט אָנצינדן. און פּלוצלינג האָט אין שאַכט זיך דערהערט אַ שרעקלעך גערויש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט אַלע אונטערער-דישע קאָרידאָרן. דער פאָטער איז געוואָרן אומרויִק און זיך אויפ-געזעצט, אַוועקוואַרפנדיק דאָס העקל און זיך איינהערנדיק אין די גערוישן. דער געלער מאָטקע האָט זיך צוגעטוליעט צום פאָ-טער. די ערד האָט געציטערט אַרום דעם פאָטער מיטן זון. דער פאָטער האָט אָנגעהויבּן שנעל קריכן צום אַרויסגאַנג, דער זון איז אים נאָכגעקראָכן. און פּלוצלינג איז אַ ברילע ערד, זיך אָפּ-רייסנדיק פון דער הייך, אַראָפּגעפאַלן אויפן פאָטער, באַגראָבנדיק אים אונטער זיך. דער קליינער, געלער מאָטקאַ האָט זיך אַ וואָרף געטון העלפן דעם פאָטער. די ערד האָט זיך אַלץ געשיט פון דער הייך. דאָס יינגל האָט זיך באַמיט אויפצוגראָבן דעם פאָטער מיט זיינע שוואַכע הענטלעך. ער האָט געוויינט און פאַרלוירן דעם אָטעם פון אָנשטרענגונג. ער האָט זיך אָפּגעריסן די נעגל פון די פינגער".

— מען דאַרף נישט, — האָט מישקאַ געזאָגט, — מען דאַרף נישט מער צו לייענען.

— פאַרוואָס?

— מיר איז זייער שרעקלעך, וואָס זיי זענען אַזוי פאַרשיט געוואָרן, — מען דאַרף נישט מער! — האָט דאָס יינגל געזאָגט, און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פאַרצווייפלונג.

אין גאָרטן האָבן זיך געצייטיקט די עפּל. דאָס יינגל איז גע-ווען אומבאַוועגלעך, אַ באָרוויסער און צעשויבערטער, אַ באַדעק-

טער מיט זומער־שפּרינקלעך און בלוי־אויגיקער. ליובאָוו פּימע־
נאָוונאַ האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף מישקעס קאָפּ. מישקאַ
האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד. ער האָט אַרויפגעלייגט
דעם קאָפּ אויף ליובאָוו פּימענאָוונעס קני. אין גאָרטן האָט געשמעקט
מיט וואַרימער ערד. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געגלעט מישקעס
האָר. אירע אויגן האָבן אויפגעהערט צו זען. זי האָט געפילט, ווי
דאָס יינגל זעט די מערדערלעכע ענגשאַפט פון דער שאַכט, די
פינסטערניש, די שרעק, — און פאַרשטאַנען, אַז דאָס יינגל האָט
זיך צוגעטוליעט צו אירע קני, כדי צו פילן מענטשלעכע וואַרימ־
קייט. מאַריאַ סאַדיקאָווען האָט מען אין דער שעה אַראָפּגעלאָזט אין
קבר אַריין. די מוטער איז אין דעם מאָמענט געווען מיטן האַרץ
מיט מאַריאַ סאַדיקאָוון. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט דערזען דאָס
פינסטערניש פון קבר. די זון האָט איר אויסגעזען שוואַרץ. עס
זענען פאַרשוואונדן אַלע קלאַנגען.

אין דער מינוט האָט סקריפּענדיק אַ קלאַפּ־געטון דאָס טירל
פון גאַס. איבערן דופטנדיקן רימעניק פון הויף איז געגאַנגען פּאָלטאָ־
ראַק. אין דער ערד, אין די קברים, פאַלן אויף די מענטשן אָן ווע־
ריט. פּאָלטאָראַק איז געגאַנגען איבערן גרינעם גראָז פון הויף, —
עס זענען פאַרשווונדן געוואָרן אַלע קלאַנגען, די זון האָט אויסגע־
זען שוואַרץ, — ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט פּלוצלינג אין איין רגע
פאַרגעסן אי דאָס יינגל, אי די מוטער, אי דעם גאָרטן, אי די
ערד. זי איז אַקעגנגעלאָפן פּאָלטאָראַקן, אַרויפגעלייגט די הענט
אויף זיינע אַקסל, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט.

— דו ביסט געקומען? — האָט זי געשעפּטשעט. — דו ביסט
געקומען! מיר איז אַזוי שווער.

— יאָ, איך בין געקומען, — האָט אויך ער שעפּטשענדיק גע־
וואָגט, — אויף אייביק!... אויף אייביק!... אויף אייביק, — האָט
ער איבערגעחזרט, — און עס איז געשען מיט אים עפּעס אַזוינס
אומגעריכטס, אומאָפּהענגיקס פון זיין ווילן, וואָס האָט זיך אים
זיכער איבערגעגעבן פון ליובאָוו פּימענאָוונאַ, ווען די זון האָט איר
אָנגעהויבן אויסזען שוואַרץ און עס זענען פאַר איר פאַרשוויגן גע־

וואָרן אַלע קלאַנגען, — דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט און די געדאַנקען זענען אים פאַרשוואונדן.

פּאָלטאָראַק האָט אַנידערגעקניט פאַר ליובאָוו פּימענאָוונען. זיין ווילן האָט נישט עקזיסטירט. די געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט, ווי זיין מוח וואָלט זיך געהאַט אויסגעגליטשט. ליובאָוו האָט אים צוגעהאַלטן ביי די אָרעמס, ער זאָל נישט פאַלן. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט צו דער ערד. מישקאַ האָט צוגעהאָלפן ליובאָוו פּימענאָווּנען אונטערהאַלטן פּאָלטאָראַקן. מישקאַ איז געווען זייער ערנסט.

קיינער האָט נישט געהערט, ווי דאָס טירל האָט ווידער אַ גרילץ-געטון. דער שלעפער איוואַן איז שטיין געבליבן אין דער זייט ביים פאַרקן.

ליובאָוו פּימענאָוונעס אויגן האָבן אויסגעדריקט גליק און גרייטקייט זיך מקריב צו זיין.

די קעפּ פון די הינט האָבן זיך אַרויסגערוקט פון צווישן דער קראָפּעווע, וואָס איז געוואַקסן ביים באָד.

— אויף אייביק, — האָט פּאָלטאָראַק אַ פליסטער-געטון. — וואָס פאַר אַ נאַרישקייט דאָס איז! איך וועל באַלד אויפשטיין.

ער איז אויפגעשטאַנען, זיך אָנהאַלטנדיק אָן ליובאָוו פּימענאָוונען.

— מישאַ, ברענג וואַסער, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געזאָגט.

— יאָ, וואַסער, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט.

פּאָלטאָראַק האָט געמאַכט עטלעכע נישט זיכערע טריט. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אים אַריינגעפירט אין גאָרטן, אויף דער זעלבער באַנק, אויף וועלכער זי איז מיט אַ ווײַלע צוריק געזעסן מיט מישקען.

זי האָט מיט איר גאַנץ ווען זיך צוגעטוליעט צו פּאָלטאָראַקן.

— דו ביסט פריי, האָסט ליב, ביסט געקומען, — האָט זי געזאָגט.

— דו געדענקסט, דו האָסט געשריבן וועגן די שטיינערנע באַבעס, — האָט פּאָלטאָראַק אָנגעהויבן און אַליין זיך איבערגעשלאָגן. — דער קאָפּ דרייט זיך מיר, איך בין די נאַכט נישט געשלאָפן...

איך וועל גיין, איך הערש אַצינד נישט איבער מיר. איך וועל גיין צו מיר אין האָטעל אַריין. איך דאַרף זיין אויף דער בויאונג. דאָרט איז דאָ דיין פאָטער. איך קען אַ געוויסן אויסלענדער, וואָס זיינע אויגן זענען האַרט, ווי זוילן, — אויגן, ווי זוילן.

— וואָס רעדסטו, יעווגעני? דו וועסט אין ערגעץ נישט גיין, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געזאָגט. — איך ווייס, אַז דער פאָטער געפינט זיך דאָ אויף דער בויאונג, — ער קומט נישט צו אונז. — אויב ער וועט וועלן, וועט ער אַליין קומען. דו ביסט געקומען, דו מוזסט מיר אַלץ דערציילן. אונז האָט געטראָפן אַ גרויס אומגליק, געטראָפן די מאַמען, — היינט קומט פאַר די לוויה פון לאַסלאָס פרוי. דערצייל, וואו זענען דיינע קינדער?

— דו ביסט אַ קאָמוניסטין?

— יאָ.

— וועסט זיין מיינע?

— יאָ.

— גלייבסט אין דער רעוואָלוציע?

— יאָ. וואו זענען דיינע קינדער?

— אויף דער בויאונג קומט פאַר אַ שטרייק. דו קענסט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרינען און די אויפקויפערס בעזדיעטאָוו? וואָס פלוידער איך! איך רעד נישט דאָס, וואָס מען דאַרף...

— וואו זענען דיינע קינדער?

— מיינע קינדער? זיי זענען דאָ נישטאָ, זיי זענען אין מאָסקווע.

מישאַ האָט געבערענגט וואַסער. פאָלטאָראַק האָט אויסגעטרונקען. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אַרומגענומען פּאָלטאָראַקן. אין גאָרטן האָבן זיך געצייטיקט די פּירות, די זון איז געפאַלן אויף די ביימער. און עס איז נישט געווען — נישט קיין זון, נישט קיין מישאַ, נישט קיין וועלט. דער שלעפּער איוואַן איז געשטאַנען ביים פאַרקן פון גאָרטן, זיך געטרייסלט און געמאַכט העויות, האַלטנדיק אַרויפגעלייגט די הענט אויפן פאַרקן און דעם קאָפּ אין די הענט. מישאַ איז צוגעגאַנגען צו איוואַן קאַרפּאָוויטשן. אויף דער טראַ-

סע האָט נאָך ליסען זיך באַוויזן די מוטער. אין דער וועלט האָט געהערשט טיפע שטילקייט.

— איך וועל גיין, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט, — איך האָב נישט געוואוּסט, ווי אַזוי דו וועסט מיך אויפנעמען. איך האָב נישט געוואוּסט, אַז דו געפינסט דיך דאָ.

— וואָס הייסט — דו האָסט נישט געוואוּסט, אַז איך געפין מיך דאָ? — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געפרעגט.

— ניין, נישט דאָס, איך האָב נישט געוואוּסט, אַז דו וועסט מיך אַזוי אויפנעמען. איך האָב נישט געוואוּסט, צי איך וועל דיך טרעפן... איך וועל שוין גיין, איך וועל קומען אין אָוונט, אין אַ שעה אַרום, איך מוז בלייבן אַליין מיט מיר, איך וועל גיין אין מיין האָטעל אַריין. מען דאַרף זיין ריין. — פּאָלטאָראַק איז אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין טיף אין גאָרטן אַריין. — ניין, איך גיי אין אַ שלעכטער ריכטונג. פיר מיך צו. איך וועל קומען, ליובאַ, איך וועל קומען, — אויף שטענדיק.

פּאָלטאָראַק האָט מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון טירל. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אים צוגעפירט ביז צום אַרויסגאַנג. עס האָט זיך צעבילט דער הונט אַראַפּ. פּאָלטאָראַק האָט זיך נישט פאַרהאַלטן ביים טירל, זיך נישט געזעגנט, אַנטלאָפן. דאָס טירל האָט מיט אַ סקריפּ אַ קלאַפּ־געטון. נאָך דעם קלאַנג האָט די וועלט אָנגעהויבן צוריק אויסזען ווי פריער, — דער פאַרקן פון גאָרטן, די ביימער, די מאַמע אויף דער טעראַסע מיט די ערד־אויסגעשמירטע הענט, וואָס זי האָט פאַרגעסן אָפּצוּוואַשן, — דער הימל, מישאַ, איוואַן קאַרפּאָוויטש.

איוואַן קאַרפּאָוויטש האָט געמאַכט משונהדיקע העויות, זיך געטרייסלט. איוואַן קאַרפּאָוויטש האָט פאַרשטעלט דעם וועג ליובאָוו פּימענאָוונען.

— ליכטיקע פריילין מיינע, חברטע ליובאָוו פּימענאָוונאַ, — האָט זיך איוואַן קאַרפּאָוויטש צעיאָמערט. — מען דאַרף נישט! מען דאַרף נישט יך זאָג אייך, אַז — מען דאַרף נישט! האָט אים

ניט ליב! ער איז געקומען און אַפילו נישט געזעסן אַ ביסל, און באַלד צוריקגעלאָפן אין האָטעל אַריין. ער האָט זיך פון מאָסקווע מיטגעבראַכט אַ געמאַליעוועטע נקבה, זי וואַרט דאָרט אויף אים. טייערע פריילין מיינע, חברטע ליובאָוו פּימענאָוונאַ, — ווײַנט! — דאָס איז אַ שד אַ וויסטער, ער וויל מיט מיין ברודער יאַשקען דעם מאָנאָליט אויפרייסן!... טריומפירט, חברים, די מענטשן קעמפן ווידער פאַר ערע, פאַר קאָמוניזם, פאַר איידלקייט!... און איר, אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, — ווײַנט! און דו מישקאַ, וויין אויך!...

— ווי וואָגט איר אַזוי צו רעדן? — האָט ליובאָוו אויסגע-שריגן.

— איוואַן קאַרפּאָוויטש, וואָס רעדט איר?! — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אַן אויפגערודערטע, מיט אַ בעטנדיקן בליק אין די אויגן, זיך דערנענטערט צום שלעפער.

דער שלעפער האָט צוגעלייגט די הענט צו דער ברוסט און זיך געטרייסלט.

קאָלאָמנע, וואָס האָט אַצינד זיך געפונען אויפן מלחמה-פראָנט פאַרן סאָציאַליזם, איז אַ ניקאָלאַיעווער שטאָט, אַ שטאָט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, וואָרים זינט זיין אויפהערן רעגירן, האָט אויך די שטאָט אָנגעהויבן אָפּשטאַרבן. דער האָטעל אויף דער אַסטראַכאַנער גאַס האָט זיך גוט געפילט אין דעם ניקאָלאַיעווער אָפּשטאַרבן, אינמיטן די איבעריקע הייזער, אויך אַזעלכע גע-מויערטע און שטאַרק אַראָפּגעזעצטע צו דער ערד.

די האָטעל-נומערן האָבן אויף קאָלאָמנע געקוקט מיט קורצ-זיכטיקע פענסטערלעך, ווי פון אַ פעסטונג. די אַסטראַכאַנער גאַס, מיט די שווערע הייזער און פינסטערע טויערן, איז געשטאַנען אין קאַמף-גרייטקייט מיט אירע שילדן-רייען פון טרעסטן, קאָאָפּעראַטיוון און אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די מלחמה, וועלכע רוסלאַנד האָט געפירט. די ערד האָט זיך גענייגט צו

אָוונט, די קראָען — די גייסטער פון חורבן — האָבן צעגנבעט דעם טאָג, און די גלאָקן — דער יאָמער פון אַלטערטום — האָבן אויפ־געהערט צו זיפצן. דער ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן צו מעריב, געטריבן די וואָלקנס, די ערד איז גרוי געוואָרן, און עס האָט גע־נומען פאַלן אַ האַרבסט־רעגן. אַזוי געשעט אָפט, אַז צוליב עפּעס אַ קליינער ענדערונג אין דער נאַטור קומט פּלוצלינג אָן דער פרי־לינג אָדער האַרבסט, אויף וועלכע מען האָט מיט צען מינוט צו־ריק זיך נאָך גאָרנישט געריכט.

פּאָלטאָראַק האָט אויסגעזען זייער קליין אויפן פּאָן פון די ניקאָלאַיעווער הייזער־טרומנעס. פּאָלטאָראַק איז געגאַנגען זייער פּאַ־מעלעך, פאַרטשעפּענדיק זיך אָן די רויטע שילדן. די גאַסן האָבן געפּוסטעוועט אין רעגן.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געלעגן אויפן בעט, ווען פּאָל־טאָראַק איז אַריינגעקומען אין נומער, וואו עס איז אַזוי שטיל געווען, ווי אין אַ פעסטונג.

— דאָס איז שוויינעריי, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געזאָגט, — איר האָט מיך פאַרבעטן, כדי מיר צו ווייזן די בויונג, כדי צו זיין צוזאַמען מיט מיר, און איר גייט כסדר אַוועק און לאָזט מיך אַליין.

פּאָלטאָראַק האָט גאָרנישט געענטפערט און זיך אָנגעגאָסן ווייִן.

— איבעריקנס, דידאָזיקע איינזאַמקייט איז אַ קאָמישע. די האָטעל־טרומנע, דאָס אַלטפּרענקישע זיפצן איבער דער שטאָט, דער אוראַלטער פּלאַץ — דאָס אַלץ געהערט מיר. איך האָב געזען דאָ אַן אוראַלטע לוויה. זי איז דורכגעגאַנגען פאַר מיין פענסטער. פאָרויס האָט מען געטראָגן אַ טרומנע, און נאָך דער טרומנע זע־נען אין רייען נאָכגעגאַנגען ווייבער, אפשר מער ווי טויזנט. הער — דערדאָזיקער אוראַלטער פּלאַץ, דאָס אוראַלטע זיפצן פון די גלאָקן און די אוראַלטע ווייבער, די פּראָלעטאַריערינס — זייערע פּנימער און הענט זענען בלוילעך־ברוין אָפּגעברענט און האָבן די קאָליר פון פלוימען, זיי געהערן בישט צו דער ווייסער ראַסע.

זיי זענען אָנגעטון געווען אין מלבושים, וואָס מען האָט געטראָגן מיט טויזנט יאָר צוריק, — אין טיכער און קליידלעך. זיי זענען געגאַנגען באָרוויס. די באַבעס האָבן דערמאַנט אָן אוראַלטער. דאָס איז געווען אַ לוויה־מאַרש פון סקיטן, אַ מאַרש, וואָס געדויערט שוין אַזוי פון אייביק אָן. פאָרויס האָט מען געטראָגן אַ טרומנע, — וואָס־זשע פאַר אַן אַלטערטימלעכקייט האָבן עס באַגראָבן די ווייבער, וואָס זענען שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען נאָך דער טרומנע? איך האָב אַ גאַנצן טאָג געדרימלט און געטראַכט וועגן דעם.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געלעגן אין בעט, אַ האַלב־אָנגעטוענע. זי איז אויפגעשטאַנען, אַרויפגעוואָרפנדיק זיך אויף די אַקסלען אַ נאַכט־שלאָפראָק, האָט געטרונקען אַ ביסל ווייַן און זיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער.

— ביי אָסטראָווסקין און גאָגאָלן שפּילט דאָס פּראָווינציעלע פענסטער די ראָל פון אַלע סיוזשעט־פאַרבינדונגען און פון דער מאָסקווער אָוונט־צייטונג, — און, כ'לעבן, דידאָזיקע צייטלעכע פענסטער־צייטונג איז זייער אינטערעסאַנט. איך האָב דיר נישט געזאָגט וועגן דעם, יעווגעני. אוודאי, באַגראָבן דידאָזיקע פרויען דעם אוראַלטער. איך בין נאָך נישט זיכער, אָבער — מיר דאַכט זיך, אַז... איך האָב אַ שוואַכן באַגריף וועגן דעם, וואָס עס הייסט אַזוינס מאָראַל, אָדער איך האָב אַן אייגענע מאָראַל. בשעת דערדאָזיקער לוויה האָב איך געטראַכט, אַז עמעצער איז דאָרט געשטאָרבן, נאָר איך וועל האָבן אַ זון און נישט וויסן, ווער זיין פאָטער איז, — זיי זענען געווען עטלעכע, און איך בין מעוברת. און דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג, ווער עס איז דער פאָטער. דאָס איז מיין מאָראַל. איך בין אַ מוטער — און דאָס איז מיין רעכט פון די עלטסטע צייטן אָן. יענער געשטאָרבענער, וועלכן מ'האָט מקבר געווען, וועלכן איך האָב נישט געקענט, מעגלעך אַז ער איז עס דער, וואָס האָט מיר געגעבן די רעכט צו האָבן אַ קינד, נישט קענענדיק זיין פאָטער. עס זענען געווען עטלעכע אַזעלכע, וואָס האָבן מיך געקאָנט באַפרוכפערן.

— מען האָט מקבר געווען דעם אינזשעניער לאַסלאָס פרוי,

וועלכע האָט זיך נעכטן אינדערפרי אויפגעהאָנגען, — האָט פּאָל־טאָראַק מרה־שחורהדיק געזאָגט.

— זי האָט זיך אויפגעהאָנגען? פאַרוואָס?

— איך ווייס נישט. דו ווייסט נישט, ווער עס איז דער פאָטער פון דיין קינד? — דו ווייסט נישט וואָסער אוראַלטער די פרויען האָבן מקבר געווען? זיי האָבן מקבר געווען אונז, דיך, מיך, אונזער קולטור!...

— איז ערגער פאַר מיין זון.

פּאָלטאָראַק האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן נאַדיעזשדאַ אַנטאָ־נאָוונען.

— וועגן וואָס רעדסטו, נאַדיעזשדאַ? — האָט ער געזאָגט. — דו ביסט געשלאָפן, און איך בין די גאַנצע צייט געווען אויף די פיס. זיי האָבן צו קבורה געבערענגט אונז. יאָ, עס איז ערגער פאַר דיין זון, ווייל זיי האָבן אים אויך מקבר געווען. אָבער עס איז אַלץ איינס. איך בין געווען אויף די פיס, און דאָס איז נישט שרעקלעך, — אין מאָמענטן פון שלאָפלאָזיקייט קומען אויפן רעיון זאַכן אומפאַרשטענדלעכע, פאַנטאַסטישע, ווי דידאָזיקע לוויה. דו לייענסט די צייטונג פון דער צייט. לאָמיר פאַרברענגען אַ פריילע־כע נאַכט אינמיטן דער מגפה, הינטער די פענדלען, וועגן וועלכע איך האָב דיר אינדערפרי דערציילט. איך בין פולשטענדיק, פול־שטענדיק קראַנק. איך רעד פון היץ. איך האָב גערעדט היינט מיט די אַרבעטער, זיי האָבן מיר געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, ווי־מען טוט מיט אַ שוטה.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס איז אַריינגעקומען אַ שליח פון דער בויאונג.

— אַ טעלעגראַמע.

די טעלעגראַמע איז געווען פון פאָלגענדן אינהאַלט:

„וויעראַ איז נאָר־וואָס געשטאָרבן, מיר ביידע זאָגן דיר: זיי פאַרשאָלטן, אויסוואורף".

אין מאָסקווע, אויף דער וולאַדימיר־דאָלגאָרוקער גאַס, אין קאַבינעט פון מאַהאָן־מעבל, האָט געהערשט טיפע רו און שטיל־קייט. די וואוינונג אויף דער זשיוואָדיאָרקע איז געווען די „היים". אויפן ביוראָ־טיש אין קאַבינעט זענען געשטאַנען די שווערע בראָנז־לייכטער מיטן שווערן בראָנזענעם שרייב־געצייג. אין די לייכטער האָבן געברענט ליכט. אויף דער פאַוועל־סאָפע, אין קאַבינעט, איז געלעגן, אַ שטאַרבנדיקע, וויעראַ גריגאָריעוונאַ. די גאַרדי־נען האָבן געהיטן די שטילקייט. עס האָט אויך געברענט נאָך איין ליכט אויפן טישל לעבן דער סאָפע, אינמיטן די רפואה־פלעש־לעך. אויפן טישל איז געשטאַנען אַ זילבערן גלעקל פון דער אַלעק־סאַנדער־עפּאָכע.

וויעראַ גריגאָריעוונאַ איז געווען אַליין. אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. אַ טרוקענע שטילקייט האָט געגליווערט אין קאַ־בינעט, אינמיטן דער אומבאַוועגלעכער נאַכט. די שיינע וויע־ראַ גריגאָריעוונאַ איז געלעגן אומבאַוועגלעך, זייער רויִק, אירע הענט האָבן גערוט אויף דער קאָלדרע. און דעמאָלט האָט זי אָנ־געקלונגען, פריער לאַנג זיך באַמיענדיק צו דערלאַנגען צום גלעקל, מיט צוגעמאַכטע אויגן, קוים הערבאַר. סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ איז אַריינגעקומען מיט אַ ליכט אין דער האַנט, אין נאַכט־שלאָפראָק. די עלטערע שוועסטער האָט אויסגעזען אַ סך מידער און אומרויִקער, ווי די יינגערע.

— דו האָסט געקלונגען, וויערע?

— יאָ, סאָפיע, איך שטאַרב. איך פיל, ווי דער טויט דרינגט אַריין אין מיר. — וויעראַ גריגאָריעוונאַ האָט גערעדט קלאַנגלאָז, טיף פליסטערנדיק, קוים באַוועגנדיק מיט די ליפּן. — איך בין שוין נישט קיין מענטש. איך טראַכט רויִק וועגן דעם, אַז איך האָב נאָר־וואָס צום לעצטן מאָל אין לעבן, — זי האָט איבערגעחזרט דאָס וואָרט, פאַרהאַקנדיק זיך — אין לעבן זיך צוגערירט צום גלעקל.

וויעראַ גריגאָריעוונעס פּנים איז געבליבן זייער רויִק, זי האָט נישט געעפנט די אויגן, אירע ליפּן האָבן זיך קוים, קוים באַ־

וועגט. זי איז שטיל געבליבן אויף אַ ווײַלע. די שוועסטער האָט זיך אָנגעבויגן איבער איר, דער שוועסטערס ליפּן זענען ווײַטיקלעך צעקרימט געווען. די שוועסטער האָט אַוועקגע־שטעלט איר ליכט אויפן טישל בײַ דער קאַנאַפּע און עס פאַר־לאָשן. די שײַן פון פאַרלאָשענעם ליכט האָט אַ שימער־געטאָן איבערן פּנים פון דער פאַרשטאָרבענער. אויף וויעראַ גריגאָריעוונעס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שאָטן פון אַ שמייכל.

— רוף אַרײַן יעווגעניען, ער איז דאָך דאָ, איך הער, — האָט וויעראַ גריגאָריעוונאַ אַרויסגעשעפּטשעט.

— ער איז נישטאָ, ער איז אַוועקגעפאָרן געשעפטלעך קיין קאָלאָמנע, — האָט סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ געענטפערט און זיך אומ־געקוקט אויף דער שטוב.

אויפן שרײַב־טיש האָבן געברענט די ליכט, געברענט נאָכן וויזיט פון דאָקטאָר, וואָס האָט שוין קיין רעצעפּטן נישט פאַרשריבן. סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ איז אויפגעשטאַנען, כדי צו פאַרלעשן די ליכט, נאָר וויעראַ גריגאָריעוונאַ האָט זי פאַרהאַלטן. — זי האָט ווידער געשעפּטשעט און געשמייכלט. סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבער דער שוועסטער.

— אַלץ זעט אויס שרעקלעך דאָס ערשטע מאָל, דו הערסט, יעווגעני. דאָס האָסטו געזאָגט, — דו ביסט נישט גערעכט. וואָס האָסטו געטון, יעווגעני? — וואָס האָסטו געטון? — דו האָסט מיך נישט ליב, צי האָסטו מיך דען ליב? — מיר איז שרעקלעך פאַר סאָפיען, מיר איז אַ חרפּה פאַר דער גאַנצער וועלט... איך האָב דיך אויפגעוועקט, דו ביסט געשלאָפן... איך רוף דיך שוין אַזוי לאַנג...

סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ האָט נאָך נידעריקער זיך אָנגעבויגן איבער דער שוועסטער. די שוועסטער האָט גערעדט פון היץ:

— דו האָסט געזאָגט, יעווגעני, אַז גוטע מעשים, טרײַשאַפט, ערלעכקייט — דאָס אַלץ איז גאָרנישט קעגן זעראָ פון טויט, — ניין, דו ביסט נישט גערעכט קעגן די לעבעדיקע, קעגן סאָפיען און די קינדער. דאָס איז אַ געמיינהייט, וואָס איך האָב מיך דיר

אָפּגעגעבן אַ שטאַרבנדיקע, אַ טויטע, — דאָס איז אַ געמיינהייט, וואָס דו האָסט געטון מיט מיר, יעווגעני, מיין טייערער... און אויך דאָס איז אַ געמיינהייט, וואָס איך טראַכט וועגן דיר, ווי וועגן אַ מאַן.

סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ האָט אויסגעשריגן:

— ווערע, דו רעדסט פון היץ, הער אויף, וואָס רעדסטו!

וויעראַ גריגאָריעוונאַ האָט געעפנט די אויגן. איר בליק איז געוואָרן מיושבדיק, אויפמערקזאַם, על־כל־פנים נישט פאַרווירט.

— ניין, איך רעד נישט פון היץ, סאָפיע, — האָט זי געזאָגט הויך, אַנטשלאָסן, אפילו מיט פאַרדרוס. — איך שטאַרב, סאָפיע, — און דאָס איז נישט קיין רעדן פון היץ, אַז יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט מיך געהאַט אין צוג, — דו פאַרשטייסט, וואָס איך זאָג. איך שעם מיך אפילו נישט פאַר מיר, איך בין אַ זעראָ, — מיר איז שרעקלעך פאַר דיין לעבן, סאָפיע, פאַר דיין ערע. ער איז אַ פחדן און אַ גנב. זאָג אים, אַז ער איז אַן אויסוואורף. איך שעם מיך פאַר דיר, סאָפיע, — מיר איז שרעקלעך פאַר דיר.

וויעראַ גריגאָריעוונאַ האָט פאַרמאַכט די אויגן, פאַרלירנדיק דעם אָטעם. דאָס איז געשען אינמיטן פון דער אומבאַוועגלעכער נאַכט. סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ האָט אויפגעוואַכט אַרום האַלבן טאָג. זי האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צייט. די ליכט אויפן שרייב־טיש און ביי דער קאַנאַפּע זענען שוין געווען אויסגעברענט, עס איז שוין פאַרשוואונדן אַפילו זייער טשאַד. וויעראַ גריגאָריעוונאַ איז שוין געווען געשטאָרבן. די לעבעדיקע שוועסטער האָט אַוועקגע־לייגט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט פון דער טויטער שוועסטער.

און דאָס ערשטע, וואָס סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ האָט געטון נאָכן אויפוואַכן, — איז געווען אָנצושרייבן די טעלעגראַמע און אַוועקטראָגן זי אין טעלעגראַף־אַמט. אויף דער זשיוואָדיאָרקע האָט גענאָסן אַ רעגן, דער אַספאַלט פון די טראָטואַרן האָט אָפּגעשפּיגלט די הייזער, און דידאָזיקע הייזער, אָפּגעשפּיגלטע אין אַספאַלט, זע־נען ענלעך געווען צו פלאַטאָנישע שאָטנס, אויב מען זאָל געווען אָננעמען, אַז די ווירקלעכע הייזער אויף די ווירקלעכע גאַסן זע־

נען אידעען. דער רעגן האָט אַרומגעלייגט מאָסקווע מיט אַ נאַסן גלייוער פּין וואָלקנס. די ראַדיאָ־הילכערס האָבן אויסגעשריגן אַ רוסישן האָפּאַק.

דער טויט !... עס איז געווען אַ מענטש, עס איז געווען אַ מיידעלע וויעראָטשקאַ, עס איז געווען אַ גימנאַזיסטין וויעראַ, עס איז געווען אַ שילערין פון דער מאָסקווער פילהאַרמאָניע וויעראַ סאַלישטשעוואַ, עס איז געווען אַ מיטלמעסיקע אַרטיסטין פון די פּראָווינציעלע טעאַטערס וויעראַ פּאָליעוואַיאַ, — עס זענען געווען אַ קינדהייט, אַ יוגנט, זיבנאונצוואָנציק יאָר פון אַ פרוי, עס איז געווען אַן ערשטער אַרויסטריט — סאָפיאַ פּאַמוסאָוואַ — אין אַ קרייז־שטעטל אויף אַ ליבהאָבער־פאָרשטעלונג, עס זענען געווען אומפאַרמיידלעך — ערשטע אַפּלאָדיסמענטן, אַן ערשטער קוש, אַן ערשט אָפּגעבן זיך — אַלץ איז געווען !... ווען אָבער אַ מענטש שטאַרבט, פירט מען אים אַוועק אין נאָוואָדיעוויטשער מאָנאַסטיר אַריין אויף דער וואַגאַנקע, מען באַגראָבט אים אין דער ערד אַריין, איבערגעבנדיק זיין קערפער די ווערים צום פאַמעלעכן אויפפרעסן, אָדער מען פירט אים אַוועק אין דאָנער מאָנאַסטיר אַריין און מען פאַרברענט אים דאָרט אין קרעמאַטאָריום. און אין קרעמאַטאָריום ווערט דעמאָלט דעם מענטש געגעבן די מעגלעכקייט צום לעצטן מאָל נאָך דורכצומאַכן מענטשלעכע קאָנוואולסיעס. אין אויוון פון קרע־מאַטאָריום, ביי אַ טעמפּעראַטור פון צוויי טויזנט גראַד רעמיור, בלייבט אין משך פון צוויי מינוט פון דער טרומנע און פון די מענטש־לעכע מלבושים — גאָרנישט. עס בלייבט בלויז דער נאַקעטער מת, און דערדאָזיקער נאַקעטער מענטש הייבט אָן זיך צו באַוועגן : דעם געשטאָרבענעם פאַרבייגן זיך די פיס אין די קניען, זיינע הענט הייבן אָן זיך רוקן צום האַלז, דער קאָפּ ווערט אַריינגעצויגן צווישן די אַקסלען. ווען ביים פענסטערל, דורך וועלכן מען זעט, ווי צוויי טויזנט גראַד רעמיור פאַרוואַנדלען אַ מענטש אין גאָר־נישט, שטייט אַ מענטש מיט קראַנקע נערוון, — הייבן אָן די האָר

בײַ דעמדאָזיקן מענטש גראָ צו ווערן און עס דאַכט זיך אים, אַז די לעצטע מענטשלעכע קאָנוואולסיעס פאַרלייקענען דעם טויט. דער מת נעמט־אָן אומפאַרשעמטע פּויזעס, און אין פּופּצן מינוט אַרום בלײַבט פון מענטש אַ הויפן אַש. אין דער ערד ראָיען זיך די ווערים אין מענטש, ווי דער מענטש אין קאַטאַקאָמבן.

עס איז געווען אַ מענטש, עס איז געווען אַ מיידעלע, אַ פריילין, אַ דערוואַקסענע פרוי, אַן אַקטריסע וויערא פּאָליעוואַיאַ, עס זענען געווען פריידן, ליידן, דערפאָלגן, דורכפאַלן, טריומפן!...

— וואָס איז דער אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע? — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געפרעגט.

יעווגעני יעווגעניעוויטש האָט נישט געענטפערט.

— נאַדיעזשדאַ, דיר איז באַקאַנט דער ריח פון בלוט? — האָט ער מאַכטלאָז אויסגעשריגן. — ווער עס קאָן שטאַרבן, דאַרף אויך קאָנען דערהרגענען, — און מאָרד איז געמיינהייט, נידערטרעכטי־קייט!...

— אָבער דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט, — אפילו די ליבע.

— יאָ, איך האָב טאַקע גערעדט וועגן בלוט, נאָר עס איז פאַר־האַן מאָרד אויך אָן בלוט. דו הערסט? אָן בלוט! געלער, סטאַטיסטי־שער, געשאַפן פון ציפערן! די אַרבעטער אויף דער באַראַטונג האָבן מיר געזאָגט, אַז איך בין נישט נייטיק, אַז איך בין אַרויס־געוואָרפן איבערן באָרט, דערהרגעט אָן בלוט!... — און פּאָלטאָ־ראַקס רייד האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן. — איך האָב דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, איך מוז גיין. עס רוישט דער רעגן, — צי איז דאָס טאַקע אַ רעגן?... מען קאָן דערהרגענען אָן בלוט, מען קאָן דערהרגענען מיט קושן, און מיט צערטלעכקייטן, און מיט ליגנס, מען קאָן זיך אַליין באַגנבענען. דו, נאַדיעזשדאַ, ווילסט גאָרנישט וויסן, — איך בין דאָך — אַ רוס, איך בין דאָך — אַ נאַציאָנאַ־ליסט, סאָלאָוויאָווס אַ תלמיד, איך האָב דאָך געוואָלט שטאַרבן

פאַר מיין רוסלאַנד, — און אויף דער בויאונג אַרבעטן רוסי־שע פויערן, די טאַמעס ווערן געבויט פאַר רוסישע פויערי־שע רובלס און מיט רוסישע פויערישע הענט, און סאָציאַליזם איז קעגנזייטיקע מענטשלעכע פריינטשאַפט, ווי סיסאָיעוו האָט געזאָגט.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז אַראָפּגעגאַנגען פון פענסטער, צוגעגאַנגען צום טיש, זיך אָנגעגאָסן ווײַן און אויסגעטרונקען. פּאָל־טאָראַק איז געשטאַנען אין מיטן צימער מיט דער טעלעגראַמע אין דער האַנט. די טעלעגראַמע האָט ער געהאַלטן אין דער ווייטנס פון זיך, ווי ער וואָלט זיך געקאָנט מיט איר אָפּבריען. פּאָלטאָראַק אויגן האָבן אינערגעץ נישט געקוקט. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט זיך געלייגט אויפן בעט, אַרונטערלייגנדיק זיך די הענט אונטערן קאָפּ.

— מיר דאַכט זיך, יעוגעני, אַז מיר ביידע רעדן פון היץ, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געזאָגט. — הער־זשע, וועגן וואָס איך האָב היינט געטראַכט: איך האָב קיינמאָל נישט ליב געהאַט. עס איז מיר תמיד געגאַנגען בלויז אין מיינע אייגענע איבערלעבונגען און אין מיר אַליין. איך האָב מיר אויסגעקליבן פאַרשידענע מענער, כדי אַלץ אויסצופרוון. איך בין פאַראַנטוואָרטלעך בלויז פאַר מיר אַליין. איך דאַרף נישט קיין שום פליכטן פון אייך, מענער, און דאַרף נישט קיין נאַכט־לאַטשן. איך געבער אַזוי, ווי עס געבערן וועלפינס. דו מיינסט, עס איז דאָ אַ נאַציאָנאַל רוסלאַנד? — נישטאָ! איך האָב מיר גאָרנישט פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז צו זיין אַ מוטער, צו געבוירן, צו זייגן מיט דער אייגענער ברוסט. און מיין מאַן וועט זיין די גאַנצע וועלט, לגמרי נישט באַהאַלטן הינ־טער די פענדלעך, וועגן וועלכע דו האָסט גערעדט. די וועלט איז גרויס, אָבער אַ סך קלענער פון דעם קינד, וואָס איך טראָג שוין, דאַכט זיך, אין מיר. יאָ, די וועלט איז זייער גרויס, דאָס לעבן — זייער גרויס — רינגלט מיך אַרום, איך אָריענטיר מיך נישט דערין, אָבער האָב נישט קיין מורא דערפאַר, — דאָס האָט מיך אויסגעלערנט די רעוואָלוציע. איך גלייב אין לעבן און בין רויק, פאַרשטיי בלויז דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צו מיר אַליין. איך וועל

מיר נישט מאַכן קיין אַבאָרט. זאָג מיר, אַז איך בין גערעכט, וואָס איך האָב באַשלאָסן צו געבוירן אַ קינד.

— וואו אָבער איז רוסלאַנד ? וואו זענען מיר ?! — האָט פּאָלטאָראַק אויסגעשריגן.

ווידער האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. די צייט איז געפלאָסן אין רעגן, ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן. נאַ־דיעזשדאַ אַנטאָנאָווגאַ איז געלעגן אויפן בעט. אויף אַ שטול לעבן בעט איז געשטאַנען אַ פלאַש וויין. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגאַ האָט נישט גלייך געמאַכט אויף זיך דעם שלאָפראָק.

— אַריין, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגאַ געזאָגט.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן ליובאָוו פּימענאָווגאַ פּאָליעטיקאַ אין אַ רעגן־מאַנטל און רויט טיכל אויפן קאָפּ. זי האָט אַ קוק־געטון אויף פּאָלטאָראַקן און זיך באַגריסט מיט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגען.

— דאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַק ? — האָט ליובאָוו פּימענאָווגאַ געפרעגט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגען, ווי פּאָלטאָראַק וואָלט נישט געווען אין צימער.

— יאָ, דאָ, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגאַ געענטפערט.

— אין דעם נומער ?

— יאָ.

— און איר האָט זיך אויך דאָ אָפּגעשטעלט ? — האָט זי שעפּטשענדיק געפרעגט.

— יאָ, דאָ. איך בין זיין געליבטע, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנ־טאָנאָווגאַ געענטפערט.

ליובאָוו פּימענאָווגאַ האָט זיך נישט גערירט פון דער שוועל.

— וואָס זאָל איך אים איבערגעבן ? — האָט נאַדיעזשדאַ אַנ־טאָנאָווגאַ איראָניש געפרעגט.

— אַנטשולדיקט... גיט אים איבער, אַז זיין כלה ליובאָוו פּאָ־ליעטיקאַ איז געווען ביי אים. אָבער... נישט מער. און זאָגט אים

אויך, איך בעט אייך זייער, אַז איך וואָרט נישט מער אויף אים.
— גיט, איך וועל אים זאָגן, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווי-
נאַ פרייליך געזאָגט.

ליובאָוו פּימענאָווגאַ האָט זיך פאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען.
פּאָלטאָראַק איז, ווי פריער, געשטאַנען אינמיטן צימער מיט
דער טעלעגראַמע אין דער האַנט. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָווגאַ האָט
גענומען אַ בוך, כּדי צו לייענען. דאָס צימער איז פאַרזונקען אין
שטילקייט.

— יעווגעני יעווגעניעוויטש, — ביי אונז איז געווען אייער
כּלה ליובאָוו פּאָליעטיקאַ און געבעטן אייך איבערגעבן, אַז זי וויל
אייך מער נישט זען. איך באַדויער זייער, אויב איך האָב געשטערט
אייער גליק. איך בין נישט אייפערזיכטיק, נאָר האָב נישט ליב
קיין קליינלעכקייטן און נאַרישע סיטואַציעס.

— איך וועל גיין, נאַדיאַ, — און שוין מער נישט צוריקקו-
מען. איך האָב דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע. — פּאָלטאָראַק האָט גע-
רעדט פון היץ. — איך וועל גיין און שוין מער נישט צוריקקומען.

אונ דערנאָך האָט זיך אַלץ אויסגעמישט פאַר פּאָלטאָראַקן,
אין דעמדאָזיקן פאַר אים לעצטן אָוונט... פּאָלטאָראַק האָט די נאַכט,
די לעצטע נאַכט זיינע, זייער גוט געוואוסט, אַז דער טויט קאָן
קומען אָן בלוט, פונקט ווי נישט אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט.
פּאָלטאָראַק איז אַרויסגעגאַנגען פון סקודרינען, כּדי איינס
אַ זייגער צו זיין ביי דער פאָנטאָן-בריק, וואו עס האָבן געדאַרפט
וואַרטן אויף אים די בלייערנע אויגן פון די בעזדיעטאָווס, אויך
אַזעלכע שווערע, ווי שערוואודס אויגן. ער האָט זיך געלאָזט גיין
אין דער ריכטונג פון די לאָנקעס. אַלץ אין זיין לעבן איז געווען
חרוב. דער מאָרגן איז געווען פונקט אַזוי ווייט, ווי די קינדהייט.
די נאַכט איז געווען שוואַרץ. פאַר אים האָבן געברענט די לאָמ-
טערן פון דער בויאונג, אַריינטרייבנדיק די לאָנקעס אין נאָך טי-

פּערער פינסטערניש. אויף די לאָנקעס, וואָס וועלן אין אַ יאָר אַרום פאַרשווינדן ווערן אונטערן וואַסער, האָבן זיך רויִק איבערגעשריגן די נאַכט־פייגל. וויערא, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו, — פּאָלטאָראַקס ווייב האָט געהייסן סאָפיאַ, — אין פּאָלטאָראַקס מוח האָבן זיך די געדאַנקען געפּלאָנטערט, ווי אין מוח פון אַ פאַראורטיילטן. — וויערא, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו, סאָפיאַ — דאָס איז: האָפענונג, ליבע, קלוגשאַפט — סאָלאָוויאָווס קלוגשאַפט, — ניין, דאָס איז משוגעת, עס איז נישטאָ גאָרנישט. אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט, און אָט איז געקומען דער טויט אָן בלוט. וויערא איז געשטאָרבן מיט אַ טויט אָן בלוט. נאַדיעזשדאַ האָט געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט ווער זי איז די אמתע, — און מיט פּאָלטאָראַקן האָט זי געוואָלט זיין אַזעלכע, וואָס איר איז אַלץ דערלויבט, — פאַרוואָס? — פּאָלטאָראַק איז געווען דער אמתער, פאַרברענגענדיק מיט סקודרינען. ליובאָוו איז געקומען, כדי צו זאָגן, אַז זי גייט אַוועק פון אים. דער סאַדיקאָוואַס לוויה האָט אין זיין געדאַנק זיך אויסגעמישט מ׳יט דער פּראָדוקציע־באַראַטונג.

די וועלף, הינטער די יאַגד־פענדלעך, ווייסן נישט, אַז די יעגער, צעשטעלנדיק די פענדלעך אין גרויען באַגינען, האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די ביימער, כדי צו דערהרגענען, — און אַז דער טויט קומט נישט פון די אָנטרייבער, נאָר פון יענע, וואָס שווייגן גאָר. די וועלף, אַרומגערינגלט מיט די פענדלעך און די אָנטרייבערס, זענען רויק אַזוי לאַנג, ווי לאַנג די אָנטרייבערס הייבן נישט אָן צו שרייען, פילדערן, טרייבן, — נאָר אָט האָט דאָס טרייבן זיך אָנגעהויבן, און פון יענער זייט פענדלעך איז געבליבן דאָס לעבן, דאָס נאַטירלעכע, פּשוטע לעבן. וויערא, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו — גלויבן, האָפענונג, ליבע! די נאַכט איז פאַרזונקען געווען אין פינסטערניש. פּאָלטאָראַק איז געלאָפן איבער די לאָנקעס. פאָראויס האָבן געזומען סיטשען, כראַפּען, וואָיען, יאָמערן, זיפצן די עקס־קאָוואַסטאָרן אין ליכט פון די לאַמטערן אויף דער בויאונג. די עקס־קאָוואַסטאָרן האָבן זיך פאַרכליגעט מיט שרעק.

פּאָלטאָראַק איז אַנידערגעפאַלן.
אין אַ יאָר אַרום וועלן די לאָנקעס פאַרגאָסן ווערן מיט וואַ-
סער.

די זעלבע נאַכט האָט דער שלעפער איוואַן אָזשאָגאָוו באַגעגנט אויף די לאָנקעס דעם אינזשיניער פּאָלטאָראַק, און די דערציילונג וועט זיך אומקערן צו דערדאָזיקער באַגעגעניש. זיך צעשיידט מיט פּאָלטאָראַקן, איז איוואַן, ווי יעדן טאָג, לאַנג געגאַנגען איבער די פינסטערע לאָנקעס מיט די שטעגעלעך, וואָס זענען בלויז אים אַליין באַקאַנט געווען, לענגאויס די קופּעס ברענהאָלץ פאַר דער פאַבריק, צווישן די באַלקנס, לעבן די דאָקן פאַר די דאַמפּערס. איוואַן האָט גערעדט מיט זיך אַליין, ברומענדיק אין אויפרעגונג. ער איז געגאַנגען צו זיין צעגעלניע.

די צעגעלניע האָט זיך געפונען אין די ליים-גריבער, אַרומגערינגלט מיט אַ בלינדן פאַרקן. איוואַן איז דורכגעקראָכן דורך אַ לאָך אין פאַרקן, לעבן די גריבער, וואָס זענען פאַרוואַקסן געווען מיט קראָפּיווע, די הייך פון אַ מענטש. ביים צעגעלניע-אויוון איז אָזשאָגאָוו אַראָפּגעגאַנגען אין דער הייל אַריין, צום מויל פון אויוון, וואו די לופט איז געווען הייס און דושנע. דורך די שפּאַרעס האָט דורכגעלויכטן דאָס רויטע ליכט. אין דער שווערער לופט האָט זיך געשפּירט רויך, דזשעגעכץ, מענטשלעכע אומריינקייט און עיפּוש פון פיש, ווי אין אונטערשטע שיף-קאַבינעס. אין דער הייל, אויפן ליים, לעבן מויל פון אויוון, זענען געלעגן די שלעפערס, באַוואַקסענע מיט האָר, אָזשאָגאָווס קאָמוניסטן, מענטשן, וואָס האָבן אויפן גרונט פון אַ שטומען אָפּמאַך מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער צעגעלניע, געבּרענט אין אויוון, אויסברענענדיק ציגל, און אויך אָן אַן אָפּמאַך געוואוינט ביים זעלבן אויוון, — מענטשן, וואָס זייער צייט האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער עפּאָכע פון מיליטערישן קאָמוניזם און וואָס האָבן זיך אויסגעקליבן אַלס פאָרזיצער איוואַן אָזשאָגאָוו. דער אויוון פון דער צעגעלניע, די

הייל, אין וועלכער עס האָט זיך געפּילט רויך, לײַם און מענטש־לעכע אומריינקייט, איז, אַלזאָ, געווען די קוואַרטיר פון אָזשאָגאָווס קאָמוניזם. אין דער הייל האָט געהערשט די אָרדענונג פון מענטש־לעכע וואוינונגען אין דער עפּאָכע פון מיליטערישן קאָמוניזם: אויף שטריק האָבן זיך געטרוקנט שמאַטעס, דאָס שטרוי אין די ווינקלען האָט געדינט פאַר בעטן און סאָפעס, דאָס ברעט ביים שטרוי האָט פאַרטרעטן אַ טיש.

אויפן שטרוי, לעבן זעלבן ברעט, וואָס האָט פאַרטרעטן אַ טיש, זענען געזעסן די דריי שלעפּערס, בעטלערס און פאַנטאַזיאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד — אָגניעוו, פּאָזשאַראָוו און פּאָד־זשאָגאָוו. אָגניעוו האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק, אַז די מענטשן דאַרפן אומבאַדינגט אָנקניפּן באַציאונגען מיט די איינוואוי־נער פון מאַרס, וואוהין זיי דאַרפן פון דער ערד אַרויסשיקן ראַ־קעטן, אויסבויענדיק צווישן־פּלאַנעטאַרע סטאַציעס; פּאָזשאָגאָוו האָט פאָרגעלייגט אויסצוכאַפּן אַלע פיש פון דער אָקע און וואָלגע, כדי דערנאָך, צאָלנדיק מיט דידאָזיקע פיש, אויסצובויען פאַר די פויערן אייזערנע בריקן אין די דערפער, אין יעדן דאָרף אַזאַ צאָל בריקן, וויפיל עס וועט באַטרעפן די סומע פון די געכאַפּטע פיש; פּאָזשאָגאָוו האָט פאַראָרדנט און יעדן טאָג געענדערט זיין פּראָ־יעקט פון אַ טראַמוויי־נעץ אין קאָלאָמנער קרייז. זייערע פּנימער אין רויטן האַלב־טונקל פון פייער אין אויוון האָבן אויסגעזען שטרענג און אומגעוויינטלעך, ווי אומגעוויינטלעך עס איז געווען דאָס לעבן פון די שלעפּערס. אָזשאָגאָוו האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אָגניעוון, זיך טרייסלענדיק, ווי עס טרייסלען זיך פאַרקילטע מענטשן, ווען זיי וואַרימען זיך, נאָכדעם ווי זיי זענען נאַס געוואָרן, און אַרויפגעלייגט געלט אויפן טיש.

— זיי האָבן געוויינט? — האָט אָגניעוו געפרעגט. — האָסט געהיטן?

— ניין, זיי האָבן נישט געוויינט, — האָט אָזשאָגאָוו געענט־פערט. — איך האָב געהיטן.

זיי זענען שטיל געוואָרן. אין דער ליימיקער הייל זענען

אַריינגעקראָכן נאָך צוויי מענטשן, באַוואַקסענע מיט באָרד און וואָנסעס, אין צעריסענע שמאַטעס ; זיי האָבן אויפגעהאָנגען זייערע שפּאַנ־צערס ביים פייער, אַרויפגעלייגט אויפן ברעט געלט און ברויט און, זייער מידע, זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. דער יינגערער האָט באַלד אָנגעהויבן שנאָרכן. פּאָדזשאָגאָוו און פּאָדזשאַראָוו זענען אויך געשלאָפן שנאָרכנדיק.

— דיין רייע, חבר אָגניעוו, — האָט פּאָזשאָגאָוו געזאָגט. — פּצינד מוזסטו גיין אויף וואַך.

דער מענטש, וואָס איז געלעגן אין דער טונקעלער וואָרימ־קייט מיטן פּנים צו דער ערד, דער זעלבער, וואָס האָט זיך אַרומגע־טראָגן מיטן געדאַנק וועגן מאַרס, האָט זיך אָנגעהויבן אָנצוטון, — ער האָט אַרויפגעוואָרפן אַ זעלנערישן שינעל אויף זיך און אַוועקגע־גאַנגען אין דער רעגנדיקער פינסטערניש אַריין אויף די לאָנקעס.

די איבעריקע זענען געשלאָפן. דער עלטערער פון די געקומענע האָט געזאָגט, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט מען דאַרפן אויסלאָדן אַ באַרקע מיט אייזערנע באַלקנס פאַר דער בויאונג. פּאָזשאַראָוו האָט אויפגעוואַכט, זיך אַרומגעקוקט, אַראָפּגעשאַרט די קאָפּיקעס מיט די רובלס פון טיש און, נישט־אָנגעטוענערהייט, אַ באָרוויסער, אָן אַ היטל, אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל. די שלעפּערס האָבן אויפ־געוואַכט, אַרויסגענומען די שעלעכלעך און זיך אויסגעזעצט אַרום דעם ברעט. פּאָזשאַראָוו איז צוריקגעקומען אין אַ ווײַלע אַרום, אַ נאַסער, מיט פלעשער בראָנפן, פאַרשטעקטע הינטערן פּאַסיק פון די הויזן, ווי קוילן ביי די טשערקעסן־בלוזעס. דער חבר פּאָזשאַראָוו האָט אָנגעגאָסן פאַר אַלע בראָנפן. זיי האָבן זיך אָנגעקלאַפּט, שווייגנדיק אויסגעטרונקען.

— אַצינד וועל איך נעמען אַ וואָרט, — האָט אָזשאָגאָוו גע־זאָגט. — עס קערט זיך ווידער אום דאָס נײַנצענטע יאָר. היינט זענען די פרויען אַרויסגעטרעטן פאַרטיידיקן די ערע און גע־רעכטיקייט. איך האָב היינט גערעדט מיטן פּראָפעסאָר פּאָליעטי־קאַ, — דאָס איז, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, דער מאַן פון דער אַלטער לאָפּאָ. און דעם אינזשיניער פּאָלטאָראַק האָב איך

אַצינד אויף די לאָנקעס אָנגעהרגעט... עס קומט ווידער דאָס נײַנצענטע יאָר !... עס זענען געווען אַזעלכע ברידער רייט, וואָס האָבן באַשלאָסן צו פליען צום הימל און זענען אַראָפּגעפאַלן, זיך צעקלאַפּט אָן דער ערד, אַראָפּפאַלנדיק פון הימל. די ברידער רייט זענען אומגעקומען, — איך בין אויך געפלויגן אויף אַ פאַל־שירעם, אָבער די מענטשן האָבן נישט פאַרנאַכלעסיקט דאָס ווערק פון די ברידער רייט, די מענטשן האָבן זיך אָנגעטשעפּעט אָן הימל און זיי — פליען ! חברים, די מענטשן פליען איבער דער ערד, ווי פייגל, ווי אָדלערס, און זיי וועלן אויך דערפליען צום מאַרס, ווי דער חבר אָגניעוו זאָגט.

— אוודאי וועלן זיי דערפליען, און עס וועלן אויך זיין אַזעלכע צווישן־פּלאַנעטאַרע סטאַציעס ! — האָט עמעצער אַ געשריי־געטון פון דער פינסטערניש אַרויס.

— וואַרט, חבר, רעד נישט פאַר אָגניעוון, — אָגניעוו וועט צוריקקומען פון דער וואַך, וועט ער אונז אַליין זאָגן, — האָט אָזשאָגאָוו ווייטער גערעדט. — איך בין געווען אין אונזער שטאָט דער ערשטער פּאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט. אין איינאונצוואָנציקסטן יאָר האָט זיך אַלץ געענדיקט, ווען מען האָט אונז אַרויסגעוואָרפן פון דער פּאַרטיי. עכטע קאָמוניסטן אין דער גאַנצער שטאָט זענען געווען בלויז מיר, און אָט איז געבליבן פאַר אונז אָן אָרט נאָר אין דער הייל. אַצינד קערט זיך אום דאָס נײַנצענטע יאָר, — היינט האָבן די פּרויען אײַנגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע. איך בין דאָ געווען דער ערשטער קאָמוניסט און אַזעלכער וועל איך בלייבן, ווי לאַנג איך וועל לעבן. אונזערע אידעען זענען ווי־דער אינדערהייך... מיר זענען — ווי די ברידער רייט.

דער חבר פּאָדזשאָגאָוו האָט אָנגעגאָסן די צווייטע פּאַרטיע בראָנפן און איבערגעשלאָגן אָזשאָגאָוון :

— אַצינד וועל איך עפּעס דערציילן, חבר פּאָרזיצער ! וואָס מיר האָבן אויפגעטון, ווי אַזוי מיר האָבן געקעמפט. איך האָב אָנגעפירט מיט אַן אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנער. מיר גייען דורך אַ וואַלד אַ טאָג, מיר גייען אַ נאַכט, און ווידער אַ טאָג, און ווידער אַ

נאַכט. דעמאָלט בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מע־מוז דאָס גאַנצע לאַנד באַדעקן מיט אַ נעץ פון טראַמווייען, אַז עס זאָלן שוין מער נישט זיין אַזעלכע מאַרשן. און פאַרטאָג הערן מיר — מאַשין־געווער.

פּאָדזשאָגאָוון האָט איבערגעשלאָגן פּאָזשאַראָוו, וועלכער האָט שטרענג אויסגעשריגן:

— און ווי אַזוי שניידסטו מיט אַ שווערד? ווייז, ווי אַזוי דו האַלסט דעם פינגער!

— חברים, — האָט אָזשאָגאָוו שטיל געזאָגט, — דערלויבט מיר, דערלויבט מיר אַרויסצוזאָגן ביזן סוף מיין אידעע. הערט, וואָס עס וועט זיין. עס וועט נישט זיין קיין ווייַנאַכט, נישט קיין פּאַסכע, נישט קיין זונטיק, נישט קיין נאַכט, נישט קיין טאָג. די מענטשן וועלן אַרבעטן אַ גאַנצן מעת־לעת און אַ גאַנץ יאָר אָן איבעררייס. די טעג און די נעכט וועלן זיין איינס. די נעכט וועלן מיר פאַרגיסן מיט עלעקטריע, ליכטיקער פון דער זון, און אין די נעכט וועלן מיר לעבן ווי בייטאָג: פאַבריקן, שפּייז־לאָקאַלן, קינאָס, טראַמווייען, מענטשן...

— אָבער ווייז נאָר ווי אַזוי דו האַלסט דעם פינגער ביים שניידן, פאַרבויגן אָדער גלייך?! ווייז נאָר!

— אויפן הענטל, פשוט, — האָט פּאָדזשאָגאָוו געענטפערט.

— אויפן הענטל! אָבער ווייז נאָר! האָסט דאָך אַ מעסער, חייז־זשע. דו וואָלסט אפילו אַ קאָפּ פון אַ פיש נישט אָפגעשניטן.

פּאָדזשאָגאָוו האָט גענומען דאָס שוסטער־מעסער, מיט וועלכן מען האָט געשניטן ברויט, און געוויזן, ווי אַזוי ער לייגט אַרויף דעם פינגער אויפן הענטל.

— דו שניידסט נישט לויטן פאָרשריפט! — האָט פּאָזשאַראָוו אויסגעשריגן. — אַזוי וועסטו דיר דעם פינגער אויסלענקען און אפילו אַ קאָפּ פון אַ פיש נישט אָפּהאַקן. איך האַלט אַנ־דערש די שווערד ביים שניידן, — איך שנייד ווי מיט אַ גאָלן מעסער. גיב אַהער, וועל איך דיר ווייזן. דו שניידסט נישט לויטן פאָרשריפט!

– חברים – האָט אָזשאָגאָוו געזאָגט, און אַ גרימאַסע פון ווייטיק האָט צעקרימט זיין פּנים. – מיר דאַרפן רעדן וועגן אידעען, וועגן גרויסע אידעען, און נישט וועגן שניידן מיט אַ שווערד. אַצינד דאַרף מען קאָנען נישט שניידן מיט אַ שווערד, נאָר אַרבעטן ביי אַ וואַרשטאַט, – אַצינד האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציע אָן בלוט, די בויאונג. מיר דאַרפן זיגן מיט איידלקייט און נישט מיט מעסערס און בלוט... איך טראַכט, חברים, וועגן אַלטן און נייעם. איך האָב אַזוי פיל געוואַנדערט אויף דער וועלט, אַז ס'איז גאָרנישט צו געדענקען, אָבער נישט וועגן דעם וויל איך רעדן. איך בין געווען אַ מאַטראָס, בין געפלויגן מיט אַ פּאַל־שי־רעם, בין געווען אַ זעצער, אַ מעטאַל־טאָקער, – און דאָס גאַנצע לעבן געטראַכט נישט וועגן דעם, צי איך בין אַ טאָקער אָדער זע־צער, נאָר וועגן אַ בעסער לעבן, ווי אַזוי צו ווערן בעסער, קליגער. מיר מוזן שוינען דעם מענטש, וואָרים אַנדערש – וועט מען זיך מוזן באַציען מיט אומצוטרוי צו אים. די רעוואָלוציע האָט זיך גענומען פאַר אַ הערב די ערע. אין איינאונצוואָנציקסטן יאָר האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון דער פּאַרטיי – היינט קערט זיך אום דאָס נייַנצענטע יאָר! מיר דאַרפן זיגן מיט איידלקייט, מיט אַר־בעט, מיט קלוגשאַפט.

אָזשאָגאָוון האָט איבערגעשלאָגן דער פערטער שלעפער, אויס־שרייענדיק:

– חבר פּאָזשאַראָוו, דו ביסט געווען אין דער דריטער דיוויזיע און איך – אין דער צווייטער, – געדענקסט, ווי איר האָט פאַרזען דאָס אַריבערגיין איבערן טייך הינטערן דאָרף שינקי?!

– מיר האָבן פאַרזען?! – ניין, דאָס האָט איר פאַרזען, נישט מיר.

– מיר האָבן פאַרזען?!

– חברים, – האָט פּאָזשאָגאָוו אויסגעשריגן. – און אָט הערן מיר פאַרטאָג – מאַשין־געוועער. און אַ רחמנות איז מיר דעמאָלט געוואָרן אויף די מענטשן, ווען איך האָב זיי געפירט אין דער שלאַכט אַריין. מיר האָבן דעמאָלט געזיגט, אָפּגעשטופּט די ווייסע,

אָבער ווען איך האָב בײַנאַכט געמאַכט דעם אַפּעל און... אמת זאָגט דער פּאָרזיצער, אַז מען דאַרף בויען וועגן, בריקן, פאַבריקן, סאָציאַליזם און אידעען...

— הערט, חברים, וועגן אידעען!... איך בין געווען אַן אַקטיאָר אין אַ וואַנדער-טעאַטער אויף יאַרידים, — ערגער האָט שוין נישט געקאָנט זײַן, — מיר האָבן דאָרט געשפּילט בלויז אײדעלע ראָלן, און די אײדלקייט איז יעדן געפעלן...

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט איז איוואַן אָזשאָגאָווס קאָמונע אײַנגעשלאָפן אין דער הײל בײַם אויוון — די שלעפּערס, וואָס האָבן בײַם צעגעלניע-אויוון געהאַלטן פאַר זײער רעכט אָפּצוהיטן די ערע. זײ זענען געשלאָפן צונויפגעלײגט אין אַ קופּע, אײנעמס קאָפּ אויפן צווייטנס קניען, צוגעדעקט מיט זײערע שמאַטעס. ווי דער לעצטער, האָט נאָך געוואַכט איוואַן אָזשאָגאָוו, זײער פּאָרזיצער. ער איז לאַנג געלעגן אויפן בויך בײַם אויוון — איבער אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט פאַר אים אויף דער ערד. ער האָט געשריבן אויפן פּאַפּיר און געביסן דאָס שרײַבפעדל. ער האָט געוואָלט אָנשרײַבן אַ ליד.

„דער חברטע ליובאָוו פּימענאָוונאַ פּאָליעטיקאַ און איר פאָטער, דעם חבר פּראָפעסאָר", — האָט ער אויפגעשריבן. — „מיר האָבן געזיגט, — האָט ער אויפגעשריבן און פאַרשטראָכן. — „איר, וואָס וואַרעמט אײַערע בלוטיקע הענט", — האָט ער אויפגעשריבן און פאַרשטראָכן. — „מען דאַרף זײַן פאַרשטענדיק און אײדל", — האָט ער ענדלעך אויפגעשריבן.

ער האָט מיט אָנשטרענגונג צוגעקליבן די ווערטער. ער איז לאַנג געלעגן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צום שטיקל פּאַפּיר. אַרום אים זענען געשלאָפן די קאָמוניסטן, מאָביליזירטע דורכן מיליטערישן קאָמוניזם און באַפרײַטע אין טויזנט נײַנהונדערט אײנאונצוואָנציקסטן יאָר, מענטשן, פאַרהאַלטענע אין זײערע אידעישער אַנטוויקלונג; משוגעים און שיכורים, וואָס האָבן אין זײער

הייל, ביי דער אַרבעט פון אויסלאָדן באַרקעס און היטן געהילץ, געשאַפן עכטע ברידערלעכקייט, עכטן קאָמוניזם, נישט פאַרמאָגנ־דיק קיין שום אייגנטום, קיין געלט, קיין חפצים, קיין ווייבער, — איבעריקנס, די ווייבער זענען אַליין פון זיי אַוועקגעגאַנגען, פון זייערע טרוימערייען, זייערע משוגעתן, זייער אַלקאָהאָל. אַצינד זענען דידאָזיקע מענטשן געגאַנגען דינען דער בויאונג, דערקלערנ־דיק, אַז די אידעען פון דער בויאונג זענען זייערע אידעען. אין דער הייל איז געווען זייער דושנע, זייער וואַרים, זייער מרה־שחורהדיק.

איוואַן אָזשאָגאָוו איז לאַנג געלעגן אויף דער ערד, נאָכ־דעם — אַן אויפגערעגטער אויפגעשפרונגען, — האָט ער גענומען וועקן די חברים, — זיי האָבן פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן פון דער ערד.

— חברים! — האָט איוואַן אויסגעשריגן — איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן און געטראַכט וועגן די פרויען. גיט נאָר אַ טראַכט, חברים, וועגן די פרויען. איך בין געגאַנגען איבער דער בויאונג און אַריינגעקוקט אין פרויען־באַראַק. אין באַראַק וואוינען איינאונזיבעציק פרויען. איך האָב מיך צוגעקוקט — און גלייך געקוּ־צום באַשלוס, אַז דאָרט וואוינען איינאונזיבעציק פּלאָגן. די פרויען קאָן מען דאָרט איינטיילן אויף אַזעלכע קאַטעגאָריעס: חתונה־גע־האַטע איז נישטאָ קיין איינע; די, וואָס זענען עלטער פון דרייסיק יאָר זענען אַלע — אָדער גרושות, אָדער אלמנות; און די ייִנגערע פון דרייסיק, — עך, חברים, די אַלע פאַרבן זיך די ליפּן! וועגן יונג־וואַרג פאַר צווייאונצוואָנציק רעד איך נישט, — די האָבן נאָך די צוקונפט פאַר זיך. די קינדער קריכן אַרום אונטער די טישן און נאַרעס. ווען מען קוקט זיך־צו צו דידאָזיקע איינ־אונזיבעציק פּלאָגן, זעט מען, אַז זיי האָבן שוין שלום גע־שלאָסן מיטן גורל, ריכטן זיך שוין גאָרנישט אויף קיין בע־סערס. פרויען זענען אויף דער בויאונג דאָ אַ סך, נישט ווינצי־קער פון מענער. און די מענער, באַטראַכט נאָר, טאַפּן זיי, טרייבן שפּאַס פון זיי. אַרבעטער האָבן מיר הויפּטזעכלעך סעזאָניקע — טשעסלאַרעס, גרעבערס, שטיינהאַקערס, — זיי וואוינען אין אַר־

בעטער־דרוזשינעס, און מען דאַרף געדענקען, אַז די קעכין אין אַזאַ אַרבעטער־דרוזשינע איז נישט בלויז קעכין, נאָר אויך דאָס ווייב פון דער גאַנצער דרוזשינע, — מיט דעם באַדינג ווערט זי צוגע־נומען צו דער אַרבעט, אַנדערש — ווערט זי אָפּגעזאָגט. די אינ־זשיניערן און אפילו טעכניקער, נישט רעדנדיק שוין וועגן די צענד־לינג־אָנפירער, פאַרבעטן די מיידלעך אין די קינאָס אַריין, אין די רויטע ווינקעלעך, אויף די ספּאָרט־פּלעצלעך, — און דערנאָך גייט אַזאַ מיידל אַרום און ווײנט, — נישט דערפאַר, וואָס זי וועט האָבן אַ קינד, נאָר ווייל מען האָט צעטרעטן אין איר דעם מענטש, אַוועקגעוואָרפן דעם מענטש. — דער שלעפּער אָזשאָ־גאָוו איז אויף אַ ווילע שטיל געבליבן. — גיט נאָר אַ טראַכט, — דריי גרעבערס האָבן פאַרגוואַלטיקט אַ מיידל, — און זעט, דער גאַנצער באַראַק האָט זיך מיט דעם דורכגענומען, אַלע פרויען האָבן צוזאַמען געוויינט אויף איר גורל. און דעם אינזשיניער לאַסלאָ האָבן אויך די פרויען נישט מוחל געווען, וואָס ער האָט געטון מיט זיין ווייב. דאָס מזל פון דער פרוי איז שווער: זי עלטערט זיך פריער, האָט ווינציקער כוח, מוז האָדעווען די קינדער און קריגט נישט מער באַצאָלט. די פרויען זענען בעסער פון אונז מענער. און די ביוראָ־מיידלעך דאַרף מען אויך נישט פאַראורטיילן, — זיי ווילן אויך לעבן. אַזעלכע פאַרבט זיך 'אָפּ די ליפּן, נעמט זי עמעצער מיט אויף אַ נאַכט־עסן אין קאָלוטוויגער וואָקזאַל אַריין, — און אונטערן קלייד איז ביי אַלע פרויען גלייך. יאָ, איך בין אַריינגעקומען אין באַראַק און דערזען מיט איין מאָל איינאונזיבעצ־ציק פּלאָגן, און די פּלאָגן און דאגות זענען אַלע די אייגענע. איך האָב געהאַלטן אַ רעדע פאַר די פרויען, און זיי האָבן געוויינט. געזעצט זענען די פרויען, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן זיך אַליין פאַרטיידיקן.

דער שלעפּער איוואַן איז שטיל געבליבן, פאַרטראַכט אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ צו די קניען. קיינער פון זיינע קאָמוניסטן האָט נישט גענומען קיין וואָרט. צוויי פון זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן רעגן, אַראָפּגעוואָרפן האָלץ פון דער הייך און צוגעלייגט

אין אויוון אַריין. אין דער הייל האָט זיך ווידער דערהערט אַ שנאָרכן, פאַרזונקען אין שווערן שלאָף.

דעמאָלט איז דער שלעפּער איוואַן אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל. צו טאָג איז נאָך געבליבן מער ווי אַ שעה, דער רעגן האָט אויפגעהערט, עס איז געוואָרן קיל, עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ נעפּל. דער שלעפּער איז געגאַנגען מיטן וועג הינטער דער שטאָט פאַרביי די נישט אויפגעבויטע חורבֿע הייזער פון ניינצענטן יאָר, — ער איז געגאַנגען צו זיך אין באָד אַריין. דער הויף, פאַרוואַקסן מיט גראָז, איז געווען איינגעהילט אין פינסטערניש און שווייגן. אין די פענסטער פון ליובאָוו פּימענאָוונאַ און אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוו-נאַ האָט געלויכטן. דער הונט אַראַפּ איז אַרויסגעלאָפן אַקעגן, זיך אַ רייב-געטון אָן זיינע פיס, אַ לעק-געטון זיין האַנט, געגאַנ-גען פאָרויס צום באָד, געעפנט די טיר, אַרויפגעשפּרונגען אויפן בעט, געפאָכעט באַגריסנדיק מיטן וויידל און פאַרבעטן זיין פריינט צו זיך. דער שלעפּער איז אַ ווײַלע געשטאַנען פאַר ליובאָוו פּי-מענאָוונעס פענסטער. הינטערן ווייסן אַראָפּגעלאָזטן פאָרהענגל האָט געלויכטן. דער שלעפּער האָט אַ זיפץ-געטון, אַ דריי-גע-טון מיטן קאָפּ און נאָכגעגאַנגען דעם הונט אין באָד אַריין, זיך אַוועקגעלייגט לעבן הונט, אַרומגענומען אים און אַנטשלאָפן גע-וואָרן, זיפצנדיק פאַרן איינשלאָפן. דער הונט האָט אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף אָזשאָגאָווס ברוסט, זיך לאַנג איינגעהערט אין דער שטילקייט און אין חברס אָטעמען, זיינע שוואַרצע אויגן האָבן גע-קוקט ערנסט. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויערן, פאַרמאַכט די אויגן און איינגעשלאָפן.

דער שלעפּער און אַראַפּ זענען געווען פריינט, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט, שוין אויסגעפּרוווט זייער טריישאַפט. דער הונט, וואָס האָט אויף דער גאַס אויסגעזען, ווי אַ הונט פון דער געווייינטלעכסטער ראַסע, האָט אין זיין פריינטשאַפט מיטן שלעפּער אַרויסגעוויזן מענטשלעכע קלוגשאַפט, איז געווען אַ פריינט, נישט קיין שקלאַף. אַראַפּ האָט נאָכגעגעבן דעם שלעפּער, ווען

ער איז גערעכט געווען. דער הונט האָט דערלאַנגט זיין פּריינט די שוועבעלעך מיט דער מאַכאָרקע, האָט פאַרמאַכט די טיר, ווען דער שלעפּער איז געווען שיכּור. דער הונט האָט צוגעהאָלפן דעם שיכּורן שלעפּער אַרויפקריכן אויפן בעט, טרייסלענדיק אים, אויב ער האָט געוואָלט איינשלאָפן אויפן דיל. דער הונט איז געווען פריילעך, ווען דער שלעפּער איז געווען פריילעך. דער הונט איז געווען אומעטיק אין די מינוטן, ווען דער שלעפּער איז געווען אומעטיק. דער הונט האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעסן דאָס גאַנצע ברויט פון טיש, איבערלאָזנדיק אַ העלפט פאַר זיין פריינט. און דער שלעפּער האָט קיינמאָל נישט געטרונקען אַליין קיין בראָנפן, אויב ער האָט געטרונקען אין דער היים, נאָר אויך געגעבן אַראַפּן. אין גרויסער שיכּרות האָט דער שיכּורער שלעפּער מיטן שיכּורן אַראַפּ, אינמיטן פון הייסע געשפּרעכן, מיט טרערן אין די אויגן זיך געקושט. אַראַפּ איז תּמיד געווען שטאָלץ אין דער אָנוועזנהייט פון שלעפּער און געבענקט און געוואָיעט אויף דער שוועל, אויב דער שלעפּער איז לאַנג נישט געקומען.

אַראַפּס לעבן איז באַגרעניצט געווען דורכן טירל פון דער גאַס. דאָס איז געווען אַ לעבן — אַ סך אַ פּשוטערס און קורצערס פאַרן לעבן פון איוואַן קאַרפּאָוויטש, דעם רעוואָלוציאָנער, פאָרשער און מענטש. און איוואַנס לעבן איז געווען אַ לאַנגס און האָט זיך אָנגעהויבן מיט פערצן יאָר צוריק. דעם קליינעם איוואַנס ערשטע דערינערונג איז געווען דער סיגנאַל פון דער פאַבריק־סירענע, דערנאָך איז געקומען אַ זייער קאָמפּליצירט, זייער אינטערעסאַנט און פאַרביק פאַבריק־לעבן פון אַ רוסישן פּראָלעטאַריער. אויב דער רוסישער פויער און רוסישער אַדלמאַן האָבן געלעבט מיט די לעבנס־טראַדיציעס פון אַמאָל, און זיי אַליין זענען געווען בלויז אַ באַשטעטיקונג פון דידאָזיקע טראַדיציעס, האָבן די רוסישע פּראָלעטאַריער פון סוף נײַנצענטן יאָרהונדערט כּסדר געמוזט ברעכן די עקזיסטירנדיקע לעבנס־פאָרמען, און זיי האָבן זיי אין זייער גרעסטער מערהייט טאַקע געבראָכן אין נאָמען פון בעסערן, אין נאָמען פון דער איידלקייט. דער עלטערער ברודער יאַקאָוו איז שוין אַ סך עלטער געווען פון

דרייסיק יאָר און דער פֿאָטער איז שוין אַלט געווען אַ פּופּציקער, ווען איוואַן איז געבוירן געוואָרן.

איוואַן איז שפּעטער געוואויר געוואָרן, אַז זיין פֿאָטער האָט געאַרבעט אין דער קאָלאָמנער מאַשינען־פֿאַבריקביים שניידן ברויט און קאָכן קוואַס, און זיין ערשטע דערינערונג, אַן אָפּגעריסענע און פֿאַנטאַסטישע, איז באַשטאַנען פֿון: פֿאַבריק־בנינים, רעלסן, דאַרע ביימלעך, אים אַליין — אַ יינגל, אָן הייזלעך, אין אַ בלויז רויט העמדל, אַרומגעגאַרטלט אונטער די אָרעמס, — און אַ מעכטיקן, אַלץ־פֿאַרטייבנדיקן סיגנאַל פֿון אַ פֿאַבריק־סירענע. איוואַן האָט געדענקט, אַז ביי דעם סיגנאַל פֿלעגט ער וועלן אַנטלויפֿן, נאָר די פֿיס האָבן זיך אונטער אים אונטערגעבראָכן, — פֿאַר דעם סיג־נאַל האָט מען אינערגעץ נישט געקאָנט זיך באַהאַלטן. דעם מענטשס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן פֿון דעם סיגנאַל, און וועגן געבורט פֿון מענטש האָבן דעצידירט גוטע, טאַקע גוטע מענטשן.

דערנאָך, אונטערוואַקסנדיק, איז איוואַן געוואויר געוואָרן וועגן גורל פֿון זיין פֿאָטער.

איינמאָל האָט דער קוואַס אויפֿגעהערט רינען פֿון קעסל, און עטלעכע טעג פֿריער איז פֿון פֿאַבריק פֿאַרלוירן געוואָרן אַ פֿעלץ. דער קעסל איז געווען פֿול מיט קוואַס. האָט מען אָנגעהויבן מישן אין אים און געפֿונען דעם פֿעלץ, אַ צעקאָכטן אין קוואַס.

פֿון דעמאָלט אָן האָט דער קליינער איוואַן גוט געדענקט זיין לעבן, — אָנהייבנדיק פֿון אַן אָרים שטיבעלע מיט אַ וועבער־וואַרשטאַט, ביי וועלכן עס איז געשטאַנען זיין פֿאָטערס שוין דריט ווייב אין דער רייע, זיין מוטער, — ווייל פֿון דער קאָלאָמנער פֿאַבריק האָט מען אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿאַרן קאַליע מאַכן דעם פֿעלץ מיטן קוואַס. די טעג האָבן אין וועבער־וואַרשטאַט זיך אָנגעהויבן ביי דער שוואַכער שיין פֿון אַ לעמפּל. אין שיין פֿון דעמדאָזיקן לעמפּל זענען די מענטשן אַראָפּגעקראָכן פֿון דער נאַרע, וואָס איז אויפֿגע־שטעלט געווען איבערן וואַרשטאַט, — אויף אַזעלכע נאַרעס האָבן געלעבט אַ סך מאַמעס, אַ סך טאַטעס און קינדער, — דאָ זענען זיי

געבוירן געוואָרן און געשטאָרבן. דאָ איז אויך געשטאָרבן איוואַנס פּאָטער, — דעמאָלט האָט זיך געענדיקט דאָס בעטלען און אָנגעהויבן דאָס עכטע לעבן.

דער קליינער איוואַן האָט געדענקט, ווי נישט לאַנג פאַרן פּאָטערס טויט האָט די מאַמע מיטן טאַטן זיך געשושקעט אויף דער נאַרע, ווי די מאַמע האָט אונטן, ביים טיש אונטער דער נאַרע, — ער האָט זיך דאָס גוט אַריינגענומען אין זינען, עס זאָל זיך שוין נישט איבערחזרן, — ביז אַ געשריי־געטון אויפן טאַטן: „פּאַרוואָס שווייגסטו? מאַכן סקאַנדאַלן קאָנסטו, און אַצינד שווייגסטו! — דו וועסט גיין?“ — דער פּאָטער האָט געשוויגן און די מוטער האָט צוגערופן דעם זון, אַראָפּגעצויגן אים דאָס העמד און מילד געזאָגט: „וואַניאַ, מיין ליבער, דו וועסט גיין מיטן טאַטן אויפן בעטל, איך האָב אייך שוין טאָרבעס צוגעגרייט, — מען זאָגט, אַז קליינע קינדער קריגן גיכער אַ נדבה“. און ביי דעם גיין אויפן בעטל איז איוואַן צום ערשטן מאָל געוואויר געוואָרן, וואָס עס איז אַזוינס ערע. אָפּטרייבנדיק זיך פון די הויף־הינט, פלעגט איוואַן אַרונטערגיין אונטערן פענסטער פון אַ געוויסן עפּעס אויסטערלישן און אָנגעבלאָזענעם פּריץ, וואָס איז געזעסן אין אַ שלאָפּראָק ביים טיש, געטרונקען בראַנפן און אַמאָל צוגעוואָרפן איוואַנען אַ זילבערן צענערל. אָבער איינמאָל איז דער פּריץ אָנגעפאַלן אויף איוואַנען ערגער פון די היגט, פאָרוואַרפנדיק אים, אַז ער האָט נישט קיין ערע און אָנרופנדיק אים הונטישער זון דערפאַר, וואָס ער, איוואַן, האָט זיך נישט באַליידיקט, ווען ער, דער ווילדער פּריץ, האָט אָנגערופן זיין פּאָטער — שמאַטע. איוואַן האָט אַ וואָרף־געטון די קופּערנע מטבעות דעם אַלטן אין פאַרוואַקסענעם פּנים אַריין. דעם זעלבן טאָג האָט איוואַן אַרויסגעהאָלפן שוואַכערע פון זיך. ער איז אַריינגעקומען אין אַ שטוב, אין וועלכער ער האָט געטראָפן צוויי מענטשן, געזונטע, אָבער אַרבעטסלאָזע. ער האָט געבעטן אַ נדבה. זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי האָבן אים נישט וואָס צו געבן, אַז אפשר וועט ער זיי עפּעס געבן, וויל מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַבריק און זיי האָבן

נישט וואָס צו עסן, — און איוואַן האָט זיי מכבד געווען מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט אויסגעבעטלט. דער פֿאָטער איז געשטאָרבן אויף דער נאַרע. דעם פֿאָטערס לוויה האָט איוואַן נישט געזען, און זי איז אים נישט פֿאַרבליבן אין זכרון, אָבער נאָכן פֿאָטערס טויט איז פֿאַרשוואונדן די נאַרע מיטן וואַרשטאַט, און אין דער נייער דירה, וועלכע מען האָט גערופֿן — די אַלטע פּאָסט, זענען אויפֿן בוי־דעם געלעגן פּעק פּאַפּיר, מיט נישט־פֿאַרויסגעשיקטע, אַלטע בריוו, — און דעמאָלט איז איוואַן געוואויר געוואָרן צום ערשטן מאָל, אַז מענטשן שרייבן. דאָס ערשטע ביכל, וואָס ער האָט איבערגעלייענט און פֿון וועלכן ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, האָט געהייסן: „אַ געשיכטע וועגן אַ זעלנער". די פּעריען אויפֿן בוידעם פֿון דער אַלטער פּאָסט האָבן נישט לאַנג געדויערט, — באַלד דערנאָך האָבן די טעג זיך אָנגעהויבן מיט געשרייען און זידלערייען פֿון עפּעס שרעקלעכע מענטשן, וואָס זענען אין די פּאַרטאָגן אַרומגעגאַנגען איבער די שלאָפֿצימערן פֿון די פּרויען — אַזוי האָט מען גערופֿן די פֿאַבריק־קאָשאַרן, — געהאַקט אין די טירן און געשריגן, אַז די אַרבעטערינס זאָלן אויפֿשטיין נאָך פֿאַרן סיגנאַל פֿון דער פֿאַבריק־סירענע, — נישט־לאַנג האָט אויך געדויערט דאָס וואַשן זיך ביי די פֿאַבריק־קראַנען, וואו דאָס וואַסער, וואָס איז געפֿלאָסן, איז געווען וואַרים, זשעבער ברודיק.

און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס עכטע לעבן.

דאָס רוסלאַנד פֿון איוואַן סקודרינס קינדהייט איז ענלעך געווען צום היינטיקן כינע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן פֿון אַ מענטש, וועלכער שאַפֿט זיין לעבן אַליין. איוואַן האָט דורכגע־מאַכט די לער ביי אַ שוסטער, אין אַ דרוקעריי, אין אַ טאָקער־וואַרשטאַט, איז געווען אַ סטאַטיסט אין אַ טעאַטער, אַן אַקטיאָר אין אַ יאַריד־בודע, איז געפֿלויגן אויף אַ פּאַל־שירעם, האָט געשריבן לידער — דערדאָזיקער מענטש, וואָס האָט געווידמעט זיין פֿריי־צייט דער לעקטור פֿון טאָלסטאָיען, דאָסטאָיעווסקין, שעקספּירן, איז אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד אויף אַ פּאַל־שירעם פֿון אַ באַ־לאָן. דאָס האָט געדויערט אַזוי ביז זיין מיליטער־דינסט. פֿון מי־

מיליטער איז ער צוריקגעקומען אין דער קאָלאָמנער פאַבריק אַריין אַלס סאָציאַליסט, אינטעליגענטער אַרבעטער און איידעלער מענטש, אוודאי: וואָרים אַ סאָציאַליסט, אַ באָלשעוויק, האָט גאָרנישט געקאָנט זיין נישט איידל.

שוין אין ערשטן יאָר פון זיין אַרבעט אין דער פאַבריק, איז איוואַן אָנגעקומען אין פאַררעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסטישן אוניווערסיטעט אַריין — אין פאַרשיקונג, וועלכע האָט ביי אים צוגענומען זעקס יאָר. אין משך פון די יאָרן האָט איוואַן פאַר זיך קלאָר געמאַכט זייער אַ סך זאַכן, צווישן אַנדערע אויך דאָס, אין וואָס עס דאַרף באַשטיין זיין לעבנס-אינטערעס, זיין טעטיקייט, זיין אַרבעט, — שטרעבן אויסצובעסערן דאָס לעבן און באַהערשן די וועלט דורכן מענטש. דער תּוך פון איוואַנס עקזיסטענץ איז באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן די מענטשהייט. די פאַבריק-סירענע, זיין ערשטע דערינערונג, האָט אויף אייביק אים פאַרגעשטעלט די וועלט — ווי אַ צונויפגעשפּאַנטע מיט דער מאַשין. איוואַן סקודרין האָט אויף דער אייגענער הויט דערקענט דאָס אַלטע רוסלאַנד, ווי ער האָט אויף דער אייגענער הויט דערקענט די געשיכטע פון דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג אין משך פון די לעצטע פינפאונדרייסיק יאָר, — און ער איז געווען אין דער מיינונג, אַז דער סאָציאַליזם שטיצט זיך קודם-כּל אויפן געפיל פון ערע, אויף דער אַכטונג צום מענטש און זיין אַרבעט. איוואַנס גורל איז פאַרבונדן געווען מיטן גורל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איר ערע שטיצט זיך אויף וויסן, דעם עלעמענט, וואָס איז תּמיד פיינטלעך יעדן ליגנט, צי דאָס איז אין דער היים, אין דער פאַמיליע, אין דער באַציִונג צום ווייב, צי דאָס איז אין דער אַרבעט און אין וואָרט, וואָרים ליגנט אין דער אַרבעט און אין וואָרט איז אַ פאַראַט קעגן זיך אַליין, פּונקט ווי דער, וואָס פאַראַט אַ פרוי, פאַראַט נישט זי, נאָר זיך אַליין. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, האָט איוואַן קאַרפּאָוויטש געאַרבעט אין דער קאָלאָמנער מאַשינען-פאַבריק, אין דער אָפּטיילונג פאַר לאָקאָמאָטיוון. ער איז טאַקע

געווען דער ערשטער פאָרזיצער פון קאָלאָמנער אויספיר־קאָמיטעט, דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער קאָלאָמנער אָקטאָבער־איבערקערעניש. די רעוואָלוציע האָט ער פאַרשטאַנען נישט בלויז אַלס איבערבוי פון לוין־סיסטעם, נאָר אויך אַלס רעכט אויף ליבע און לעבן.

אַ פרעמדער מענטש וואָלט געפילט אַן איבל אין שלעפּערס באָד, וואו מישקאַ האָט אַזוי ליב געהאַט צו פאַרברענגען און ליובאָוו פּאָליעטיקאַ פלעגט זיך זעצן אויף דער שוועל, — עס איז געווען דאָרט פינסטער און פייכט אפילו אין מיטן טאָג, וואָרים אַ גרינער שימל האָט פאַרשטעלט דאָס פענסטערל, — דעם הונט האָט מען געשפּירט מער ווי דעם מענטש, איבעריקנס, אויך דאָס בעט האָט דאָרט גערינט מער פאַרן געלעגער פון הונט ווי פון מענטש. די באָד־פּאָליצע האָט געדינט דעם שלעפּער אַלס ביוּ־ראָ־טיש, און אויפן טיש ביים בעט, צווישן דער צעשיטער מאַכאָר־קע, האָט זיך געוואַלגערט דאָס נישט־אויפגעגעסענע ברויט, וואָס אַראַפּ האָט איבערגעלאָזט פאַר איוואַן קאַרפּאָוויטשן. דאָס באָד האָט געוויזן, אַז איוואַן איז אַ משוגענער.

אין דער שעה זענען דער שלעפּער און דער הונט אַראָפּ געשלאָפן צוגעטוליעט צו זיך, און אַראַפּ האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַרויפגעלייגט אויפן שלעפּערס ברוסט. איבערן הויף אין גרויסן הויז האָבן געלויכטן די פענסטער פון ליובאָוו פּאָליעטיקאַ. ליובאָוו פּימענאָוונאַ איז נישט געשלאָפן. זי איז לאַנג געזעסן אומבאַוועג־לעך ביי איר ביוראָ־טישל, פאַרלייגט איין פוס איבערן צווייטן, מיט צונויפגעפלאָכטענע פינגער אַרום די קניען, דעם קאָפּ און די אָרעמס אַראָפּגעלאָזט, קוקנדיק אַ לאַנגע צייט מיט אומבאַוועגלעכע אויגן, אָן אַ ציטער פון אַ ברעם, און דאָס ליכט פון לאָמפּ איז געפאַלן אויף איר קלאָרן שטערן און גלייכן שרונט. אין אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווּ־נעס צימער איז הוץ איר אין דער שעה ביים טיש געזעסן פּראָפעסאָר פּימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ. אין דער שעה זענען אויף די לאָנקעס געשטאָרבן דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק מיטן אינזשיניער לאַסלאָ, און דער אַלטער יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין איז געשטאַ־נען אָנגעבויגן איבער זיי. אין דער שעה האָט דער אינזשיניער

סאַדיקאָווו, אַ גליקלעכער מענטש, זיך געוועקט, כדי צו גיין צו דער אַרבעט, — ער האָט געטרונקען קאַלטע מילך און זיך אָפּגע־גאָסן מיט קאַלט וואַסער, געשאַרט מיט די שטיוול, אַריינגעקוקט אין נאָטיק־ביכל, — און דער אינזשיניער סאַדיקאָווו איז געווען גליקלעך.

די בוי־אַרבעט האָט זיך דערנענטערט צום סוף.

דער בוי־פּראָיעקט האָט געהערט דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטי־קאַ. דעם אַרבעט־פּלאַן האָבן אויסגעפירט די אינזשיניערן סאַדיקאָווו און לאַסלאָ. עס זענען אויסגערעכנט געוואָרן די פּראָפילן פון די טייכן אָקע, מאָסקווע און קליאַזמע, זייערע געלעגערס, זייער געאָ־לאָגישער גרונט, זייערע לעבעדיקע דורכשניטן און אָפּפלוסן, די קראַפטפון זייער שטראָם, — דאָס אַלץ, וואָס די ווויסנשאַפט גיט וועגן טייך־וועזן. די הייך־פּלאַכן פון טייך מאָסקווע הינטער די שטעט מאָסקווע און קאָלאָמנע אונטערשיידן זיך קוים אויף זיבן מעטער, דאָס הייסט, אַז דער טייך מאָסקווע הינטער דער שטאָט מאָסקווע ליגט העכער פון טייך מאָסקווע הינטער קאָלאָמנע — אין פאַר־גלייך מיט דער ים־פּלאַך — אויף זיבן מעטער. אויב, אַלזאָ, מען וועט הינטער קאָלאָמנע, אויפן טייך מאָסקווע, אויסבויען אַ טאַמע די הייך לכל־הפּחות פון אַכט מעטער, וועט דאָס וואַסער פון טייך מאָסקווע אָנהייבן פליסן צוריק. די טאַמע הינטער קאָלאָמנע — דער מאָנאָליט — האָט געדאַרפט האַלטן פינפאונצוואָנציק מעטער און אויפגעשטעלט ווערן נידעריקער פון צונויפפלוס פון די טייכן אָקע און מאָסקווע, מיט אַזאַ אויסרעכענונג, אַז דאָס וואַסער פון דער אָקע, אָפּוואַרפנדיק צוריק דאָס וואַסער פון טייך מאָסקווע, זאָל אָנהייבן פליסן אין דער ריכטונג פון מאָסקווע. הינטער מאָסקווע איז געגראָבן געוואָרן אַ קאַנאַל. דער קאַנאַל האָט זיך גע־צויגן ביז דער קליאַזמע. מיטן דאָזיקן קאַנאַל זענען די וואַסערן פון די טייכן מאָסקווע און אָקע געפלאָסן ביז דער קליאַזמע, כדי ווייטער צו פליסן מיטן געלעגער פון דער קליאַזמע. די אָקע האָט

געענדערט איר געלעגער. דער טייך מאָסקווע איז געפלאָסן צוריק. די אָקע איז דורכגעפלאָסן הינטער מאָסקווע, — הינטער מאָסקווע איז דורכגעפלאָסן אַ גרויסער, וואַסער־רייכער, נייער טייך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן גרונט פון די לעצטע הידראָטעכנישע דערגרייכונגען. די שטאָט מאָסקווע איז געלעגן אין שכנות מיט אַ נייעם טייך, וואָס איז צום ערשטן מאָל אין אייראָפּע און אַלס ערשטער אין אייראָפּע געשאַפן געוואָרן דורך אַ מענטש, — מאָסקווע, די רעזידענץ פון סאָציאַליסטישן ראַטן־פאַרבאַנד, צו וועלכער עס האָבן געקאָנט אָנקומען דאַמפּפערס פון באַקו, און דורכן קאַנאַל, וואָס האָט פאַרייניקט די וואָלגע מיטן דאָן, פון אַלע ווינ־קעלעך פון דער וועלט. די סחורות פון גאַנצן דרום־מזרחדיקן טייל פון פאַרבאַנד האָבן געקאָנט דערגיין צו מאָסקווע אָן איבערלאָ־דונג. די וואַסער־קאָמוניקאַציע צווישן ניזשני־נאָווגאָראָד און מאָסקווע איז פאַרקירצט געוואָרן אויף אַכטהונדערט זיבעציק קילאָמעטער, — מער ווי אויף פיר זיבעטל פון אַלטן וועג. דער אַלטער וועג, וואָס האָט געפירט דורך די רוסישע סטעפּעס, פון קאָלאָמנע קיין ריאַזאַן, איבער דער טאַמבאָווער גובערניע, האָט געפאָדערט אַ טאָפּעלע איבערלאָדונג; דער נייער וועג איז געלאָפן כמעט אין אַ גלייכער ליניע איבער די צומיינסט אינדוסטריאַליזירטע גרויסרוסישע פּראָ־ווינצן.

דער נייער טייך האָט געענדערט די געאָגראַפיע פון די מאָסקווער, ריאַזאַנער, וולאַדימירער געגנטן, די הידראָלאָגיע פון די טייכן און פון קלימאַט. הינטער דער אַלטער שטאָט ראָש־טשיסלאַוול, הינטער קאָלאָמנע, הינטער בראָניץ האָבן זיך גע־שאַפן גרויסע אָזיערעס, רעזערוואואַרן פון נייעם טייך. קאָלאָמנע, האַלב פאַרגאָסן אין וואַסער, האָט געזאָלט שטיין אויף אַ האַלב־אינזל. צענדליקער דערפער האָבן זיך איבערגעטראָגן פון זייערע אַלטע ישובים. די נייע אָזיערעס, רעזערווירנדיק וואַסער, האָבן אומאָפּהענגיק געמאַכט דעם נייעם טייך פון טרוקעניש און פאַרפלייצונג. אין דער געגנט אַרום די אָזיערעס האָבן געדאַרפט געשאַפן ווערן אינדוסטריעלע באַטריבן, גערטנעריי, טעכניש־פאַר־

פולקאָמטע לאַנד־ווירטשאַפט. דידאָזיקע אָזיערעס האָבן באַרייכערט מיט וואַסער מאָסקווע. הינטער מאָסקווע האָבן געוואָיעט די סירע־נעס פון ים־שיפן. די שיפן זענען געשוואומען דורך קאָלאָמנע קיין קאַשיר, פירנדיק רויִ־שטאָפן און האַלב־פאַבריקאַטן, מעטאַל, רודע, האָלץ און ברען־מאַטעריאַל, פון דאָנבאַס, פון מאַרסייל, פון קאַס־פישן ים, פון אוראַל.

די אינזשיניערן פּאָליעטיקאַ, סאַדיקאָוו, לאַסלאָ און עטלע־כע הונדערט זייערע געהילף־אינזשיניערן, רוסן און אויסלענדער, נאָר־וואָס זיך אָפּגעריסן פון די טיפסטע ערד־שיכטן און דער בלאָ־טיקער אָזיערע, פון וועלכער עס איז אַרויסגעפלאָסן די אָקע, — האָבן געמוזט אויסרעכענען אַלץ — אַזש ביז די קלענסטע פאַבריק־לעך און באַטריבן, וואָס האָבן געזאָלט אויפגעשטעלט ווערן לענגאויס דעם טייך, אַזש ביז די נייע טאָן־קילאָמעטערס נאַפט, שטיינקוילן, רודע, מעטאַל, האָלץ. די בויאונג און אויסרעכענונגען זענען גע־ווען נייטיק, כּדי צו באַפרייען הונדערטער מיליאָנען, מיליאַרדן און הונדערטער מיליאַרדן מענטשלעכע אַרבעט־שעהן, קאָאָרדינירן, פעסטשטעלן די מענטשלעכע אַרבעט, די מענטשלעכע צייט, — דאָס איז דעמאָלט געווען דער ציל פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג. דער טייך מאָסקווע, ביי וועלכן עס איז אַנטשטאַנען די מאָסקווער מלוכה, די געשיכטע פון די באַזונדערע פירשטנטומס, פון דער פאַראייניקונג פון ראָסיי, פון די צאַרן, פון די איבערפאַלן, פון דעם אימפּעריאַליזם, — דער זעלבער טייך איז אַצינד געפלאָסן אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דאָס איז געווען דער סימבאָל פון דער נייער רוסישער מלוכהשאַפט, וואָרים רוסלאַנד פון אָקטאָבער האָט געוואָלט איבערבויען, איבערשאַפן אַלץ — אָנ־הייבנדיק פון מענטש ביז דער געאָגראַפיע און געאָלאָגיע. רוסלאַנד האָט איבערגעשאַפן — מיט דער הילף פון דער מאַשין — פאַרן וואויל פון דער אַרבעט — די באַציונג פון מענטש צו מענטש, צו דער אַרבעט, צו דער נאַטור, — און געענדערט דאָס אַלטע רוסלאַנד פונקט אַזוי, ווי דעם שטראָם פון טייך מאָסקווע, ווי דאָס געלעגער פון דער אָקע. דאָס מענטשלעכע לעבן קאָן פאַר־

לענגערט ווערן נישט בלויז אַ דאַנק דער לערע וועגן מענטשלעכן אָרגאַניזם, נאָר אויך דורכן באַפרייען דעם מענטש פון אַרבעט, — דער נייער טייך האָט געאַרבעט איבער דער פאַרלענגערונג פון מענטשלעכן לעבן.

די אינזשיניערן סאַדיקאָוו און לאַסלאָ האָבן געאַרבעט ביים בויען דעם מאָנאָליט הינטער קאָלאָמנע. דאָס בויען פון מאָנאָליט האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן. דידאָזיקע ריזיקע מאַסע גראַניט און בעטאָן האָט פאַרשלונגען די גרעסטע צאָל מח־אָנ־שטרענגונגען פון די אינזשיניערן. זי איז גלייך געווען צו דער קראַפט, וואָס וועט מיט מיליאָנען טאָן וואַסער־געוויכט אַ שפּאַר־טון אויפן מאָנאָליט. די בויאונג פון מאָנאָליט איז געווען דער שטאַב אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. דער מאָנאָליט איז געפאָרמט געוואָרן אַזוי, ווי עס האָט זיך געפאָרמט די בראשיתדיקע נאַטור. די טייכן אָקע און מאָסקווע זענען אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון זייערע געלעגערס אין אָפּפיר־קאַנאַל אַריין, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן דורך די גרעבערס און עקסקאַוואַטאָרן. דאָס וואַסער איז שוין דאָס צווייטע יאָר געפלאָסן מיט דעם קאַנאַל, כדי צו באַפרייען דעם שטח אַרום דעם מאָנאָליט. דער פונדאַמענט פון מאָנאָליט איז זיך צונויפגעוואַקסן מיטן גראַניט פון באָדן. דערדאָזיקער גראַניט, מיטן גראַניט, וואָס איז געבּרענגט גע־וואָרן דורך מענטשלעכן ווילן, האָבן זיך פאַראייניקט אין געאָלאָגיע, אין בראשיתדיקייט. אינעווייניק, אין דעם מאָנאָליט, אין זיינע אונטערערדישע טיילן, זענען געלאָפן קאָרידאָרן, ווי אונטער די מיטלאַלטערלעכע פעסטונגען, דרענאַזש־קאַנאַלן, פינסטער־ניש, עלעקטריע־ליכט, טויבער וואַסער־גערויש, אָבסערוואַציע־טו־נעלן, קאָנטראָל־חדרים. די טאַמעס, וואָס האָבן געשיצט דעם מאָ־נאָליט פון וואַסער, האָבן געגלאַנצט מיט זייערע פעלזיקע שיפּועים. אויף די לאָנקעס ביים מאָנאָליט, ביי די טאַמעס, ביי די רעזערוו־קאַנאַלן, ביי די געהילף־וואַרשטאַטן און ביים נייעם גראָבן פון נייעם טייך האָבן געאַרבעט צענטויזנט אַרבעטער, אַ גאַנצע אַרמיי, כדי דורכצוברעכן און איבערבויען די געשיכטע פון יאָר־

טויזנטער. און נאָכדעם ווי דער קאַמף וועט זיין געווינען, אַוועק־גיין פון דאַנען, איבערלאָזנדיק דריי אינזשיניערן, איין טעכניקער און אַ צוואָנציק אַרבעטער. דער מאָנאָליט האָט זיך אויסגעצויגן אויף עטלעכע קילאָמעטער, אָנהייבנדיק פון די שטשוראָווער בערג, אַריבערשפּרייזנדיק די אָקע ביזן דאָרף קאָנסטאַנטינאָוו, וואָס האָט צוזאַמען מיט די דערפער סערגעיעווסק, פּאַרפּיענטיעוו, אַמיערעוו, באָבריעניעוו און האַלב קְאָלאָמנע פאַרלאָזט זיין אַלט אָרט, ווייל עס האָט געדאַרפט פאַרגאָסן ווערן מיט וואַסער.

דאָס בויען דעם מאָנאָליט האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן.

דער פּראָפעסאָר פימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ איז געקומען צו פאָרן אויף דער בויאונג, כדי צום לעצטן מאָל צו קאָנטראָלירן דעם מצב פון מאָנאָליט. ער האָט געוואוסט, ווי מאָנאָליטן ברעכן זיך, ווען דאָס וואַסער הייבט־אָן ווי טייג צו מישן אייזן און בעטאָן און לאָזט זיך אַוועק מיט דער גיכקייט פון אַ שנעלצוג, אויפהייבנדיק די כוואַליעס צו דער הייך פון אַ וואָלקן־קראַצער און אָפּווישנדיק אַלץ, וואָס עס טרעפט אָן אויפן וועג. פימען סערגעיעוויטש האָט געקענט די קראַפט פון וואַסער, און ווי אַלע הידראָ־אינזשיניערן אַ ביסל מורא געהאַט פאַר דערדאָזיקער קראַפט, זייענדיק בכוח צו זען אין דער פאַנטאַזיע די הונדערטער אָרלאָווער, טולסקער, קאַלוגער, מאָסקווער שטראָמען און טייכן, רוסיש־לעגענדאַרע, פאַרכישופטע סטאַוון און מילן, וואָס האָבן פאַרהאַלטן די אָקע, זענען אַליין פאַרהאַלטן געוואָרן דורכן מאָנאָליט, כדי אונטערצוואַרפן זייערע וואַסערן דעם ווילן און מאָנאָליט פון אים, דעם האָריקן זקן, דעם בויער פון סאָציאַליזם, — און ער האָט מיט אַן ערנסטער מינע באַטראַכט דעם מאָנאָליט און די בוי־גריבער אַרום דעם מאָנאָליט, וואו עס האָבן געווימלט טויזנטער מענטשן און געריטשעט די מאַשינען. די וואַסער־גריבער האָבן אַנטבלויזט דעם גרונט פון טייך, ווי יאָרהונדערטער.

פּאָליצעס יאָרן זענען ווי פּאָליצעס ביכער. פּאָליצעס מענטש־לעכע יאָרן זענען ווי ביכער, וואָרים איז דען נישט יעדעס בוך אַ צאַפּל פון מענטשלעכער גאונות, מענטשלעכן געדאַנק, וואָס פאַר־לייקנט דעם טויט, שפּאַנט אַריבער די גרענעץ פון טויט, ווי עס שפּאַנען אַריבער דידאָזיקע גרענעץ די צאַפּלענישן פון אַ מענטש־לעכן קערפּער אין קרעמאַטאָריום. און יעדער מענטש מוז דאָך אַמאָל, אין אַ נאַכט, אין זיין קאַבינעט מיט די פּאָליצעס ביכער, — צי ער וויל דאָס יאָ, צי נישט, — אויפּציטערן אין אָנבליק פון דידאָזיקע ביכער, אָפּגעבן זיך אַ חשבון, אַז יעדעס בוך איז אַ צאַפּל פון געדאַנק, וואָס נאַרט אָפּ דעם טויט, — אויפציטערן און זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז דאָ, ביינאַכט, ווען די ביכער פון די פּאָליצעס זענען אויס ווי מעכטיקע קינבאַקן, וואָס בלישטשען מיטן גאָלד פון זייערע ציין אין די יאַסלעס פון: „ביימייערס געשיכטע פון דער ערד״, — ווען דער קאָפּ איז זייער מיד און באַשווערט פון שלאָפלאָזיקייט, — אויפציטערן און זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז די ביכער אין דעם צימער — זענען מתים אין אַ קיל־שטוב, אַזאַ קיל־שטוב, פון וועלכער עס איז היינט אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויפן בית־עולם אַרויף מאַריע — אַן אָרט, וואו עס איז באַגראָבן דאָס לעבן, וואו טויטע, לעבעדיק־נאָכגעמאַכטע, געדאַנקען צאַפּלען זיך, ענלעך צו מתים אין קרעמאַטאָריום. פון דידאָזיקע פּאָליצעס גייען אויף די געדאַנקען פון יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע, דאָס בילד פון ווער־טערן, וועלכער האָט קיינמאָל נישט עקסזיסטירט, — די פּריינט פון דער יוגנט, די זינד פון דער יוגנט, צוזאַמען מיט פּושקינען, טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין. קאַראָל מאַר וועט קיינמאָל נישט באַקעמפן היינעס חוזק־ווערטלעך. דאָס אַלץ איז געבליבן אין דער פאַרנעפּלטער פאַר־גאַנגענהייט, אין דער עפּאָכע פון פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און רייסט זיך מיטן כוח פון אינערציע צום לעבן. מאַרקס, לענין, פּלעכאַנאָוו, — די אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן, אין דער גאַנצער וועלט, — דאָס האָט אָנגעהויבן שאַפן עפּאָכן. לענין איז געשטאָרבן, און זיינע ביכער וואַקסן און וואַקסן, — אויף יענער זייט הויז, נאָך

די שוצגראָבנס פון דער בויאונג, ווערט געשאַפן אַ מאָנאָ־ליט, וואָס בויט איבער די נאַטור.

אין אַזעלכע נעכט פילט זיך דער מענטש זייער איינזאַם אין מיטן דער שטילקייט פון די געשטאָרבענע, וואָרים די מענטשן האָבן שטענדיק צוויי לעבנס — איין לעבן, וואָס קומט פון מוח, — דאָס זענען: די פליכטן, די ערע, דאָס אָפּענע באַוואוסטזיין, און דאָס אַנדערע לעבן, וואָס קומט פון מענטשלעכן אונטערבאַוואוסט־זיין: דער אינסטינקט, דאָס בלוט, די זון. אינדרויסן האָט אין דער נאַכט און אין דער שעה געגאָסן אַ האַרבסט־רעגן. עס איז געווען פינסטער, פוסט און פייכט. נעכט, אין וועלכע ביכער נעמען אָן דאָס געשטאַלט פון מתים אין קרעמאַטאָריום, גייען נישט דורך פאַרן מענטש אָן שפורן.

אין אָוונט פון דער לוויה איז לאַסלאָ געלעגן אין זיין קאַבינעט אויף דער לעדערנער סאָפע לעבן די ביכער־פּאָליצעס. די צייט האָט זיך פאַרהאַלטן. די ראָלעטן אויף די פענסטער האָבן נישט אַריינ־געלאָזט אין צימער — נישט די נאַכט, נישט דאָס ליכט פון די לאַמ־טערן, נישט קיין שום קלאַנגען. לאַסלאָ האָט פיזיש נישט געקאָנט זעען די ביכער, דאָך האָט ער זיי געזעען. ער האָט נישט געוואוסט צי ער שלאָפט, צי ער וואַכט, אָבער פיזיש געזעען זיין מוח און זיינע געדאַנקען. זיין מוח האָט ער געזען, ווי מען זעט גע־וויינטלעך אַ מוח אין די מתים־שטיבער, — ווי צוויי קאָטלעטן פון רוי־פלייש. הינטערן לינקן אויער לעבן קישעלע, אונטערן שיידל, איז געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק און ווי אַ מויז איבערן מוח אַרי־בערגעלאָפן אין דער הייך אַרויף, זיך צודרייענדיק צו די פאַלדן פון מוח, פיזיש ראַצנדיק אים און פאַרהאַלטנדיק זיך אונטערן שטערן אין קעמערל פון באַוואוסטזיין. דאָרט האָט ער זיך פאָרמולירט: — „די אַר־בעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מיר, — פונדעסטוועגן דאַרף מען מאָרגן גיין צו דער אַרבעט. מאַריע איז אַצינד אין דער ערד!“ — דאָס אונטערבאַוואוסטזיין האָט פאַרשטעלט די מוח־קאָטלעטן אַזוי, ווי נישט־דורכזיכטיקע גרינע ראָלעטן פאַרשטעלן אין די שלאָף־וואַגאָנען דאָס גלאָז פון לעמפּל. פאַרן באַוואוסטזיין איז געבליבן

בלויז אַ קלײנער בלײַז. דידאָזיקע ראָלעטן האָט מען געקאָנט מיט אָנגעשטרענגטן װילן פֿונאַנדערוקן. דער װילן האָט זיך באַ־ מיט דידאָזיקע ראָלעטן צו פֿאַררוקן אינגאַנצן, װײַל מען האָט גע־ דאַרפֿט שלאָפֿן, — הינטער די פֿאַררוקטע ראָלעטן איז אַלץ פֿאַר־ זונקען אין רויקײט, װאַרימקײט, פֿינסטערניש און שטיל־ קײט. אָבער די געדאַנקען זענען קעגן װילן אַרויסגעלאָפֿן דורכן בלײַז פֿון באַוואוסטזײַן אין דער פֿינסטערניש פֿון מוח, און דאָס באַוואוסטזײַן האָט דעמאָלט אָבסערווירט זײערע וואַנדערונגען. מיט בליצאַרטיקער שנעלקײט איז דער געדאַנק אַוועקגעלאָפֿן צום זכרון, דעם באַוואוסטן און אונטערבאַוואוסטן, בײדע זכרונס האָבן זיך דעמאָלט פֿאַרײניקט אין אײנעם און אומגעקערט צום באַוואוסטזײַן אין דעם מאָמענט, װען פֿון די װײַטסטע מוח־ װינקלען איז אויפֿגעשוואומען אַ בילד; דאָסדאָזיקע בילד איז פֿאַר־ בונדן געװען מיטן זכרון, דעם באַוואוסטן און אונטערבאַוואוסטן: דאָס זענען געװען די אויגן פֿון ערשטן װײַב, אײנצײַטיק די זעל־ בע, װי ער האָט זײ געזען צום ערשטן און לעצטן מאָל, װען ער האָט זיך געזעגנט מיטן װײַב. דידאָזיקע אויגן האָבן זיך גע־ טאָפּלט מיט די אויגן פֿון אַלטן פּאָליעטיקאַ, — און דעמאָלט האָט לאַסלאָ מיט שרעק דערזען אויך מאַריעס אויגן און געהערט דאָס דראָענדיקע טופּען פֿון די פּרויען, װאָס זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער טרומנע. אין דער פֿינסטערניש פֿון אונטערבאַוואוסטזײַן איז געװען זײער װאַרים, זײער רויִק און זײער שטיל, — פֿאַרן באַוואוסטזײַן האָט מען געדאַרפֿט אַנטלויפֿן, אַנטלויפֿן, באַהאַלטן זיך, אַז אין מוח זאָל נישט זײַן קײן אײן געדאַנק, אַז דער מוח זאָל אַנטשלאָפֿן װערן. דאָס אונטערבאַוואוסטזײַן האָט פֿאַררוקט זײַנע ראָלעטן, כּדי צו פֿאַרהאַלטן, נישט אַרויסצולאָזן קײן אײן געדאַנק, — און דע־ מאָלט האָט אַ סקריפּע־געטון די טיר פֿון װײַבס צימער. — „דאָס װײַב איז אין קבר!“ — האָט דאָס באַוואוסטזײַן װײַטיקלעך באַ־ שטעטיקט. לאַסלאָס אויגן זענען געװען פֿאַרמאַכט, ער האָט פֿיזיש נישט געקאָנט זען, — אַז דאָס איז האַלוצינאַציע איז געװען פֿאַרשטענד־ לעך. לאַסלאָ האָט געזען װי זײַן װײַב, זײַן צװײט װײַב מאַריע, האָט

אויפגעלעגט די טיר, געשטאַנען אַ ווײַלע אויף דער שוועל, צוגעגאַנגען צום ביוראָ-טיש, אָנגעטון בלויז אין נאַכט-העמד, און אַראָפּגעלאָזט די אָרעמס. אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט, די האָר פאַרנומען, ווי צום שלאָפן-גיין. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט בײַם ביוראָ-טיש, אַראָפּגעלאָזט די אָרעמס, — און לעבן איר איז געשטאַנען דער ברייטפּלייציקער פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש, דעם אינזשיניער לאַסלאָס פריינט פּיאָדאָר סאַדיקאָוו, מאַריעס מאַן. דאָס באַוואוסטזיין האָט קאָנסטאַטירט: — „דאָס איז דאָס ווייב, דאָס צווייטע ווייב, היינט האָט מען זי צו קבורה געבראַכט, אַלץ איז געענדיקט". — און דעמאָלט זענען פון אונטערבאַוואוסטזיין געקומען צו לויפן הונדערטער מאָל — נישט קיין געדאַנקען, נאָר עמפּינדונגען — און דאָס גאַנצע אונטערבאַוואוסטזיין, דער גאַנצער מוח, דער גאַנצער קערפּער האָבן געשפּירט אַן אומדערטרעגלעכע לאַסט, אַ דריקעניש, אַ ווייטיק, נישט קיין פיזישע, נאָר אַזעלכע, פון וועלכער מענטשן ווערן גרוי. ביכער זענען ווי קרעמאַטאָריומס, געדאַנקען — ווי מתים, און דאָס ווייב — אַ לעבעדיקע — געפינט זיך נישט אין קרעמאַטאָריום, נאָר אין דער ערד פון קאָלאָמנער בית-עולם, וואו די ווערים פרעסן אויף די טויטע קערפּערס פון די מענטשן. דאָס באַוואוסטזיין האָט צערוקט די ראָלעטן — ענערגיש — אויפן גאַנצן ליכט און מוח: — „קאָשמאַרן, קאָשמאַרן!" — נאַכט, לײַדיק צימער, שטילקייט, פּייפּערײַ פון אַ לאָקאָמאָטיוול, אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן, קיינער איז נישטאָ.

— מאַריע! אָלגע!

שטילקייט. קיינער איז נישטאָ.

„די ביכער דאַרף מען פון דאַנען אַרויסנעמען. אוודאי, ווי איך וואָלט געווען אין קבר, מען פילט אַפילו ביכער-ווערים, — און אפשר זיך דערהרגענען?" — שטילקייט, קיינער איז נישטאָ, גאָרנישט איז נישטאָ. דאָס באַוואוסטזיין באַמיט זיך צו פאַררוקן די ראָלעטן. אין אונטערבאַוואוסטזיין איז זייער וואַרים, זייער פינסטער, זייער שטיל. אַ לעצטע מויז פון געדאַנק לויפט דורך ראַצנדיק: — „דאָס ווייב, דאָס טייערע ווייב מאַריע, וואָס

ליגט אין דער ערד, איז ענלעך צו אַ בוך". און קיין איין געדאַנק נישט מער. דער מענטש שלאָפט. זיין פּנים איז אויסגעקרומט פון ווייטיק. ער וועט באַלד אויפוואַכן, כדי צו אַנטלויפן פון זיך אַליין. די ווערים אויף די בית-עולמס פרעסן די טויטע — נישט בלויז ביינאַכט, נאָר אויך בייטאָג, יעדער רגע, אין דער פינסטערניש פון דער ערד, פרעסן די טרומנעס און די קערפּערס.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש סאַדיקאָוו איז געווען אַן אינזשיניער, וועלכן מען האָט אין שפּאַס גערופן — אינזשיניער פון וואַרשטאַט. אין אמתן איז טאַקע אַזוי געווען. זייענדיק אַן אַרבעטערס אַ זון און אַליין אויך אַן אַרבעטער, איז דער אינזשיניער פיאָדאָר סאַדיקאָוו געוואָרן אַ תּלמיד און מיטאַרבעטער פון פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ. מיט דריי יאָר צוריק איז פיאָדאָר סאַדיקאָוו געקומען צו פאָרן אויפן שטח פון דער בויאונג מיטן צוועק אָנצוצייכענען פּראָפילן, גייענדיק פון קאָלאָמנע, לענגאויס דעם טייך מאָסקווע ביזן קאָלאָמנער אויסגוס הינטער מאָסקווע. דאָרט האָט ער זיך געדאַרפט אָנדרייען און גיין לענגאויס דעם-טייכל פּיעכאָרא ביז די בערן-אָזיערעס, און פון די בערן-אָזיערעס — ביז דער קליאַזמע. לענגאויס דער קליאַזמע, אָנהייבנדיק פון דער אָקע ביזן טייך מאָסקווע, איז קעגן סאַדיקאָוון געגאַנגען דער אינזשיניער לאַסלאָ מיט זיין פּאַרטיע.

די טייכן זענען די וועגן פון אוראַלטער. אין יולי זענען די טייכן איינגעהילט אין נעפּלען. יעדעס נייע דאָרף, יעדעס וואַך-ביידל אין אַ וואַלד, יעדער נאַכטלעגער ביי אַ שיפל — זענען אַ נייעס. אין יולי, ווען די אָוונט-רויטקייט מיטן מאָרגנשטערן שפּילן זיך אין באַהעלטעניש, איז דאָ זייער אַ סך זון. די מענטשן אין ברעזענטענע שטיוול, מיט שטויסן מאַפּעס און בלישטשענדיקע מכשירים, געהאַלטענע אין זאָרגפעלטיקער אָרדענונג, ווי ביי יעדן, וואָס האָט ליב זיין אַרבעט, זענען געשוואומען שטראָם-אַרויף, אויף

קריפּעס, פאָרשנדיק די טייך-שטראָמען און פּראָיעקטירנדיק די וועגן פון נייעם טייך.

די נאַכטלעגערס פון דעמדאָזיקן מאַרש זענען געווען צו-פעליקע, — אין דאָרפישע קרעטשמעס, אַלטע פּאָלוואַרקן, אויף די ברעגן פון טייכן ביי פייערן, אין דער דושנער וואַרימקייט פון די קרי-פּע-קאַיוטעס, וואו פון אַלעם האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון פיש און ריצינאייל, וואָס איז באַנוצט געוואָרן צום שמירן די מכשירים. די נעכט אין דער צייט פון מאַרש און וויסנשאַפטלעכע פאָרשונ-גען האָבן תמיד אין זיך עפּעס אומגעוויינטלעכס: די יולי-נעכט האָבן נישט איבער זיך קיין הימל, און די אָוונט-רויטקייט מיטן מאָרגן-שטערן וואוינען בשכנות אין די נעפּלען און געזונגעריי פון די פייגל.

לאַסלאָ איז אַרויסגעפאָרן אויפן ווינטער קיין מאָסקווע און סאַדיקאָוו קיין לענינגראַד, צו פּאָליעטיקען. דאָס זענען געווען טעג פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט איבער חשבונות, צייכענונ-גען, מיינונגען פון רוסישע און אייראָפּעישע פאַכלייט וועגן דער אויספירלעכקייט פון די פּראָיעקטן; טעג פון אונטערהאַנדלונגען מיט דער מלוכהשער פּלאַן-קאָמיסיע, ווירטשאַפטלעכן פּאָלקס-ראַט, פּאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר לאַנדווירטשאַפט, פּאָלקס-קאָמי-סאַריאַט פאַר קאָמוניקאַציע, וואו עס זענען אויף טויזנטער פּאַפּיר-זייטן פון פאַרשידענעם פאָרמאַט דעצידירט געוואָרן — צי דער נייער טייך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן שוין נישט דורך דער געאָלאָגיע, נאָר דורך אַ מענטש, זאָל עקזיסטירן, צי נישט.

און ווידער האָבן אין יולי, ווען דאָס בויען פון מאָנאָליט האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן, סאַדיקאָוו און לאַסלאָ זיך צונויפ-געטראָפן אויף עטלעכע טעג אויף די לאָנקעס הינטער מאָסקווע ביי דער בערן-אָזיערע, קאָאָרדינירנדיק די אַרבעט פון זייערע מעסט-גרופּעס, כדי דערנאָך צוזאַמען צו פאָרן קיין קאָלאָמנע.

און עדגאַר לאַסלאָ און פיאָדאָר סאַדיקאָוו זענען געווען חתונה-געהאַט. פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס ווייב, וואָס האָט גע-הערט צו יענעם טיפּ פרויען, וואָס פאַרמאָגן דעם שטאַרקסטן

כּוח פֿון אַ פּרוי — די ווערלאָזיקייט. אין דער צייט פֿון בירגער־קריג, אויפֿן פראָנט, אין אַ געוויסער נאָוועמבער־נאַכט, אין אַ חרובן פֿאַבריק־ישוב אין דאָנבאַס, איז פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזעסן, נאָך האַלבער נאַכט, אין דער שטאַב־קוואַרטיר, ביים טעלעגראַף־אַפּאַראַט, איינער אַליין, איינהערנדיק זיך אין געוויש פֿון נאָוועמבער־ווינט און אין די ווייטע קלאַנגען פֿון דער האַרמאַטן־קאַנאָנאַדע. ער איז נישט געשלאָפֿן, וואַרטנדיק אויף ידיעות און באַפֿעלן. אין זיין קאַבינעט פֿון די אַפּאַראַטן איז אַריינגעקומען אַ מיידל מיט צעשראָקענע אויגן, אויף די שפּיצפֿינגער, מיט דער האַנט ביים מויל, באַוועגנדיק זיך אַזוי, אַז קיינער זאָל זי נישט דערהערן. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז די טאָכטער פֿון אינזשיניער פֿון דעם ישוב, אַז אירע טאַטע־מאַמע האָט מען מיט אַ וואָך צוריק דערהרגעט, דאָ, אין דעם הויז, וואָס האָט געהערט צו איר פֿאָטער; אַז אין דעם הויז איז איינגעשטאַנען דער שטאַב פֿון די ווייסע, און אַז זי איז די גאַנצע וואָך אָפּגעזעסן אין דעם הויז, באַהאַלטן אין קעלער. אירע אויגן זענען געווען ליידיק. זי האָט געזאָגט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, ראַטלאָז זיך אַוועקזעצנדיק קעגן אים:

—דערהרגעט מיך אויך, אויב איר ווילט, — איך וואַרט שוין אויף גאָרנישט אין לעבן.

די נאַכט האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש צום ערשטן מאָל אַ טראַכט־געטון און זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, אַז אין דער צייט פֿון רעוואָלוציע שפּילן די מענטשן אין לעבן va banque מיטן טויט, אַז די ניצול־געוואָרענע, געבליבענע ביים לעבן, וועלן מוזן געדענקען די פֿאַרגאַנגענהייט ווי אַ העלדישע צייט טאַקע דערפֿאַר, וואָס די געשטאָרבענע, דערהרגעטע, האָבן געשפּילט מיטן טויט און לעבן va banque. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט דעמאָלט געזען אַ סך געשטאָרבענע און זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, וואָס דידאָזיקע געשטאָרבענע און דערהרגעטע וואָלטן דערציילט, ווען זיי וואָלטן געקאָנט רעדן.

דאָס מיידל איז דאָ אַריינגעקומען, האָבנדיק זיך אַרויסגעדרייט פֿון טויט, און סאַדיקאָוו האָט איר פֿאָרגעלייגט צו וואוי־

נעֶן אין שכנותדיקן צימער פון דער שטאַב-קוואַטיר, אין דעם דורך אים פאַרנומענעם צימער, וואָס האָט געהערט צו איר מוטער, וואוּ הין קיינער איז נישט אַריינגעגאַנגען. דאָס מיידל איז דעמאָלט הכנעהדיק אויפגעשטאַנען פון דער שטול און אַוועקגעגאַנגען שלאָפן. צומאָרגנס פאַרנאַכט האָט פיאָדאָר סאַדיקאָוו געזען, ווי דאָס מיידל איז שטיל צוגעגאַנגען צום פּאָרטעפּיאַן, וואָס איז געשטאַנען אין זיין צימער, אין דעם צימער, וואָס האָט געהערט צו איר מוּ-טער, שטילינקע זיך אַוועקגעזעצט ביים פּאָרטעפּיאַן און אָנגעהויבן שפּילן, כמעט נישט באַרירנדיק די קלאַווישן: דאָס איז אויך געווען אַרויסגעריסן ביים טויט. דעמאָלט האָט זי צום ערשטן מאָל פאַרשעמט אַ שמייכל-געטון, דערזעענדיק פיאָדאָרן, און אַראָפּגעלאָזט די דעק פון פּאָרטעפּיאַן. דאָס איז געווען אַ שטיל מיידל מיט האָר פון אַש-קאָליר, אַ גימנאַזיסטן מיט בלויע אויגן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין באַגריף וועגן לעבן און געקוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף דער וועלט. פיאָדאָר סאַדיקאָוו האָט מיט איר חתונה געהאַט. פיאָדאָר סאַדיקאָוו האָט זי צוגענומען ביים טויט, אַרויסגענומען פון די קאַלוזשעס בלוט אויפן פראָנט, ווי מען נעמט אַראָפּ ביים קאַרק, אַ קיינעם נישט נייטיק, קעצל פון אַ מיסט-קאַסטן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ מענטש אַ גראָב-הויטיקער און נישט אַרומגעטעסעטער, האָט גע-לעבט מיטן לעבן פון זיין אַרבעט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע.

פיאָדאָר איז געוואָרן מאַריעס ערשטער מאַן, און ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט מיט איר וועגן ליבע. עס זענען אַריבער יאָרן. אַ דאַנק דעם מעכטיקסטן פרויען-כוח, דער ווערלאָזיקייט, האָט דאָסדאָזיקע מיידל באַוויזן צו ווערן פאַר סאַדיקאָוון דאָס, וואָס ער אַליין איז געווען. פיאָדאָר האָט אויסגעטוישט די ביקס אויף די אינזשיניער-מכשירים, אָבער די מאַפּעס און פּלענער זענען געבליבן, ווי אַמאָל. און ווי אַמאָל האָט פיאָדאָר סאַדיקאָוו דורכגעמאַכט מלחמה-מאַרשן, פריער כדי זיך איינצושאַפן וויסן און דערנאָך כדי צו פאַרווענדן דאָסדאָזיקע וויסן. דאָס יאָר האָט ער פאַרבראַכט

אין מאַרש ביי נאַכט־פייערן, אינמיטן פון נצחונות און מפּלות אין קאַמף פאַרן טייך. פּיאָדאָר איז געגאַנגען איבער די לאָנקעס און טאָלן, האָט באַרעכנט דעם געוויכט און די קראַפט פון די שטראָמען און פלאַכע וואַסערן, האָט געבויט טאַמעס. דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אַטלעטישן כּוח אין דער יוגנט און גוט באַהערשט זיינע נערוון אין רייפן עלטער. זיינע כּוחות האָבן איינגעבראָכן די וויסנשאַפטלעכע גראַניטן פון ענגעלסן, דעם סאָציאָלאָג, און ענגעלסן, דעם הידראָ־טעכניקער, די אַבסאָלוטע צאָלן פון וואַסער־אָפּפלוס אין אַ סעקונדע און זייער פּעריאָדישקייט, די באַגנעטן פון דער רעוואָלוציע, אַ שראַפּנעל, וואָס האָט געפּלאַצט ביי זיינע פיס אויף דער סטאַציע מאַטשעיעווסק, אויפן פראָנט פון בירגער־קריג, און אַ טאַמע אויפן טערעק, אַ צעריסענע דורך די קריעס, וואָס האָט אַ סך שעהן געטראָגן פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן איבערן שטראָם פון די באַפרייטע וואַסערן. דאָס לעבן פון פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן איז אַדורך, ווי דאָס לעבן פון אַ זעלנער און אַרבעטער, זיין טיש איז תּמיד געווען אַן אַרבעט־וואַרשטאַט און איינצייטיק אַ צייכן־טיש, צווישן די פּאַפּירן אויפן טיש, אָפּגערוקט אין אַ זייט, איז געלעגן דאָס צעטל מיט זיינע אויסגערעכנטע דרייצן קראַנקהייטן, ער איז שטענדיק געשלאָפן אויף אַ פעלד־בעטל. מאַריע איז געפאָרן צוזאַמען מיט אים, באַשיינענדיק אירע ווינקעלעך מיט אוקראַינישע טיכער. זי האָט שטענדיק געזוכט אַ פּאַרטעפּיאַן, כּדי צו שפּילן די קלאַסיקער, און זיך נישט צעשיידט מיט איר פריינט, דעם גרויסן הונט, וואָס האָט געהערט צו דער געמישטער ראַסע פון אַ שעפּס מיט אַ וואָלף. פּיאָדאָר האָט אין משך פון זיין גאַנץ פאַמיליע־לעבן מיט מאַריען נישט באַוויזן צו זאָגן איר, צי ער האָט זי ליב, צי נישט.

די טעג פון לאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אונטער די באַפעלן פון מאָסקווע, זענען אין די יאָרן אַנטשטאַנען אונטער די שווערע מילשטיינער פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָבן געבויט דאָס לאַנד, אָנפירנדיק דערמיט. אונטער דערדאָזיקער אָנפירערשאַפט איז געוואַקסן די בוי־אַרבעט, האָבן זיך באַוועגט הונדערטער טויזנ־

טער מענטשן, וואָרים דאָס לאַנד האָט אין די יאָרן געלעבט מיטן לעבן פון אַ מלחמה־לאַגער. אונטער אָט דער זעלבער אָנפּירערשאַפט פון דער רעוואָלוציע איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, געהוסט, געקרעכצט, אויסגעגאָסן אויף זיך אַן עמער קאַלט וואַסער אַרויפגעצויגן די שטיוול און זיך אַוועקגעלאָזט אין מלחמה־מאַרש, אויף מלחמה מיט די טאָלן פון די טייכן, — אַ מענטש אַ ברייטפּלייציקער, איינער פון די מילנערס ביי די מיל־שטיינער פון דער רעוואָלוציע. אָפט זענען די נעפּלען איבערן טייך געווען באַזונדערס געדיכט, די מאַרשן אומגעווייטלעך שווער, — דעמאָלט איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש אַראָפּגעפאַלן פון די כוחות, זיך געלייגט אויף זיין פעלד־בעטל, זיינע דרייצן קראַנקהייטן האָבן אַטאַקירט דאָס האַרץ, די לונגען, דעם האַלז, דער בלייכער שטערן האָט זיך באַדעקט מיט שווייס, די באַקנביינער זענען באַוואַקסן געוואָרן מיט האַרטע האָר און דער האַלזקנאָפּ האָט זייער שאַרף אַרויסגעשטאַרט. פיאָדאָר האָט נישט געקאָנט רעדן וועגן ליבע.

עדגאַר לאַסלאָ און פיאָדאָר סאַדיקאָוו,ביידע קאָמוניסטן, מענטשן פון זעלבן ווילן און טעטיקייט, נאָר פאַרשידענע קולטורן, האָבן זיך צונויפגעלעבט ווי פריינט, וואָס זענען טעטיק ביי איין אַרבעט, מילנער ביי די מיל־שטיינער פון דער רעוואָלוציע. דער בירגער־קריג האָט לאַסלאָ געפילט אויף זיינע פלייצעס פונקט אַזוי, ווי סאַדיקאָוו, — דינסט אין די טעכנישע אָפּטיילונגען, שפיל אין לעבן va banque מיטן טויט, — נאָר לאַסלאָ איז נישט געווען קיין אינזשיניער פון וואַרשטאַט, און שפּילנדיק געקאָנט אַריינקוקן אין פרעמדע קאָרטן, דאָס הייסט אין די קאָרטן פון טויט. לאַסלאָ איז געגאַנגען דורכן לעבן ווי אַ מענטש מיט אַזאַ שטאַרקן ווילן, ווי סאַדיקאָוס ווילן, מיט האַרטע אויגן און זיכערע הענט פון אַן אינזשיניער, וואָס קאָן זיך אַן עצה־טון מיט זיין אַרבעט, — צו דעם איז ער פונדעסטוועגן דערגאַנגען דורכן לאַנגן וועג פון דער קלאַסישער גימנאַזיע, ביכער, ווי אַ רוסישער אינטעליגענט פון פרעמדער אָפּשטאַמונג.

אין דער צייט פֿון זייערע מאַרשן, וואָס האָבן געהאַט דעם ציל אויסצופֿאָרשן דעם טייך, האָבן לאַסלאָ און סאַדיקאָוו זיך צונויפֿגעטראָפֿן ביים טייכל מאַלאַשקאַ, נישט ווייט פֿון די בערן־אָזיערעס. דער וועג איז געווען פֿאַרענדיקט. ביידע מעסט־אָפּטיילונגען האָבן זיך איינקוואַטירט אין אַן אַלטן הויף, וואו ס׳איז נישט געווען קיין שויבן אין די פֿענסטער און אַ קאַלטער ווינט איז אַרומגעלאָפֿן איבער די צימערן. עס איז צוגעפֿאַלן דעמאָלט אַ נאַכט אַ כאַאָטישע און אומגעוויינטלעכע. אינדרויסן האָט געטריפֿט אַ דראָבנער רעגן. די צענדלינג־אָנפֿירער און סטודענטן־פּראַקטיקאַנטן האָבן זיך באַמיט צו געפֿינען אין נאָענטן דאָרף בראָנפֿן, כּדי צו באַגיסן די פֿריידיקע באַגעגעניש און דאָס פֿאַרענדיקן די אַרבעט. לאַסלאָ האָט זיך געלאַנגווײלט, סאַדיקאָוו איז געלעגן אין עסצימער, אַוועקגעלייגט דורך זיינע דרייצן קראַנקהייטן. דאָס הויז איז געווען אַ טויבס, אַן אַלטס, אַ סקריפּענדיקס. די צענדלינג־אָנפֿירער האָבן פֿאַרבעטן סאַדיקאָוון אויף בראָנפֿן, נאָר ער האָט זיי אָפּגעזאָגט, עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געטרונקען בראָנפֿן צוליבן רעגן און זיין מידקייט. די סטודענטן־פּראַקטיקאַנטן האָבן געטרונקען און געזונגען. אויף יענער זייט פֿענסטער האָט געטריפֿט אַ דינער רעגן. אין דער נאַטור איז געווען אומהיימלעך, וויסט, מרה־שחורהדיק.

יעדער, וואָס לעבט, האָט אַ רעכט אויף לעבן, און זיכער אויך אַ רעכט אויף ליבע. מאַריאַ, פּיאָדאָרס ווייב, האָט פֿאַרמאָגט דעם גרעסן כּוח פֿון אַ פֿרוי — זי איז געווען ווערלאָז. פּיאָדאָר האָט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן ליבע. מאַריאַ האָט זיך געשראָקן פֿאַר פּיאָדאָרס לעבן, ווען ליסטס מוזיק האָבן פֿאַרטרעטן די שווייגנדיקע מוזיק פֿון דער רעוואָלוציע און איר מאַנס זעלנערישע מאַרשן איבער די זומפּן, וואו אָנשטאָט דער וואַרימקייט פֿון אַ רוסיש־האָלענדישן אויוון האָבן געפֿלאַקערט די פֿייערן אויף די ברעגן פֿון די טייכן און אָנשטאָט אַ נאַפֿט־לאָמפּ האָט געלויכטן די אָוונט־רויטקייט.

עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. אין עסצימער פֿון הרובן הויף איז געבליבן דער טיש, אָבער די שטולן זענען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן,

די ליכט האָט מען אַריינגעשטעקט אין די ליידיקע פלעשער. אויפן טיש זענען געשטאַנען פלעשער אַלקאָהאָל. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געלעגן אין היק און אין שווייס אונטער די טרעפּ פון גאָרן־שטיבל.

עס איז אָפּגעשטאָרבן דאָס לעבן אין דעם הויז, בלויז סאָוועס האָבן באַוואוינט די הערשנדיקע שטילקייט. די צענדלינג־אָנפירער, אַרבעטער, פּראַקטיקאַנטן און לאַסלאָ זענען געשטאַנען ביים טיש, לאַנגווײַלנדיק זיך, און געטרונקען בראָנפן, דערביי האָבן זייערע געשטאַלטן געוואָרפן שרעקלעכע שאָטנס אויף דער וואַנט.

עס איז לאַנגווײַליק געווען אין דעם רעגנדיקן אָוונט. די מעדיצין ווייסט וועגן פאַרשידענע אַרטן שיכּרות, — דער ערגסטער פון זיי איז — די פּסיכישע שיכּרות, ווען דער מענטש הערשט איבער זיינע באַוועגונגען און לשון, אַזוי אַז ס'איז גאָרנישט צו דערקענען, צי ער איז שיכּור, אָבער זיין מוח־שׂכל, וואָס געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון אַלקאָהאָל, דינט שוין נישט דעם באַוואוסטזיין, און ער איז שוין נישט קיין באַלעבאָס איבער זיך. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַרומגעגאַנגען איבער די ליידיקע צימערן, געלאַנגווײַלט זיך אין דער פינסטערניש, נישט האָבנדיק וואָס צו טון, געטרונקען און געבליבן ניכטער, וואָס אַלע האָבן געזען. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געלעגן, ליידנדיק אויפן האַלז.

די סקריפּענדיקע טרעפּ האָבן אַרויפגעפירט פון עסצימער אין גאָרן־שטיבל אַריין. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַרויפגעגאַנגען איבער די סקריפּענדיקע טרעפּ אינדערהייך, לאַסלאָ, ווי מסתּמא אויך מאַריע, האָט שפּעטער נישט געדענקט, צי דאָס איז געווען אין אָוונט, צי פאַרטאָג, ווען עס האָט אויף יענער זייט פאַרשטויבטע פענסטער פון גאָרן־שטיבל, נאַסן פּאַרק, נאָכן טייך, זיך באַוויזן אַ געלע, טריבע רויטקייט פון אונטער די נעפּלען אַפּער. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אַנידערגעשטעלט זיין פלאַש מיטן גלאָז אויפן פענסטער־פּאַראַפּעט.

דעמאָלט איז ביים פענסטער געשטאַנען אַ מענטש, וואָס

זיינע אויגן האָבן געקאָנט קוקן אין חלל אַריין, נישט זעענדיק אים, נאָר דאָס, וואָס געפינט זיך ווייטער פון חלל. אַזעלכע אויגן פאַר־מאָגט נאָר זייער אַ שטאַרקער מענטש. דאָס זענען געווען די שוואַרצע אויגן פון דעם רוסיפיצירטן אונגאַר, וואָס האָבן באַ־האַלטן אין זיך די געשיכטע פון זיין פאָלק, וואָס איז געקומען פון די ברעגן פון דער פאַרהיסטאָרישער וואָלגע, ווען די וואָלגע האָט נאָך געהייסן ראַ, און זיך באַזעצט אין דער אַלטער קולטור פון דונאַי. לאַסלאָ האָט געמיינט, אַז ער געפינט זיך אַליין אין דעם צימער, וואו מ'האָט מיט דער האַנט געקאָנט דערגרייכן דעם סופיט און מיט ברייט־צעשפּרייטע הענט — אָנרירן די זייטיקע ווענט.

און דעמאָלט האָבן אין ווינקל אַ סקריפּע־געטון די אַלטע פּרוזשינעס פון דער סאָפע.

— ווער איז דאָרט? — האָט לאַסלאָ געפרעגט.

— דאָס בין איך — האָט מאַריע געענטפערט, — איר ווייסט, איך האָב בגנבה אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראָנפן און אַצינד בין איך אינגאַנצן שיכּור.

ווען דער אינזשיניער לאַסלאָ האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון אַלקאָהאָל, פלעגן אויפקומען אין אים נישט קיין געדאַנ־קען, נאָר עמפּינדונגען — אָדער פון טרויער, וואָס האָבן פאַרשאַפט פיזישע ווייטיק אין מוח, אָדער פון פרייד, פיזישער פרייד, פון וועלכער די חוט־השדרה ווערט פאַרשטייפט. לאַסלאָ האָט געוואוסט פון די פראָגנטן, אַז דאָס איז יענער טרויער, ווען דער טויט טרעט אַריין אין מוח, יענע פרייד, ווען די זון אַליין דרינגט אַריין אין האַרץ, — אַזאַ טרויער און פרייד האָט ער איבערגעלעבט ביים גע־דאַנק וועגן אַ פרוי, וועגן יענעם וואונדערלעך־ווייבלעכן, וואָס איז צעגאָסן איבער דער מענטשלעכער וועלט. אַזאַ פרייד האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש איבערגעלעבט אויך אַצינד, זיך איינקוקנדיק אין דער הימל־רויטקייט.

— עס איז מיר זייער אומעטיק, עדגאַר איוואַנאָוויטש, זייער אומעטיק. טייל מאָל שרעק איך מיך אפילו, וואָרים איך בין איינ־

זאַם, זייער איינזאַם אויף דער גאַנצער וועלט – האָט מאַריע גע־זאָגט.

אַ מוח, וואָס געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון אַלקאָ־האָל, איז מסוגל אַלץ צו פאַרגרעסערן, דער זכרון נייט צונויף ברעקלעך, וואָס זענען דערוויטערט פון זיך אויף יאָרצענדליקער, און זייער אָפט הייבט מען דעמאָלט אָן איבערלעבן אַ געפיל פון אומבאַוועגלעכער ריינקייט, צניעות, אמת, וואָס האָט באַזיגט די גאַנ־צע פאַלשקייט.

– איך בין דאָ אַהערגעקומען, כדי זיך צו דערווייטערן פון אַלע, און איר זענט אויך דאָ אַהערגעקומען. מיר האָט נאָך קיינ־מאָל אין לעבן קיינער נישט געזאָגט – „איך האָב דיך ליב“, אפילו פּיאָדאָר. און איך האָב נאָך אויך קיינעם דאָס וואָרט נישט געזאָגט. אָבער אַצינד וועל איך עס זאָגן. טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב ליב. ניין, נישט בלויז עס דאַכט זיך מיר, נאָר עס איז טאַקע אַזוי. מיין פאָטער איז געווען אַן אינזשיניער, ווי איר. איר האָט האָר, ווי געהאַרטעוועט שטאָל, איר זענט ענ־לעך צו אַ ראָב. אייך איז באַקאַנט די לעגענדע וועגן מאַרינאַ מנישעק? און די האָר אויף אייערע שלייפן הייבן שוין אָן גרוי צו ווערן, – אָפּטמאָל כאַפּ איך מיך ביים געדאַנק, אַז איך וואָלט געוואָלט גלעטן אייערע גרויע האָר. אַלץ פאַרגייט. איך בין פול־שטענדיק שיכור. איך טראַכט זייער אַ סך וועגן אייך.

עדגאַר איוואַנאָוויטשן איז נישט פאַרבליבן אין זכרון, צי אין אָוונט, צי פאַרטאָג האָט זיך באַוויזן אויף יענער זייט פענסטער פון גאָרן־שטיבל, נאָכן פאַרקן, נאָכן טייך – די געלע, טריבע, הימל־רויטקייט. די פּרוזשינעס אין דער סאָפע האָבן אַ סקריפּע־געטון – מיט אַ טויבן קלאַנג.

– וואָס טוט איר, עדגאַר? – האָט מאַריע מאַכטלאָז געפרעגט.

– איך האָב דיך ליב אין דעם מאָמענט, מאַריע... – האָט לאַסלאָ געענטפערט.

בלויז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז נישט געשלאָפן אויף זיין פעלד-בעטל, ווען לאַסלאָ איז אַראָפּגעגאַנגען אונטן. אַלע איבע-ריקע זענען געשלאָפן אויפן שטרוי אין די ווינקלען פון עסצימער. די ליכט האָבן שוין געהאַלטן ביי פאַרלאָשן ווערן. פיאָדאָר איוואַ-נאָוויטש, באָרוויס, איז צוגעגאַנגען צום טיש און זיך אָנגעגאָסן בראָנפן.

— דו דאַרפסט נישט טרינקען, עדגאַר. איך האָב נישט ליב צו טרינקען, עדגאַר. אין דעם הויז הערשט אַ פאַרזונקענע שטיל-קייט, עס שרייען בלויז די סאָוועס, — האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט. — לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונזער פריינטשאַפט, עדראַג!

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און די אויגן.

— דו דאַרפסט נישט טרינקען, פיאָדאָר, — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געזאָגט.

— ניין, אָבער פאַרוואָס? — האָט סאַדיקאָוו געענטפערט.

און לאַסלאָ, וואָס האָט אויפגעהויבן די האַנט אָן אַ גלעזל און געוואָלט זיך אָנקלאַפּן, האָט אויסגערופן:

— יאָ, לאָמיר אויסטרינקען ביז דער דנאָ!

— אָבער גיס דיר אָן, כדי אויסצוטרינקען! — האָט פיאָ-דאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, — דו האָסט דאָך גאָרנישט אין דער האַנט.

אויף יענער זייט פענסטער האָט געלויכטן די טריבע הימל-רויטקייט. דידאָזיקע נאַכט איז געווען דער אָנהייב פון לאַסלאָס ראָמאַן.

פיאָדאָר סאַדיקאָוו און עדגאַר לאַסלאָ זענען געווען פריינט. דאָס זענען געווען מענטשן פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלו-ציאָנערער עפּאָכע, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער פאָ-טערלאַנד, ווייל אין שפּיל va banque מיטן טויט זענען זיי געבליבן לעבן. די צוויי מענטשן, דער רוסישער אַרבעטער, וואָס איז געוואָרן אַן אינזשיניער, און דער רוסיפירטער אונגאַר, וואָס איז געוואָרן אַ רוסישער אינטעליגענט און אייגנטלעך באַלד גע-

בוירן געוואָרן אַן אינזשיניער, האָבן געהאַנדלט מיט ווערדע אין זייער לעבן. ביי איינעם פון זיי איז געווען איינגעבוירן און דער צווייטער האָט זיך איינגעשאַפט די אייראָפּעיִשע העפלעכקייט, ריינקייט און פּינקטלעכקייט. ביידע האָבן געוואוסט, אַז זייער לעבן געהערט דער רעוואָלוציע. עדגאַר איז געווען אַ שיינער, און ביידע האָבן געהאַט אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט טיכטיקן ווילן. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשס אָרעמס זענען שווער אַראָפּגעהאָנגען, ווי עס ווער ס'איז געווען דער גאַנג פון זיינע פּאַרוואונדעטע פיס, — עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַריין די נישט-רעגלמעסיקע שיינקייט פון זיין קערפּער-בוי: דער קנייטש אויפן שטערן; די בלויקייט פון די סלאַווישע אויגן, אומעטיקע, טיף אין קאָפּ אַריינגעפאַלענע און שטאַרק ענערגישע; די איידעלע צייכענונג פון די באַקנביינער, באַדעקטע מיט אַ לייכטער רויטקייט; און דער רוסישער — סיבירער — שרונט פון זיינע האָר פון קאַרטאָפליע-קאָליר. לאַסלאָ האָט פאַרייניקט אין זיך דאָס בלוט פון די וואָלגער און דונאַיער סטעפּעס, וואָס זיי איז נישט פרעמד דאָס בלוט פון זייער אַ סך פעלקער, — און לאַסלאָס האָר זענען אַראָפּגעפאַלן אויף זיין ברייטן שטערן, וואָס איז פאַרבויגן געווען אַהינטער דורך די ווינטיקע יאָרהונדערטער פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אויף יענער זייט פענסטער האָט געלויכטן אַ טריבע, שוין האַרבסטיקע, געלע הימל-רויטקייט.

— יאָ, לאָמיר אויסטרינקען ביז דער דנאָ. געדענקסט, עדגאַר, זשיראַרדאָנס געזעצן?

— וואָסערע אייגנטלעך?

— נו, אַפילו דאָס, אַז נאַטירלעכע וואַסער-שטראָמען פאַרכאַפּן מיט זייערע כוואַליעס פעסטע קערפּערס און ממילא אויך אַלע אַרט אומריינקייטן. דערביי איז די צאָל פון די פאַרכאַפּטע טיילעכלעך אָפּהענגיק פון דעם ווידערשטאַנד, וואָס זיי שטעלן דער כוואַליע.

— יאָ, פולשטענדיק גערעכט. — האָט לאַסלאָ געענטפערט, — אָבער זשיראַרדאָן שטעלט אויף פעסט, אַז די טיפענישן, אין קווער-

דורכשניט, געפינען זיך אין נישט גלייכמעסיקע אָפּשטאַנדן און מערסטנטייל אין די ערטער, וואָס שטעלן דעם קלענסטן ווידער-שטאַנד דער כוואַליע.

— ביסט שיכּור, עדגאַר.

— יאָ, פולשטענדיק געדעכט.

— אָבער מיר רעדן דאָך אַצינד נישט וועגן הידראָלאָגיע.

— יאָ, פולשטענדיק גערעכט.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַ קוק-געטון אויף זיין פריינט לאַסלאָ. לאַסלאָ איז געשטאַנען רויִק און גלייך. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און צוריקגעגאַנגען אין בעט אַריין.

און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט אַרום דעם טייך, די מלחמה אָן בלוט, אין וועלכער דער עיקר איז דער מענטש, די בויאונג, וואָס ווערט דורכגעפירט דורך דער מענטשלעכער אַרבעט, וואָס איר ציל איז איבערצובויען די נאַטור, די אַרבעט און דעם מענטש — אין נאָמען פון מענטש.

סוף פון ערשטן בוך.

*סוועֶרן געגרייט*
*אין דער יידישער אוניווערסאַל־ביבליאָטעק:*

## אַלעקסאַנדער סעראַפימאָוויטש

# „דער אייזערנער שטראָם"

דידאַזיקע גראַנדיעזע עפּאָפּייע שילדערט די געשיכטע פון דער ארמיי, וואָס איז ארויסגעגאַנגען פון טאַמאַנער האַלב־אינזל, איז דורכגעגאַנגען הונדערטער וויאָרסט ביי געוואַלטיקע ניגיעות און טראַגישע אומגעווייגלעכע שטערונגען צווישן דעם פיינטלעכן קאָזאַקישן ים, און זיך סוף־כל־סוף פאַראייניקט מיט די באָלשעוויסטישע ארמייען.

דידאַזיקע פאַרכאַפּנדיקע דערציילונג דערמאָנט שטאַרק אין די אַלטע זאַגן וועגן די אומגעווייגלעכע העלדישע מלחמות, בלויז מיט דעם איינציקן אונטערשייד, וואָס דאָ זענען נישטאָ קיין גוזמאות, קיין פּאַטאָס, קיין דערהויבענער טאָן. דאָס זענען כמעט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען, נאָר ס'זענען פאַראַן מאָמענטן, ווען דאָס לעבן איז אַ סך גרעסער און מעכטיקער פון דער גרעסטער פּאָעמע, עס קלעקט בלויז אויפנעמען אַזאַ שטיקל לעבן, אַז עס זאָל זיך באַקומען די גראַנדיעזסטע פּאָעמע. סעראַפימאָוויטש באַזיצט אָט דעם סוד פון פּשטות. ער רעדט מיט דער שפּראַך פון די רויט־אַרמייער, פּויערים און אַרבעטער. ער געפינט זיך אין דער סביבה, וווּ די אויסדריקלעכקייט איז די ברכה פון דער נאַטור אַליין, און קיין שום צוגעטראַכטע פראַזן, קיין געקינסטלטע שפּראַך דאַרף ער נישט.

נאָר דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע אין דער דאָזיקער פּאָעמע איז די אומגעצוימטע ענערגיע פון דער רעוואָלוציע, וואָס קיין שום קראַפט אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד אָפּצושטעלן אירע שטרעבונגען, וואָס שפּאַרט ארויס און בלאַנקט פון יעדער שורה אַרויס; דאָס איז אַן אייזערנער מענטשן־שטראָם, וואָס באַוועגט זיך מיט דער קראַפט פון אַ גרויסן פליסיקן טייך, וואָס לויפט „אין זיין ים־וויג", מיט דער קראַפט פון אַ וואַסער־פאַל, וואָס שטורעמט אַראָפּ פון די הויכן.

# פיאָדאָר גלאַדקאָוו

# דאס פייער-פערד

אין דעמדראָזיקן גלענצענדן ווערק שטעלט גלאדקאָוו פאר זיך די פסיכאָלאָגישע און מאָראלישע פראָבלעמען. די צוויי סטיכיעס, וואָס האָבן זיך צוזאמענגעשטויסן אין דער רוסישער רעוואָלו־ציע — דער קאמף צווישן דער אלטער און דער נייער וועלט, זענען דאָ פאָרגעשטעלט אין די צוויי העלדן, וואָס האָבן זיך געטראָפן פנים־אל־פנים. אנדריי גרוזי און גמירא — צוויי קינדער־פריינט. נאָר אנדריי איז געווען אן אָפיציר און א קאָזאק, און גמירא א פשוטער סאָלדאט. עס איז געקומען די רעוואָלוציע און עס האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, אז ביידע זאָלן קאָנען בלייבן אויף דער קאָזאקישער ערד. איינער מוז אומקומען. איינער פון זיי מוז פאלן פון דעם אנדערנס שווערד. און עס איז דאָך געווען א צייט, ווען אלעקסיי האָט אונטער דעם פייפן פון די קוילן אויף זיינע אייגענע פלייצעס ארויסגעטראָגן זיין פריינט, דעם פארוווּנדעטן גמיראָן, פון דעם פייער און אים געראטעוועט פון טויט. און עס איז ווידער געקומען א צייט, ווען מען האָט דעם צעממיתטן, צע־בלוטיקטן אנדרייען, וואָס איז געלעגן אין א שמוציקן וואגאָן, ארעסטירט און גמירא פירט אים אין שטאב־ארײן, וווּ זיין פריינט דערוואַרט א זיכערער טויט. דער קאמף צווישן די געוועזענע פריינט און איצטיקע בלוט־שונאים, איז איבערפולט מיט קאָשמאר־בילדער פון מענטשלעכער חיהשקייט. נאָר דער תּוך פון דעמ־דאָזיקן ראָמאן ליגט נישט אין דעם, דער תּוך איז אין דעם מאָראלישן געראנגל, וואָס קומט פאָר צווישן אָט די צוויי העלדן.

גלאדקאָוו דערמאָנט אין דאָסטאָיעווסקין מיט זיין לײדנ־שאפטלעכן ארײנדרינגען און פארטיפן זיך אין די דינסטע, אין די אײדלסטע קנייטשן פון דער מענטשלעכער נשמה.

אויפן לאגער:

פיאדאר גלאדקאוו

# נייע ערד

ערשטער, צווייטער, דריטער באַנד

באָריס פּילניאַק

# די וואָלגע פאַלט אַרײַן אין קאַספּישן ים

ייִדיש: שלמה שײַנבערג

ייִדישע אוניווערסאַל-ביבליאָטעק

1935 וואַרשע

אין האַרבסט, ווען עס האָבן זיך אָנגערוקט די שניי־שטורעמס און די קריפּעס זענען איינגעפרוירן געוואָרן צווישן די אייז־קריעס אויף די טייכן, איז סאַדיקאָוו געפאָרן קיין קאָלאָמנע, וואו מען האָט שוין אָנגעהויבן בויען דעם מאָנאָליט, און לאַסלאָ האָט זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע. און ערשט אין אַ יאָר אַרום איז לאַסלאָ געקומען קיין קאָלאָמנע, ווען די פונדאַמענטן פון מאָנאָליט זענען שוין געווען פאַרלייגט.

עס איז נייטיק געווען אַ סך גייסטיקע אָנשטרענגונג, כדי דורך צייכנונגען איבערצוגעבן די נאַטור פון טייך, וואו אַלץ איז אונטערגעוואָרפן איין געזעץ, פאַרבונדן דורך קעגנזייטיקער אָפּהענגיקייט, און אַ טעות אין איין מילימעטער קאָן דעצידירן וועגן דער פאַרניכטונג פון הונדערטער קילאָמעטערס לעבעדיקער נאַטור. אויף די לאָנקעס הינטער מיטיאַיעוו און באַשמאַנאָוו, אויף די שטשוראָווער און קאָנסטאַנטינאָווער בערגלעך — פון די כאָראָ־שעווער און טשערנאָריעטשענסקער וועלדער, פון דער גאָלוטווי־נער סטאַציע און שטשוראָוואָ — האָבן געפירט פלאַנטן פון פעלד־באַנדלעך, וואָס האָבן געדינט דער בויאונג. מיט דידאָזיקע באַנד־לעך און אויף טויזנטער פויערישע וואָגנס האָט מען אָנגעהויבן איבערפירן אויפן שטח פון דער בויאונג מאַטעריאַל — געהילץ, מירמלשטיין, גרוז, זאַמד און אייזן, חלקים פון פונאַנדערגענומענע עקסקאַוואַטאָרן, פלומפן, בויער־אַפּאַראַטן, נייטיקע איינריכטונגען פאַר דער אויסאַרבעטונג פון געפרעסטער לופט, בעטאָן־פאַבריקן, מאָנטאַזש־וואַרשטאַטן, — מאַטעריאַלן און כלים, — וואָרים אויפן דריטן פרילינג האָבן די טייכן מאָסקווע און אָקע צום לעצטן מאָל אין משך פון זייערע יאָרטויזנטער, געדאַרפט פליסן אַזוי, ווי דאָס האָט געוואָלט די נאַטור.

דער קאַמף־פּלאַץ מיט דער נאַטור איז צוגעגרייט געוואָרן אויף די לאַנקעס הינטער קאָלאָמנע. אויף די שטשוראָווער בערג־לעך און אויף די בערגלעך הינטערן דאָרף קאָנסטאַנטינאָוו זע־נען אויסגעוואַקסן אַרבעטער־ישובים, אַ ביוראָ פאַר דער אינזשי־ניעריע־לייטונג, אַ שטעטל פאַר די טעכניקער. די שטשוראָווער צעמענט־פאַבריק האָט געאַרבעט פאַר דער בויאונג, און האַרט ביי דער אָקע, לעבן סקעלייעט פון מאָנאָליט, איז געשטאַנען די בע־טאָן־פאַבריק, געגרויכערט און געדונערט מיט אירע שטיין־וואַר־שטאַטן, און די וואַגאָנעטקעס האָבן געפירט די בעטאָן־קאַשע צום מאָנאָליט. ווייט דאָרט ביים ראַנד פון וואַלד האָט זיך געזען דער פאַרקן פון דער פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט געפּרעסטע לופט. מיט דערדאָזיקער לופט האָט מען, אָנשטאָט מיט דינאַמיט, אויפ־געריסן דעם מירמלשטיין, דורכהאַקנדיק דאָס געלעגער פאַר דער טאַמע. די גאָלוטווינער מאַשינען־פאַבריק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געהילף־וואַרשטאַטן.

סאַדיקאָוו איז געקומען קיין קאָלאָמנע און זיך אַריינגעצויגן אין הויז פאַר צוגעפאָרענע ביי דער גאָלוטווינער מאַשינען־פאַבריק. ער איז געקומען אין די האַרבסטיקע טעג, ווען אויף די לאָנקעס איבער דער אָקע האָבן געגאָסן רעגנס. אויף די שטשוראָווער בערג האָבן דעמאָלט די סאָסנע־וועלדער זיך געטוליעט אין די ווינטן. די פויערן אין דאָרף האָבן זיך באַוואָרנט פאַרן ווינטער. הויז סאַ־דיקאָווס געדאַנקען, אַרטיקלען אין די צייטונגען, זיצונגען פון די קרעמעל־אינסטיטוציעס, קופּעס סקיצען און קאָפּיעס, איז אויף די לאָנקעס גאָרנישט געווען צו דערקענען, אַז דאָ וועט אָנגעהויבן ווערן אַן אַרבעט פון בויען, אַז דאָ וועלן קומען טויזנטער מענטשן, אַז דאָ וועט אויפשטיין, זיך אויסבויען און אָנהייבן אַ ניי לעבן. די לאָנקעס אַרום דער בויאונג, אויף וועלכע עס האָבן באַלד נאָך סאַדיקאָווס קומען זיך אָנגעהויבן שניי־שטורעמס, זענען געוואָרן פאַר אים אַ קאַמף־פּלאַץ, איבערגעטראָגן אויף מאַפּעס, פון וועלכע זיי וועלן מוזן אַראָפּגיין אין דערווירקלעכקייט, צו זיך אַליין, צו די דערפער, וואָס וועלן אין דער צוקונפט אויפהערן עקזיס־

סירן. אויף די מאַפּעס איז שוין אָנגעצייכנט געוועזן אַלץ, וואָס האָט געדאַרפֿט ווערן, אויך ווי אַזוי די דאַמפּערס וועלן פֿייפֿן הינטער מאָסקווע און די אַראָפּגעטראָגענע דערפֿער סערגיִעווסק, באָברעניעוואָ און אַנדערע וועלן אַריבערגיין אין דער געשיכטע.

ליובאָוו פּימענאָוונאַ פּאָליעטיקאַ איז געקומען אויף דער בויאונג מיט אַ יאָר פֿריִער פֿאַר לאַסלאָן; זי איז דעמאָלט געקומען, כּדי אויסצוגראָבן די בערגלעך, אויפֿגראָבן די אַרכאַיִשע עפּאָכעס, די געאָלאָגיע, דורכגראָבן די ערד־שטחים, וואָס וועלן פֿאַרגאָסן ווערן מיט וואַסער, ווען דער טײַך וועט אַרויס פֿון זײַן געלעגער.

אין די ווינטערדיקע פֿרימאָרגנס, בײַ שטילן וועטער, ווען דער שניי איז בלוי און דער הימל לויטער, אָדער טונקל־בלײַערן בײַ שטורעמדיק וועטער, אין מינוטן פֿון אָפּרו און פֿאַרזינקען ווערן אין מחשבֿות, אין שליטן אויפֿן וועג צו די לאָנקעס, אויף דער אָנגעהויבענער בויאונג, אין מינוטן פֿון איינזאַמקייט, האָט סאַדיקאָוו געקאָנט, חוץ די לויפֿנדיקע ענינים, טראַכטן וועגן דעם, אַז אַ ברילע מירמלשטיין, וואָס איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן לעבן שטשוראָווער בית־עולם אויף דער דנאָ פֿון דער אָקע און צוגעפּעסטיקט געוואָרן מיט בעטאָן — איז אַ פֿאַרלענגערונג, באַפֿרײַאונג און באַשײַנונג פֿון מענטשלעכן לעבן. דער שליטן פֿלעגט פֿאַרפֿאָרן פֿאַרן הויז מיטן טאָג צוגלײַך, און סאַדיקאָוו, אײַנגעהילט אין פֿעלץ, פֿלעגט אַוועקפֿאָרן צו דער אַרבעט. די רוסישע ווינטער־פֿרימאָרגנס זענען פֿאַמעלעכע, דער הימל איז שווער, דער וועג ציט זיך אָן אַ סוף, פֿון פֿעלץ פֿילט זיך אַ ריח פֿון שעפּס, דער ווינט פֿאַרווייעט אין אַ זײַט דעם ווײַדל פֿון פֿערד, די וויעכעס אויפֿן וועג זעען אויס מאָנגאָליש. און דאָרט וואו עס האָבן איבערן שניי זיך אויפֿגעהויבן די פֿונדאַמענטן מיטן דאַך פֿון טאַרטאַק, די שטויסן ברעגהאָלץ און באַלקנס, מירמלשטיין און ציגל, האָבן געאַרבעט נײַע מענטשן און געשריגן פֿורמאַנעס, האָט געסקריפּעט די זעג, האָבן געפּייפֿט לאָקאָמאָטיוולעך און: — זיך באַוויזן פֿרויען אין געפּאַרבטע פּעלצלעך, מיט לאַנדרינקעס, מאַכאָרקע און קעז־קיכלעך, אויפּ־

האַלטנדיק די וואַרימקייט פון דידאָזיקע קיכלעך מיט די פּעלצ־לעך און דער בעפעדיקייט פון זייערע לייבער. פריש־געזעגט האָלץ און פריש־געשפּאָלטענע האָלץ־שייטן שמעקן אויף דער פראָסט, ווי אַרבוזן, — נאָר דאָרט טראָגט זיך אין דער לופט נאָך אַן אַנדערער, נישט קלאָרער ריח, — אַ ריח פון ניי־אַנטשטאַנען לעבן, פון געפרוירענע הענט פון די מעכניקער און צענדלינג־אָנ־פירער אין דער קאַלטער הילצערנער קאַנטאָר, אַ מאַכאָרקע־ריח פון די מענטשן און רויך פון אייזערנעם אייוועלע, אַ ריח פון ווערטער און וויצן, — יאָ, יאָ, — אַ ריח פון מענטשלעכע ווערטער און קלאַנגען, און מענטשלעכע שפּורן אויפן פריש־געפאַלענעם שניי, וואו דער ריח פון אַרבוז — פון די פריש־געשפּאָלטענע האָלץ־שייטן — צוזאַמען מיט דער מאַכאָרקע איז דער ריח פון אַ ניי־אַנטשטאַנען לעבן. דאָרט וואו עס איז מיט אַ צייט צוריק גאָרנישט געווען און עס האָבן זיך בלויז געפּאַשעט בהמות, האָבן די געפּאַרבטע פּעלצ־לעך אויסגערופן, צוגעבנדיק חשק: — „קעז־קיכלעך הייסע, באַטעמטע און זיסע!" — די פּורמאַנעס האָבן געטריבן שפּאַס אויף דער טעמע פון די ריהות און קיכלעך, און פּעלצלעך, — און דאָס איז אויך געווען ניי־אַנטשטאַנען לעבן. וואָרים דידאָזיקע ערטער, באַדעקטע מיט שניי, צווישן די סאָסנעלעך אויף די פעלדער און לאָנקעס — זענען געווען פּאָזיציעס אין קאַמף פאַר אַ בעסערער צוקונפט פון דער מענטשהייט, און דאָס שפּאַסן פון די טראַצעס וועגן די ריחות פון די קיכלעך האָט זיכער אויך עדות געזאָגט אויף טיכטיקייט — טיכטיקייט פון דער בויאונג. סאַדיקאָוו האָט געקענט דידאָזיקע טיכטי־קייט פון אַרבעט, ווען די אַרבעט ברענט אין די הענט און וואַקסט אין די אויגן, ווען אפילו דער שלאָף איז אַ שטערונג.

אין פרילינג זענען די פרויען אין די געפאַרבטע פּעלצלעך פאַרשוואונדן, ווייל די טשעסליאַרעס, מויערערס, מאַליאַרעס, גלע־זערס און שטיינהאַקערס האָבן אויסגעבויט אַ שפּייז־לאָקאַל פאַר די אַרבעטער און אים א נאָמען געגעבן: די קיך־פאַבריק. די באַ־ראַקן זענען אין פרילינג פאַרפּוילט געוואָרן דורך די אַרבעטערינס — אַזוי, אַז עס האָבן נישט געקלעקט קיין באַראַקן און מען האָט גע־

מוזט אויפשטעלן ברעזענטענע געצעלטן, געבאָרגטע בײַ דער מיליטערשאַפט, — די מיליטערישע געצעלטן זענען נישט געווען עפּעס קיין צופעליקייט, ווייל אויך די לאָנקעס האָבן געאַרבעט אַרמייען.

מאַרשאַל סאַדיקאָוו איז געווען דער הויפּט־אינזשיניער. דאָרט, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס נייע לעבן, אין דעם מאַרשאַלס שליטן אַרומגעפאָרן פון איין אָרט אויפן צווייטן. ער איז געפאָרן אין די ערשטע שעהן פון טאָג, כדי צו זיין שוין מיטאָג־צייט אין שטאַב — אין רחבותדיקן, וואַרימען, ליכטיקן צייכנזאַל — געבויגן איבער די מאַפּעס און פּלענער, אויף וועלכע עס האָט מיטן לויף פון די וואַסערן זיך צונויפגעגאָסן די געשיכטע און דער מענטשלעכער געדאַנק, וואָס בויט די געשיכטע, די צייט, די מענטשן, די קרעפטן. דאָ האָט דער געדאַנק באַחשבונט גריי״ס פון מירמלשטיינערנע ברילעס, זומפּיקייט פון ליימיקן באָדן, מילימעטערס אויף מאַפּעס, וואָס וואַקסן אויס אין קוביק־מעטערס וואַסער און לעבעדיקער וואַסער־קראַפט, מענטש־שעהן און מאַשין־שעהן, סומירט דערפאַרונגען און ידיעות, דערוואָרבענע אין פּראָצעס פון אַרבעט. דאָס ווייסע ליכט פון טאָג האָט אין צייכנזאַל אָפּגעטרעטן פאַר דער חלבנער רויקייט פון זונפאַרגאַנג, עס האָט זיך אָנגעצונדן די עלעקטריע, און איבערן הויז האָט געלויכטן דער פּאָליאַר־שטערן. דער צייכנזאַל האָט געשוויגן, פאַרנומען מיט לייזן פאַרשידענע ענינים. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט, אַ פאַרמאַטערטער, זיך צעקנעפּלט דאָס העמד, פון די פּאַפּיראָסן האָבן אים געברענט די ליפּן, — און סאַדיקאָווס העמד, זייער אַן איינפאַכס, האָט אויסגעזען, ווי אויפגענייט נישט פון לייוונט, נאָר פון לעדער, און אויך אַזוי האַרט, ווי די הויט אויף סאַדיקאָווס יוגנטלעכע באַקנביינער, די פאַרהאַרטעוועטע פון דער צייט — פון די טייכן, פון דער רעוואָלוציע. סאַדיקאָווס אַרבעטס־טאָג איז פאַרענדיקט געוואָרן, ווען אויפן הימל האָט שוין געלויכטן דער פּאָליאַר־שטערן, און זיך אָנגעהויבן אויך בײַ זיין ליכט.

דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביסענער, טויזנטער מענטשן האָבן געאַרבעט אויף דער בויאונג, ווען לאַסלאָ איז געקומען,

און לאַסלאָ האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט איבער די עקאָנאָמישע אָפּטיילונגען פון דער אַרבעט און די מאַטעריאַלן, איבער די מענטשן און קעגנשטאַנדן, בשעת סאַדיקאָוו האָט אָנגעפירט מיט דער נאַטור און די פּלענער פון דער אַרבעט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געקומען מיט דער פאַמיליע און פאַרנומען אין קאָלאָמנע אַ וואוינונג ביי די שוועסטערן קאַפּיטאָלינע און רימע סקודרין, אין זייער שטילקייט הינטערן פּאַרקן-טירל. לאַסלאָ האָט מיטגעבראַכט זיינע ביכער און זאַכן, כדי זיך איינצוואָרדענען דאָ אַ רויק, אַרבעטזאַם לעבן פון אַן אינזשיניער. דאָס הויז הינטערן פּאַרקן-טירל, מיט די סקריפּנדיקע דילן און וואַרימען הינטערן אויוון, האָט זיך געטוליעט אין שטילקייט, זייער נישט ווייט פון די שטערן. דאָס הויז איז פאַרטייבט געוואָרן אין דער שטילקייט פון קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ סקודרין. אין דער היים האָט נאָך דער אַרבעט געוואַרט אויף עדגאַר איוואַנאָוויטשן דאָס ווייב, אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. עס האָט זיך דערנענטערט אַ נייער האַרבסט. דעם אינזשיניערס שטיפטאָכטער, ליובאָוו פּימענאָוונאַ, פלעגט אין אָוונט קומען אויף מיטאָג פון דער אַרבעט ביי די אויסגראָבונגען, אויסהערן די נייעסן פון דער בויאונג, דערציילן אייגענע. עדגאַר איוואַנאָוויטשס קאַבינעט איז פאַרוואַקסן געוואָרן מיט ביכער, די ביכער האָבן פאַרכאַפּט אויך דאָס עסצימער, און די קלאַנגען פון קאַבינעט זענען פאַרטויבט געוואָרן צווישן די ביכער און אין טעפּיך איבערן דיל. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פאַר דער היים רעזערווירט די שעהן פון די שטערן און דער לבנה, כאָטש אין די היימישע צימערן איז געווען זייער אַ סך זון, די זון, וועלכע איז אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען זייער באַקאַנט געווען. לאַסלאָ האָט געאַרבעט האַנט-ביי-האַנט מיט סאַדיקאָוון. אין דער נאָכמיטאָג-שעה פלעגט אין קאַבינעט זיך אַריינווייזן מיט אַ כאַאָס פון פראַגן און צערטלעכקייטן די קליינע אַליסאַ. דער פאָטער האָט געלייענט זיין צייטונג ביי דער טיי, די טאָכטער האָט זיך

אַרויפגעכאַפּט אויף זיינע קניען און ווי אַ קעצעלע זיך באַרויִקט, נישט שטערנדיק דעם פּעטער אין זיין ערנסטן לייענען די צייטונג. די פּיזישע זון איז געבליבן פאַר עדגאַר איוואַנאָוויטשן אין רחבות־דיקן ביוראָ־קאַבינעט פון דער אינזשיניעריע־לייטונג און אויף די לאָנקעס פון דער בויאונג, און ווי אַ פּיזישע זון אין דער היים איז געווען פאַר אים אַליסאַ, די איינציקע טאָכטער, — ליסאַ, ווי דער פּעטער האָט זי גערופן.

— עדגאַר, מיר לעבן אויף אַן אמת, צי מיר שפּילן זיך בלויז? — אַליסאַ האָט גערעדט מיטן פּעטער אויף דו, ווי מיט דער מוטער.

דער פּעטער האָט נישט פאַרשטאַנען, צונויפפּלאָנטערנדיק דאָס איבערגעלייענטע אין דער צייטונג מיט דער טאָכטערס פראַגע, און זיך איבערגעפרעגט:

— וואָס מיינסטו מיט דעם, ליסאַ?

— צי מיר לעבן אויף אַן אמת, צי מיר שפּילן זיך? — פאַרשטיי, — דו און די מאַמע, — איר לעבט אויף אַן אמת, און איך און מישקאַ, — כאָטש ער איז שוין אַ גרויסער און קומט צו ליובען, איז אירס אַ חבר, — שפּילן זיך צוזאַמען מיט ליאַלקעס. די ליאַלקעס לעבן נישט. זיי זענען געמאַכט פון טיכעלעך, און דעם קאָפּ פאַר דער ליאַלקע האָט מיר די מאַמע געקויפט אין מאָסקווע, ווען מיר האָבן דאָרט געוואוינט. און דו שפּילסט דיך מיט אונז דערפאַר, וואָס מיר זענען קליינע. פרעג איך דיך, צי איך און מישאַ לעבן, צי מיר שפּילן זיך בלויז.

דער גאַנצער אינהאַלט פון דער צייטונג איז דעמאָלט פאַר־שטעלט געוואָרן דירך דער טאָכטערס פראַגע, דורך איר ערשטן זעלבשטענדיקן געדאַנק, און דער פּעטער האָט נישט געפונען קיין ענטפער, פילנדיק מיטן גאַנצן האַרץ, ווי טייער עס איז אים די טאָכטער, זיין אייגן לייב, די פאַרלענגערונג פון זיין לעבן. וואָרים אין כאַאָס פון אָרגאַנישן לעבן, אין וועלכן מען דאַרף אַריינברענ־גען אָרדענונג מיט דער הילף פון מיעטשניקאָווס, וואָראָנאָווס, לאַזאַריעווס לערע און דער הילף פון די מאַשינען, איז דאָ דערווייל

בלויז איין ענטפער אויף דער טראַגעדיע פון טויט, דער טראַגע-דיע פון מענטש און דער גאַנצער מענטשהייט — די פאַרלענגע-רונג פון שטאַם און פון בלוט. און דער פאָטער האָט צוגעטוליעט צו זיך די טאָכטער, צודריקנדיק זיך צום לעבן אַזוי שטאַרק, אַז אין דער טאָכטערס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך פיזישער ווייטיק און פאַרוואונדערונג.

צוזאַמען מיט ליסען אָדער באַלד אויפן קלאַנג פון איר לאַכן און טומלען מיט די קליינע פלינקע הענטעלעך, ווי צעוויגטע הוידעלקעס, פלעגט אין דער שעה פון נאָכמיטאָג-רו, פון צווישן די ביכער אַרויס, זיך באַווייזן דאָס ווייב, די חברטע, די מוטער — אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, — די פרוי, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין זיין לעבן צוזאַמען מיט דער יוגנט, אָפּגעבנדיק אים אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. לאַסלאָ איז געווען ליובאָווס און דעם זונס קאָרעפּעטיטאָר. דער זון, וואָס איז געשטאָרבן אויף טיפוס אין דער צייט פון בירגער-קריג, דינענדיק אין זיין אָפּטיי-לונג. זי האָט אים געבראַכט און אַוועקגעגעבן אַלץ, איר גאַנץ לעבן. דעמאָלט, אין פּעטערבורג, אין פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאָס וואוינונג, וואו זי האָט באַגעגנט לאַסלאָן אויף דער שוועל פון פוסטן סאַלאָן, — אויף דער זעלבער שוועל האָט לאַסלאָ אין אַ זוניקן טאָג, מיט אַ הויך און שטאַרק קלאַפּן פון האַרץ, צום ערשטן מאָל ווי אַ מאַן, ווי אַ ליבהאָבער, געקושט די הענט און דעם האַלז פון אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, — זי האָט אים אויך אַ קוש געטון, אַוועקגעבנדיק אים מיט דעם קוש אַלץ, די וואוינונג, איר צייט, דעם מאַן, די קינדער. ער איז אַלט געווען דרייאונצוואָנ-ציק יאָר, זי — צווייאונדרייסיק. אין דעם סאַלאָן, אויך אין אַ זו-ניקן טאָג, ביי זון-פאַרגאַנג, האָט זי געזאָגט פימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקען, אַז זי פאַרלאָזט אים אויף אייביק, און אירע אויגן האָבן דעמאָלט געשטראַלט פון גליק. אויף יענער זייט שוועל האָט געוואַרט עדגאַר. באַלד נאָכדעם האָט אויסגעבראָכן די גרויסע מלחמה, און דידאָזיקע יאָרן זענען פאַר אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען געווען יאָרן פון העלדישקייט. דאָס יאָר טויזנט נייןהונדערט

זיבעצן איז געווען איר שפּעט-זומער, וואָס איז אויסגעפאַלן נישט אין סעפּטעמבער, נאָר אין יולי. צוליב עדגאַרן האָט זי זיך אויס-געלערנט טראַכטן אין דייטש, ווי ער אַליין האָט געטראַכט, — און צוזאַמען מיט אים געגאַנגען אַקעגן די באַגנעטן פון די ביר-גער-מלחמות און הונגער פון דער רעוואָלוציע, צוזאַמען מיט אים געשפּאַנט איבער די תהומות, איבער וועלכע רוסלאַנד האָט גע-שפּאַנט אין קאַמף פאַרן איבערבוי פון אַלטן גלויבן, לעבנס-סדר, מנהגים.

אין עדגאַרס אָפּטיילונג האָט זי פאַרלוירן דעם זון, וועל-כער איז געשטאָרבן אויף טיפוס. צום ערשטן מאָל האָבן זיך דע-מאָלט אין גרויסן, טיפן צער פאַרמאַכט אירע אויגן אונטער עדגאַרס קושן, און עדגאַר האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַ-מערקט רונצלען פון אַלטקייט אַרום אירע אויגן. דידאָזיקע שטאָל-צע פרוי, די איבערגעגעבענע חברטע, — די רויקע, ריינע פרוי, וואָס האָט די באַגנעטן פון דער רעוואָלוציע אויפגענומען, ווי אַ חתונה-געלעגער, וואָס האָט געוואוסט, אַז מענטשלעך ליידן איז תמיד איידל, תמיד עכט, תמיד ענלעך צו אַ שטראַלנדיקן, העלן, לויטערן, טויאיקן, רוסישן יוני-פרימאָרגן, — איז נאָכגעגאַנגען עדגאַרן איבער די פראָנטן אַ שווייגנדיקע. זי האָט זיך אויסגעלערנט דערשטיקן אין זיך אַלץ, וואָס האָט נישט האַרמאָנירט מיט איר איידלקייט. אויפן פראָנט, אויף דער סטאַציע מאַטשעיעווסקאַיאַ, האָט איינמאָל פאַר די פיס פון פיאָדאָר איוואַנאָוויטש סאַדיקאָוו אויפגעריסן אַ גראַנאַט, — זיי זענען דעמאָלט געווען אין דרייען אין אינספּעקציע-צימער, זי, עדגאַר און פיאָדאָר, — אַ שפּליטער האָט זי געטראָפן אין אָרעם, — זי האָט אים מיט די פינגער אַרויסגע-נומען פון דער וואונד, קרימענדיק די ליפּן פון ווייטיק, כמורענ-דיק די ברעמען, אָבער איינציי̇טיק שמייכלענדיק. און ווען עס זע-נען פאַרשוויגן געוואָרן די האַרמאַטן פון דער רעוואָלוציע און עדגאַר איז אַוועקגעגאַנגען צו די טייכן, האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוו-נאַ געבוירן אַ טאָכטער, איר לעצטע טאָכטער, וואָרים אירע יאָרן

האָבן זיך שוין פאַרנייגט צו מערב. זי האָט דעמאָלט געווידמעט איר גאַנצע צייט דער זאָרג פאַרן הויז און עדגאַרס ענינים.

אין די שעהן, ווען אַליסאַ פלעגט איינשלאָפן, איז אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אריינגעקומען צו עדגאַרן. זי איז שטענדיק געווען אָנגעטון אין שוואַרצן. די לעצטע טיי פאַר האַלבער נאַכט איז געווען שטאַרק, לאַסלאָ מיטן ווייב האָבן זי געטרונקען אין קאַבינעט, וואו די ביכער האָבן געשמעקט מיט ביכער-ווערים, דערמאַנענדיק אָן ריח פון אַ מתים-שטוב. דאָס ווייב איז געזעסן אויף דער סאָפע לעבן מאַן. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך אויף דייטש, אין דער שפּראַך, אויף וועלכער עדגאַר האָט גערעדט אין זיין קינדהייט און וועלכע ער האָט באַנוצט ביים געזעגענען זיך מיט ליסען פאַר איר שלאָפן-גיין.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט גערעדט וועגן די ענינים, וואָס זי האָט אַרויסגעלייענט פון די ביכער און צייטונגען, צוהעלפנדיק אַזויאַרום איר מאַן. דאָס ליכט אויפן טיש האָט געברענט, ווי דאָס ליכט פון פאַוסטן, די האַלב-נאַכט איז אַריבער אין שטילקייט און רו פון דער לעצטער טיי, — און מאַן-און-ווייב האָבן געשמועסט וועגן דעם, וואָס איז טויזנטפאַך הערלעכער פון געטען, — וועגן דער וועלט-רעוואָלוציע, דער, וואָס איז געקומען און אויפגעשיט די געשיכטע אויף עדגאַרס מילשטיינער. דידאָזיקע שעהן האָט דער מאַן געווידמעט אי דעם ווייב, אי די ביכער, וואָרים די ביכער פאַרמאָגן די אייגנשאַפט פון אַ camera obscura איבערצוטראָגן דעם מענטש און מענטשלעכן געדאַנק אין צייט און רוים אויף יעדן געוואונטשענעם אופן, אין יעדער געוואונטשענער ריכטונג, — און דאָס קול, די האָר, דער קאָפּ, דעם ווייבס אָרעמס, איר וואַרימקייט, איר צערטלעכקייט, און ערנסט — קאָנען ברענגען אַ מענטשלעך וועזן צום אַרויפצולייגן דאָס אייגענע האַרץ אויף דער האַנט-פלאַך, בשעת עס ווערט קאָסמיש די רו און דאָס, וואָס האָט געגעבן דאָס לעבן דער ברוין-האָריקער ליסען. נאָך האַלבער נאַכט, ווען עס איז איינגעשלאָפן דאָס ווייב, די שטאָלצע, רויִקע, קלוגע פרוי, די שוועסטער אין דער רעוואָלוציע, ווען דאָס ליכט האָט אויסגע-

ברענט און די ביכער זענען פאַרזונקען אין האַלב־טונקל, — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן עלנבויגן, און לעבן אים האָט אין האַלב־טונקל קוים באַמערקבאַר זיך געבלייכט דעם ווייבס אָרעם, שוין אַ קאַלטער און וועלקנדיקער, אַזאַ נאָענ־טער און צוטרויליכער, אַ פאַרוואונדעטער אויף דער סטאַציע מאַ־טשעיעווסקאַיאַ. איר אָטעמען איז געווען רויִק, גליקלעך. די פרוי, וואָס האָט זיך תמיד געקליידט שוואַרץ, בלויז אין יוני — ווייס, איז געווען די ערשטע אין עדגאַרס לעבן. דאָס איז געווען דער סוד פון דער ליבע, יענער בעכער, וועלכן מען קאָן נישט איבערגיסן, ווי די בעכערס פון דער רעוואָלוציע.

הינטערן הויז, אויף די לאָנקעס האָט די בויאונג זיך גע־רוקט פאָרויס. איינמאָל אין דער וואָך, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ פרייע שעה אָדער פרייע נאַכט, אָדער ווען דער מוח האָט אָנ־געהויבן אָפּזאָגן אין געהאָרכזאַמקייט, פלעגט צו עדגאַרן קומען פון פאַבריק, פון הויז פאַר די צוגעפאָרענע, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, אָדער עדגאַר איוואַנאָוויטש פלעגט פאָרן צו אים, כדי, ווי עס פאַרלאַנגען די געזעצן פון פריינטשאַפט, זיך אָנצוקלאַפּן מיט אים — נישט גלעזל אָן גלעזל, נאָר האַרץ אָן האַרץ, געדאַנק אָן געדאַנק. דער ברייטפּלייציקער פיאָדאָר האָט זיך דעמאָלט אַרומגעדרייט איבער די צימערן, זיך אַרומקוקנדיק מיט זיינע זעלנערישע אויגן און שפּאַסנדיק מאָראַליזירט:

— די לופט איז דאָ צו טרוקן, מען דאַרף אַוועקשטעלן אַן אַקוואַריום, איר זאָרגט נישט פאַרן געזונט.

— ווייז נאָר ווי אַזוי איר פאַרמאַכט דעם אויוון, וועל איך דיך אויסלערנען ווי אַזוי מען דאַרף.

— ליסאַ, הייב נאָר אויף די ברעם, דו ביסט אַנעמיש!

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש פלעגט זיך אַוועקזעצן אין קאַבינעט אויף דער סאָפע, כדי זיך אָפּצורוען און שעהנווייז זיך נישט רירן פון אָרט. פון דער ביכער־פּאָליצע האָט זיך באַוויזן דאָס באַרימ־

טע פלעשל. פּיאָדאָר האָט געקענט עדגאַרס יעדן זשעסט, עדגאַר האָט געקענט פּיאָדאָרס יעדן זשעסט. פּיאָדאָר האָט זיך אָנגעגאָסן אַ גלעזל קאָניאַק און דערציילט וויצן. ליובאָוו פּימענאָווגאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אין ווינקל סאָפע, אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ איז אַוועקגעגאַנגען צו דער באַלעבאַטישקייט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שעהן פון שמועסן, בשעת וועלכע די פריינט האָבן קאָנטראָלירט זיך אַליין, זייערע עיניים, זייערע געדאַנקען. די ביכער האָט מען אַראָפּגענומען פון ביוראָ־טיש און אַרויפגעשטעלט אויף אים אַ סך ליכט, פאַר פּיאָדאָרן האָט מען צוגערוקט צו דער סאָפע אַ טאַבו־רעט מיט געגרייטע מאכלים. די פרויען האָבן געשוויגן. פּיאָדאָר האָט מיט דער האַנט זיך אָנגעשפּאַרט אָן עדגאַרס קני, אויס פריינטשאַפט און כדי עס זאָל אים לייכטער זיין פאַרן אָרעם. און פּיאָדאָר האָט זיך געטיילט מיט זיינע געדאַנקען, וואָס זענען אויפ־געקומען ביי די ציפערן און צייכנונגען.

— לאָמיר אַ טראַכט־טון וועגן געלעגער פון טייך, באַזונ־דערס אויב דער טייך וועט נעמען פליסן אין דער פאַרקערטער ריכטונג, — האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט. — לאָמיר נעמען אין אַכט די אַדמיניסטראַציע, דאָס הייסט אונז אַליין, דאָס פאַר־טיי־קעמערל, דאָס הייסט אונז אַליין, דעם אַרבעטער־קאָמיטעט, דאָס הייסט ווידער אונז אַליין. מיר טראָגן די אחריות פאַר אַלץ. אַ זאַמד־אינזל אויפן טייך ליגט, ווי באַקאַנט, ענלעך צו אַ פיש, מיטן קאָפּ קעגן שטראָם, און האָט אויך, ווי באַקאַנט, דאָס גע־שטאַלט פון אַ פיש, דעם קאָפּ פון אַ פיש און געשפּאָלטענעם ווידל פון אַ פיש. די זאַמד־אינזלען זענען נישט צופעליק ענלעך צו פיש, אָבער נישט אין דעם גייט מיר אַצינד. קודם־כל דאַרף מען פאַרזען, וואָס עס וועט פּאַרקומען מיט אַ זאַמד־אינזל אין גע־שטאַלט פון אַ פיש, אויב דאָס וואַסער וועט אָנהייבן פליסן אויף דעם אינזל פון דער זייט פון ווידל. מיר בויען אַ טאַמע, ענדערן דעם קלימאַט און די געאָגראַפיע. וואָס־זשע איז פון דעם געדרונ־גען? אויף די פוסטע לאָנקעס זענען זיך דאָ צונויפגעפאָרן צענ־טויזנט אַרבעטער, און פאַרבונדן מיט דערדאָזיקער בויאונג און

אָפּהענגיק פון איר זענען מיליאָנען, דאָס איז פאַרשטענדלעך. און דאָס, אַז דאָ איז אַ קאַמפּס-פּלאַץ, איז אויך פאַרשטענדלעך. אָבער ווער ווייסט דאָס ביי אונז? זייער נישט קיין סך. די אינזשיניערן פירן אין די שבתים די מאַשיניסטקעס קיין גאָלוטווינע אויף פּאָקס-טראָט. די גרעבער האָבן ווייבער פאַר דער גאַנצער אָפּטיילונג, די אַזוי גערופענע קעכינס, — מיר האָבן אויפגעבויט אַ קיך-פאַבריק, אָבער צוליב די אָפּטיילונג-ווייבער, דאָס הייסט, די קעכינס, ווילן בעסער די אַרבעטערינס עסן אין די באַראַקן, און אין יעדן באַראַק איז טאַקע דאָ אַ שענקערין. און מיר טראָגן פאַר אַלץ די אחריות.

— איך וועל דיר ענטפערן אויף דעם, פּיאָדאָר, — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געזאָגט. — פאַרטראַכט דיך וועגן חבר משה פון דער ביבעל, וועלכער האָט אַרויסגעפירט די יידן פון מצרים. דאָס איז געווען נישט קיין נאַרישער פאַרשוין. ער איז אַריבערגעגאַנגען דעם ים אין דער טרוקעניש, פון גאָרנישט פראָדוצירט און געלאָזט פאַלן מן פון הימל, געבלאָנדזשעט איבער די מדבריות, איינגעאָרדנט אויפנאַמעס אויפן באַרג סני. פערציק יאָר געזוכט דאָס לאַנד וואו זיך צו באַזעצן און געקעמפט דערפאַר. און אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד איז ער נישט אַריינגעגאַנגען, איבער-לאָזנדיק יהושען אָפּצושטעלן די זון. אָנשטאָט אים זענען אַריינגעגאַנגען זיינע קינדער. די מענטשן, וואָס האָבן געזען סדום, קאָנען נישט זיין אין ישראל, — זענען נישט ראוי צו באַטרעטן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד. דער אַלטער האָט געמוזט אַוועקלייגן זיינע ביינער פאַר אַ ניי דור. וואָס שייך ווידער דער אַדמיני-סטראַציע, לאָקאַלן, אַרבעטער-קאָמיטעט און פאַרטיי-קעמערל, האָט אויך אַ געוויסער ביבלישער מאַן אויסגעטייטשט ווי אַזוי די רעכטע האַנט דאַרף האַנדלען אָן וויסן פון דער לינקער. און פּרויען — נו, זאָל זיי יעדער באַנוצן ווי ער וויל.

— אין דער מעדיצין ווערט אַזאַ צושטאַנד פון גייסטיקער צעשטרייאונג אָנגערופן: נערוועזער פיבער, — האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געענטפערט. דערדאָזיקער ברייטפּלייציקער מענטש האָט גערעדט פאַמעלעך און מיט אָנשטרענגונג. די ליכט האָבן

געבּרענט, אַרויסרופנדיק געדאַנקען וועגן געטען. די פּאָליצעס בּיכער זענען געזונקען אין רו, ווי מתים־שטיבּער פון געדאַנק, די camerae obscurae פון מענטשלעכער צייט און וויסן. — יאָ. אָבּער משה האָט אויסגעקריצט די לוחות. איך האָבּ געהערט וועגן אַזאַ פאַרשידנאַרטיקייט פון מיינונגען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז יעדע עפּאָכע פאַרמאָגט אַן אייגענע מאָראַל, וואָס ווערט געשאַפן מאַקע דורך דער זעלבּער עפּאָכע. באַווייזן קאָן מען אָנבּייגן, אָבּער מען דאַרף זיי נישט אָנבּייגן אַזוי, זיי זאָלן זיך בּרעכן. מען זאָגט, אַז די געזעלשאַפטלעכע מאָראַל פון אונזער צייט איז די פּאָליטישע מאָראַל. מען דאַרף דעריבּער זיין מאָראַליש פּאָליטיש, אפילו נישט זייער מאָראַליש, נאָר זייער אויסגעאַרבּעט פּאָליטיש. נישט מאָראַליש איז — צו זיין אַ פּאָליטישער אַנאַלפאַבּעט. די זעלבּע מענטשן זאָגן, אַז פּאָליטישע טאַלענטן ווערן געבּוירן פּונקט אַזוי ווי אַקטיאָרישע, שרייבּערישע, מאָלערישע. זיי האַלטן, אַז מען קאָן זיין אַן אויסגעצייכנטער מוזיקער און לגמרי נישט האָבּן קיין פּאָליטישע פעיקייטן, — אַז מען קאָן זיין דער איידלסטער אַסטראָנאָם, אַז אַ מענטש פון אמת, אינטעליגענץ און חשיבות פאַר דער פרוי, — די פרויען, גיט מען דערבּיי צו פאַרשטיין, געהערן אויך מענלעכער נישט־העפלעכקייט מיט אייגענער אומהעפלעכקייט, — אַלזאָ, אַזאַ אַסטראָנאָם, זאָגן זיי, קאָן זיין וועלט־בּאַרימט און איינציי̈טיק נישט אַנטשפּרעכן אונזער געזעלשאַפטלעכקייט. דידאַקטיקע פילאָזאָפן קאָנען נישט דעצידירן, ווער עס איז גערעכט, — צי די אַסטראָנאָמען, וואָס קאָכן זיך אויף, — „אָבּער דאָס איז דאָך אַ שיכּור, אַ פרויען־יעגער, אַ נישט אינטעליגענטער מענטש!" — אָדער עס זענען גערעכט די אַסטראָנאָמען, קעגן וועלכע עס טרעטן אַרויס מענטשן, וואָס קאָנען מאַכן רעוואָלוציע, ווי די אַסטראָנאָמען קאָנען נאָכפאָרשן די שטערן, און מענטשן, וואָס האָבּן געקאָנט אַמאָל און אויך אַצינד שטאַרבּן פאַר דער רעוואָלוציע. דידאַקטיקע מענטשן דאַרפן זיך דאָך ריכטן אין לעבּן מיט אַ קאָלאָסאַלן ווילן, מיט פאַרשטאַנד. איך מיין, אַז עס איז נישט כדאי צו מאַכן אַזעלכע פאַרגלייכן, און זיי דערמאַנען מיר דיינע רעפלעקסן וועגן משהן, וועלכער האָט

נישט דערגרייכט דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד. יאָ, ער האָט נישט דערגרייכס, — אָבער ער האָט דאָך אויסגעקריצט די לוחות. מיר — מוזן לעבן! מיר מוזן שרייבן די געזעצן פון דער צוקונפט, וואָס דאַרפן געוואַקסן זיין אין אונזער בלוט. דו ביסט אַ ביסל אַ ניהיי־ליסט, ווייל דו האָסט פאַרזוכט דעם סאָס, אויף וועלכן דידאַזיקע געזעצן ווערן צוגעפּרעגלט. דאָס אַלץ זענען געדרייטע וועגן, זייער אמת. דעם סאָס דאַרפן נישט פאַרזוכן די מענטשן אין נייעם לעבן, ווי אין פאַרשפּראָכענעם לאַנד, און דעריבער האָט מען טאַקע גע־מיינט, אַז מען האָט שוין פאַרגעסן אָן די בעלס און שפּיצלעך פון פוטיפרס ווייב. און איך מיין, אַז מען טאָר גאָרנישט אָפּלייגן, און היט אָפּ, לגבי זיך, אַלץ, באַזונדערס די קאָמוניסטישע מאָראַל.

— איר רעדט וועגן פיש, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש. איך וויל אייך דערציילן עפּעס אויסטערלישס. — ליובאָוו פימענאָוונאַ האָט גערעדט שטיל. — לויטן אַלטן קאַלענדאַר איז אַצינד גרויס־תענות, און אויף די גאַסן פאַרקויפט מען געפּרווירענע פיש. איך בין גע־גאַנגען פון מאַרק און פּלוצלינג דערפילט, אַז עס שמעקט מיט פיילכען, זייער אָנגענעם. איך האָב מיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, פונוואַנען שטאַמט עס דערדאָזיקער ריח. די גאַסן זענען פוסט און פּראָסטיק, איך באַנוץ נישט קיין שום פּערפומען. איך האָב מיך אָנגעבויגן איבערן קיישל — עס האָט געשמעקט מיט געפּרווי־רענע פיש, און ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, — האָט געשמעקט מיט פיילכען. ענדלעך האָב איך מיך משער געווען, פונ־וואַנען דערדאָזיקער ריח שטאַמט. דער אויסגעוועפּטער ריח פון געפּרווירענע פיש דערמאַנט אָן ריח פון פיילכען. די געפּרווירענע פיש האָבן געשמעקט מיט פיילכען. אָפּט געשעט אַזוי אין לעבן, אַז דער געשמאַנק פון געפּרווירענע פיש דערמאַנט אָן די ריחות פון פרילינג. און אין דער היים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פיש זענען געווען נישט פריש.

— פולשטענדיק גערעכט, היט אייך פאַר פיש־פיילכען, ליו־באָוו פימענאָוונאַ.

די פריינט האָבן זיך אָנגעקלאַפּט האַרץ אָן אַ האַרץ —

דידאָזיקע בעכערס האָט מען נישט געקאָנט איבערגיסן. פּיאָדאָרס און עדגאַרס געדאַנקען האָבן געבלאָנזשעט איבער די רוסישע דערפער און העקן, איבער פאַבריקן און בויאונגען, אַרום די ענגלישע קוילנגראָבנס און איבער די טאָלן פון טשאַנג-טסע, ביי סטינעסעס קאָנצערנען און אַרום מאַקדאָנאַלדס קאַריערע. דידאָזיקע מענטשן האָבן אויך געהאַט זייער טאָגטעגלעכקייט, – זייערע אָנפירער, אונטערגעאָרדנטע מיטאַרבעטער, פריינט, גלייכגילטיקע מענטשן, שונאים, נצחונות און מפּלות, – און אין די שעהן, ווען די ברענענדיקע ליכט האָבן דערמאָנט אָן געטען און רו האָט געהערשט איבער די פּאָליצעס ביכער, האָבן עדגאַר און פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש גערעדט וועגן זייערע פאַרשידנסטע טאָגטעגלעכע ענינים, וועגן דעם, וואָס ס'איז געווען נעכטן און אייערנעכטן, וועגן זייער געביט פון אַרבעט, זייערע ענינים און ווי אַזוי ס'האָט זיך אָפּגערופן וועגן דעם די עפנטלעכע מיינונג. די ליכט, וואָס האָבן דערמאַנט אָן געטען, האָבן געברענט אַזוי ביז דער שעה, אין וועלכער פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש פלעגט אויפשטיין און אַרויסגיין. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אים אָפּגעפירט איבערן טויטן שניי פון די פוסטע גאַסן. עס איז געווען די שעה, ווען די שטערן הייבן אָן זיך צו געזעגענען.

די טאָכטער ליכאַ האָט זיך געהאַלטן ביי אירע פראַגן. ליסאַ איז געזעסן אויפן טיש צווישן די ביכער.

– עדגאַר, דו האָסט געזאָגט, אַז דו, און די מאַמע, און איך, און מישקאַ, – לעבן אַלע גלייך. מיר לעבן אויף אַן אמת. און די ליאַלקע מילאַ – די, וואָס איז געמאַכט פון טיכעלעך – זי לעבט אויך?

ליסאַ האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער.

– דערציייל מיר אַ מעשהלע.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט נישט געקאָנט ווי עס געהערט צו זיין אויסטייטשן, פאַרוואָס די ליאַלקע לעבט נישט. ליסאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו לאַנגווייל ן. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט דערציילט

ווי אַזוי דער בער האָט אונטערגעזעגט די צווייג, אויף וועלכער ער אַליין איז געזעסן.

— גוט, אָבער די מאַמע דערציילט מעשהלעך בעסער פֿאַר דיר, — האָט ליסאַ געזאָגט.

— פֿאַרוואָס?

— ווייל דער מאַמעס מעשהלעך געפֿינען זיך אין די ביכלעך מיט די בילדלעך, און ביי דיר זע איך גאָרנישט דאָס, ווי אַזוי דער בער זעגט אונטער די צווייג און פֿאַלט אַראָפּ. ביי דער מאַמען איז אַלץ אויפֿגעמאָלט אין די ביכלעך.

ליסאַ איז געזעסן אויפֿן טיש פֿאַר עדגאַר איוואַנאָוויטשן, אַרויסוואַקסנדיק פֿון צווישן די ביכער, אַ קליינע, אַ ברוין-האָריקע, אַ פֿריילעכע. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיך געשפּילט מיט איר אין דזשאַן-קען-פּאָנג, ליסאַ האָט צעשפּרייט די פֿינגער ווי אַ שרעקלעכע שער און געבאָלבעט מיט די פּיסלעך, ווי מיט דער צונג.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אָפּט אָבסערווירט ליכטן, ווי זי שפּילט זיך אויפֿן טעפּיך. דער טעפּיך האָט אויסגעבעט דעם דיל פֿון עדגאַר איוואַנאָוויטשס קאַבינעט. אין הימלאַנד פֿון די טעפּיכער — אין קאַשגאַר, אין שיראַז — ווייסן די אויסאַרבעטער פֿון די טעפּיכער, אַז טעפּיכער קאָן מען לייענען, איבער טעפּיכער קאָן מען זיצן, ווי איבער שאַך, לייענען זייערע בילדער, זייער צייט, ווי שריפֿט — אייראָפּייער קענען זיך נישט אויף אַזאַ שריפֿט, — אויך עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיך אויף איר נישט געקענט, — אָבער פֿאַר ליסען איז אויפֿן טעפּיך געווען אויסגעמאָלט אַ גאַנצע וועלט: טייכן, ימים, פֿעלדער, שטעדט. דעם טעפּיך האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געהאַט פֿון זיינע עלטערן, פֿון דער קינדהייט, און אין זיין קינדהייט האָט ער אויך אַזוי ווי ליסע געזען די, איצט שוין פֿאַרגעסענע, וועלטן פֿון טעפּיך. ליסע האָט געוויזן דעם פֿאָטער, וואו עס געפֿינט זיך אויפֿן טעפּיך קאָלאָמנע און וואו מאָסקווע, וואו די בויאונג און ווי אַזוי צו פֿאָרן איבערן טעפּיך פֿון מאָסקווע קיין קאָלאָמנע, — מיטן טייך און מיט דער באַן.

רייטנדיק אויפֿן פֿאָטער, איז ליסע אַרויסגעקומען פֿון עס-

צימער אין שלאָפצימער אַריין, כּדי דער פּאָטער זאָל זיצן אַ ביסעלע ביי איר בעטעלע. הינטער די נידעריקע פענסטער פון די אַלטע סקוודרינס הויז האָט זיך געזען דער גאָרטן אין שניי, טיילמאָל האָט געלויכטן אין שלעפער אָזשאָגאָוס פענסטערל אין באָד און עס האָבן געלויכטן די שטערן אויפן הימל.

די רו אין לאַסלאָס הויז איז געווען אַ פעסטע און געזעצטע.

דעם אינזשיניער יעווגעני יעוגעניעוויטש פּאָלטאָראַקס ענטפער אויף די פראַגן: — „וואָס איז אַזוינס ליבע, וויעראַ גריגאָריעווינאַ? וואָס איז אַזוינס לעבן? וואָס איז אַזוינס טויט? און וואָס איז אַזוינס אמת? — דאָס אַלץ זענען נאַרישקייטן אין פאַרגלייך מיטן זעראָ פון טויט, טאַקע דערפאַר, וואָס דער זעראָ, ווי אַ כּפלער, פאַרוואַנדלט אַלץ אין זעראָ", — אָט דער ענטפער וועט דויערן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דער מענטש, יעדער פאַר זיך אַליין, וועט נישט באַשטימען, קומען צום באַשלוס, וואָס עס איז אַזוינס ליבע, ערע, לעבן, טויט. אין עפּאָכעס, ווען די מענטשלעכע אינדיווידואַליטעט ווערט פאַרווישט, ווען די זעראָס פון טויט שאַפן אַזויווי קייטן, — זענען דידאָזיקע קייטן אַלנפאַלס נישט קיין קייטן פון האַזאַרד־שפּיל מיטן לעבן און טויט, וואָרים יעדער מענטש דאַרף, מוז אומבאַדינגט פעסטשטעלן פאַר זיך אַליין זיינע באַגריפן וועגן ערע.

אין דער מענטשלעכער וועלט איז דאָס וואוינען מיט איין ווייב נישט קיין ביאָלאָגיש געזעץ. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געווען אויף אייביק פאַרבונדן מיט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען. זי איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אים דורכן לעבן, זינט ער איז געוואָרן רייף ווי אַ מענטש, און געבוירן אים אַ טאָכטער, זיין ליבשאַפט און צוקונפט. אָבער עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט נישט אָפּגעהיטן זיין פיזישע טרייהייט צום ווייב, ווי אַ סך מענער פון דער עפּאָכע, ווי אַ סך פרויען, וואָס האָבן פאַראַטן זייערע מענער. אין וואַגאָנעס, אויף באַן־פּלאַנטן, אין צופעליקע שטעט, אין צופעליקע נעכט, —

וואָרים דאָס איז געווען אַ צייט פון צעשטערן די אַלטע אָרדענונג, ווען יעדער האָט געפילט הינטער זיינע פּלייצעס דעם זעראָ פון שפּיל va banque מיטן טויט, — זענען געווען אַ סך צו גאָרנישט פאַרפליכטנדיקע פּרויען, וואָס האָבן פאַרשאַפט פרייד מיט זייער ווייבלעכקייט, און דידאָזיקע ווייבלעכקייט האָט געשאַפן אַ געפיל פון אייביקייט, וואָס האָט אָפּגעלייקנט דעם נאָענטן זעראָ פון טויט. דידאָזיקע פּרויען האָבן זיך פאַרלוירן צווישן די זונאויפגאַנגען פון נייעם לעבן און אויף די נייע וועגן.

די יאָרן פון בירגער-קריג זענען פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט די טראַנספּאָרט-וואַגאָנעס, וואָס זענען אָפּגערוימט געוואָרן פון אונטער די אויפּשיטן. די רעשט האָט איינגעשטעלט די טאָג-טעגלעכע מאָראַל. עס זענען געווען צוויי לעבנס: אַן ערשט לעבן, אַ פעסט-געשטעלטס, און אַ צווייט לעבן, אַן ענלעכס צו די וועלפישע שטעגעלעך אין וואַלד, באַהאַלטענע נאָרעס, שפּורן, צייכנס. דאָס ערשטע לעבן — זענען געווען די ענינים פון דער רעוואָלוציאָנע-רער בויאונג, די camerae obscurae פון די ביכער, די היימי-שע נעסט און די פריינטשאַפט. פון ערשטן לעבן האָט מען גע-קאָנט און געדאַרפט זיך אויסטיילן אין נייעם לעבן אַריין. צווישן הונדערטער טאָג-טעגלעכע, דינסטלעכע שמועסן און טעלעפאָנען פון דער בויאונג איז געווען איינער אַזאַ טעלעפאָנישער אָדער אין פיר אויגן — וועגן דער שעה און אָרט פון באַגעגעניש, וועגן אַ צוג קיין מאָסקווע. און דאָרט, אין דער שעה און אויף דעם אָרט האָט זיך אָנגעהויבן „ס צווייטע לעבן, די געהיימניש, וועגן וועלכער קיינער האָט נישט געוואוסט און וואו די פרייד איז גע-ווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אַלץ באַרעכטיקט. אין די באַציאונ-גען פון געליבטע איז נישטאָ די טאָג-טעגלעכע לאַנגווייליקייט, מאַטעריעלע דאגות, קאָנפליקטן אויפן פּאָן פון כאַראַקטער-פאַר-שידנהייט,— און זייער אַ סך באַרעכטיקן די מענטשן דערמיט, וואָס דאָס קומט פאָר אין געהיימניש, וואָס קיינער ווייסט נישט פון דידאָזיקע געהיימע שטעגעלעך, פאַרבאָרגענע צייכנס, פאַר אַלע פאַרהוילענע ערטער פון באַגעגעניש. אין משך פון דידאָזי-

קע שעהן, אויסגעטיילטע פון אַרבעט און צייט אין צווייטן לעבן אַריין, איז געווען בלויז די פרייד און גענוס פון אַנטציקן זיך מיט דער פרוי. די האַנט פון אַ פרוי, אַרויפגעלייגט אויף די אויגן פון אַ מאַן, קאָן אַמאָל פאַרשטעלן די גאַנצע וועלט — נישט בלויז אויפן גרונט פון די פיזיקאַליש-אָפּטישע געזעצן, — זי קאָן אַזוי פאַרשטעלן די וועלט, אַז די האַנט ווערט גרעסער פאַר דער וועלט, ווי דער געדאַנק וועגן טויט אונטער די קוילן אין אַ שלאַכט, וואָרים דער טויט און די ליבע, ווי זעראָס, זענען גלייך צו זיך.

די נאַכט, נישט לאַנג פאַרן פאַרענדיקן די מעסט-אַרבעטן, איז געווען דער אָנהייב פון ראָמאַן. מאַריע פּיאָדאָראָווגע סאַדי-קאָוו האָט ליב געהאַט עדגאַר איוואַנאָוויטשן און איז געוואָרן זיין געליבטע, ווען ער איז געקומען אויף דער בויאונג. מאַריע איז געגאַנגען צו אים, כדי אים אָפּצוגעבן אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט שיינס אין זיך. זי האָט ליב געהאַט, זיך מיט גאָרנישט פאַרענטפערט און נישט געטראַכט אפילו וועגן פאַרענטפערן זיך. זי האָט באַהאַלטן דעם קאָפּ אויף עדגאַר איוואַנאָוויטשס ברוסט, ווי די שטרויסן באַהאַלטן די קעפּ אונטער זייערע אייגענע פליגל אָדער אין די הייסע זאַמדן פון די מדבריות, וואו זיי לעבן אין ווילדן צושטאַנד.

יעדן מאַנספערשוין איז אויסגעקומען איבערצולעבן דאָס גליק פון באַהערשן אַ פרוי, און יעדן מענטש איז אויסגעקומען איבערצולעבן דאָס נאָך גרעסערע גליק פון באַהערשן אַ מענטש-לעכע נשמה, מיט אַלע אירע נייגונגען און אַלע געדאַנקען, וועל-כע מען זעט ווי אויף דער האַנט. די אויסגעטיילטע פון דער צייט שעהן פון באַגעגעניש האָבן זיך אָנגעהויבן — דאָ צען אַ זייגער אינדערפרי, דאָ צען אַ זייגער אין אָוונט, דאָ ווידער פיר אַ זיי-גער נאָך מיטאָג, — די געהיימע שטעגעלעך האָבן אויך געפירט, ווי עס פלעגט אויסקומען — אַמאָל צום הויז פאַר צוגעפאָרענע ביי דער מאַשינען-פאַבריק, אַמאָל אויף די לאָנקעס און אין שטשוראָ-ווער וואַלד אַריין, אַמאָל צום מאָסקווער צוג. די שעהן אויף די

געהיימע שטעגעלעך, תּמיד געגנבעטע ביי זיך אַליין, האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ לעצטן קוש אויף די טרעפּ פון פראָנט־אַריינ־גאַנג, ערגעץ ביי אַ ראָג, — עדגאַר איוואַנאָוויטשס צווייטע לעבן איז אַריבערגעגאַנגען אין ערשטן, אין לעבן פון אַרבעט און אינ־טערעסן, דאגות, פאַראָרדענונגען. דעמאָלט האָט מען געקאָנט זיך אומקערן צו פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן און זיך באַגריסן מיט מאַריע פיאָדאָראָוונען, ווי מיט אַ פרעמדער פרוי, דעם חברס ווייב, זיך נאָכ־פרעגן אויפן געזונט און איר אָפּגעבן אַ גרוס פון אייגענעם ווייב, וואָרים אין מענטשלעכע ענינים ווערן אָפט געהיימנישן נישט גע־וואויגן מיט דער וואָגשאָל פון מאָראַל. אויסער די געהיימע שטע־געלעך, אין עכטן, ערשטן לעבן, האָבן די אָרעמס זיך איינגעשפּאַנט אין יאָך פון די לויפנדיקע ענינים, די טעג זענען אַוועק אין אַר־בעט אויף די לאָנקעס, באַפעלן, זיצונגען, אָנגעשטרענגטן ווילן, — דאָ האָט מען נישט געקאָנט זיך גאַכלעסיק באַציען צו געדאַנקען, מען האָט געמוזט אין מאַרש פון דער געשיכטע אָנפירן מיט זיי.

די יעגער אָרדענען איין אין די וועלדער געיעגן אויף וועלף. די וואַלד־וועכטערס פאָרשן אויס די וועלפישע שפּורן. די יעגערס שטעלן זיך אויס אויף די וועלפישע שטעגעלעך, שטעלן אַרום די פאַרוואַקסענע ערטער מיט פענדלעך. דער וואַלד איז שטיל, שווייגנדיק. אין דער וואַלדיקער שטילקייט הייבן אָן די אָנטרייבערס שרייען און ליאַרמען, כּדי איבערצושרעקן דעם וואָלף און אים טרייבן איבער די שטעגעלעך, וואָס זענען אַרומ־געשטעלט מיט די יעגערס און באַצייכנט דורך די פענדלעך. דעם וואָלפס לעבן גייט איבער אין טויט.

און עס איז אָנגעקומען דאָס לעצטע יאָר פון דער בויאונג.

דער פרילינג איז געווען זייער אַ זוניקער. די שניי־שטו־רעמס זענען פאַרשוואונדן צוזאַמען מיטן ווינטער. די זון איז אַפּערגעקומען פון אונטערן שניי אויפן זעלבן אופן, ווי דער שניי איז אַוועק אין דער נאַכט אַריין. דעם פרילינג האָבן די טייכן

אָקע און מאָסקווע געדאַרפט פליסן דאָס לעצטע מאָל מיט זייערע אַלטע, טויזנטיעריקע, דורך דער נאַטור געשאַפענע געלעגערס, — דער רוקנביין פון מאָנאָליט האָט שוין געהאַט דורכגעגראָבן די אָקע.

און עס איז געווען אַ מאַי־טאָג.

מיטאָג־צייט, ווען די סירענעס האָבן געוואָיעט מיט וואָרענונג און ס'זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די סיגנאַלן, וואָס האָבן אָנגעוויזן, אַז אַלע דאַרפן אַראָפגיין פון די לאָנקעס, ווייל דאָרט זענען אַהינגעגאַנגען די מינירער אויפרייסן מיט געפּרעסטער לופט די גראַניטן, — פון קאַבינעט, וואָס איז פאַרוואָרפן געווען מיט פּלענער, מאַפּעס און טאַבעלעס, וואו עס זענען אין די ווינקלען געלעגן פּרוּוון פון מינעראַלן און ס'איז געווען זייער אַ סך מאַי־זון, האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש אָנגעהויבן טעלעפאָניש זוכן עדגאַר איוואַנאָוויטשן און מאַריע פּיאָדאָראָווגען.

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געזאָגט מאַריען:

— מאַריע, קום צו מיר אויף אַ פּופצן מינוט, אין אַ וויכטיקן ענין. איך בעט דיך זייער.

עדגאַרן:

— עדגאַר, קום שוין צו מיר אין זייער אַ וויכטיקן ענין. איך בעט דיך זייער. אין קאַבינעט אַריין.

דעם טאָג, אויפשטייענדיק פיר אַ זייגער, איז פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געגאַנגען צו דער אַרבעט. צוליב אַ פאַרזען פון טעכניקער און די צענדלינג־אַרבעטער, האָט דאָס וואַסער אָפּגעשווענקט דאָס זאַמד מיט דער פאַשינע ביי דער טאַמע, און פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אין די קליידער פון אַ טויכער זיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן וואַסער, אויפן גרונט פון טייך, כדי צו באַטראַכטן די אַרבעט אונטערן וואַסער, כאָטש דאָס האָט נישט געהערט צו אים. צוויי טויכער האָבן אַראָפּגעלאָזט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן אין גומענעם טויכער־מלבוש, פאַרשרויפט די סיגנאַל־איינריכטונגען, אָנגעטון אים די בליירנע פאַנטאָפל. די סקאַפאַנדרעס, די אַליומיניום־העלמען, ענלעכע צו שיידלען פון מאַרסיאַנער, לויט וועלסן, —

ווערן פאַרשרויפט, ווי הערמעטישע פּראָפּנס. אונטערן פּראָפּן הייבט די איינגעפּרעסטע לופט אָן צו רוישן, די ערד ווערט ערגעץ פאַרפאַלן, דאָס וואַסער איבערן קאָפּ פאַרמאַכט זיך און הייבט אָן גרוילעך זיך צו בלעזלען, די פיזיקאַלישע געזעצן ענדערן אונטערן וואַסער דאָס ליכט, די זע-קראַפט, דעם לופט-דרוק, — דעם מענטש ווערט אומהיימלעך אונטערן וואַסער. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט באַטראַכט די פּאַשינע. די פּאַשינע איז זיך צונויפגעוואַקסן און האָט זיך פאַרפלאָנטערט, אַליין זיך שטיקנדיק. אונטערן וואַסער איז געוואָרן טונקל און קיל, קליינע פישלעך האָבן זיך באַמיט אַריינצוקוקן אין די שייבלעך פון סקאַפאַנדער, די געפּרעסטע לופט האָט געררוישט אין די אויערן, געשטערט זיך איינצוהערן אין דער אונטערוואַסערדיקער שטילקייט, זי געמאַכט נאָך טיפער. ווען פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז פון וואַסער צוריק אַרויסגעקומען אויף דער דעק פון דער באַרקע, האָט אים די זון אויסגעזען אומגעהייער גרויס. די זון און די אָנגעקוואָלענע פּאַשינע אונטערן וואַסער האָבן אַרויסגערופן אַן אומרויִקן געדאַנק, פון וועלכן פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין חשבון און אויך נישט געקאָנט אים באַהערשן. פון דער טאַמע, אַריבערשיפנדיק זיך איבערן קאַנאַל אין אַ באַרקע, איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש אַוועקגעגאַנגען אין זיין קאַבינעט אַריין אין דער אינזשיניעריע-לייטונג. דער טאָג איז געווען אַ העלער, אַ זוניקער. די וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן, כדי איינצוגיין אין דער הימל-בלויקייט. ביים לייגן די פּאַשינע האָבן געאַרבעט פּרויען, סטעפּ-מיידלעך אין פאַרביקע קליידלעך. אויף דער ערד איז געלעגן נאָר-וואָס אָפּגעשניטענע לאָזע. די פרויען האָבן געפלאָכטן די לאָזע, זי צונויפגעבונדן מיט ווערבע-ריטער. זיי זענען געווען טיכטיק און מיט פריילעכע אויגן געקוקט אויפן אינזשיניער. די פּאַשינע איז אויסגעלייגט געוואָרן אין רייען אויף דער דנאָ פון טייך און צוגעפּעסטיקט געוואָרן צו דער ערד מיט פלאָקנס. לאָזע און ווערבע-ריטער ווערן גענומען אויף פּאַשינע, זיי זאָלן וואַקסן אין וואַסער, זיך פאַרפעסטיקן מיט די וואָרצלען און אויף אַזאַ אופן שטאַרק מאַכן די ערד פון

גרונט. און פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון זיין געדאַנק. — „דאָס אַלץ וועט פאַרגאָסן ווערן מיט וואַסער“. — פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געקוקט אויף די קרעפּטיקע מיידלעך און פרויען, וואָס האָבן געלאַכט צו אים באַגריסנדיק און פלוצלינג זיך דערנענט אויפן ערט פון איינער פון די לאָזעס. דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש, ווי געפינען זיך אונטערן וואַסער אין אַ סקאַפאַנ־דער. אין יעדער לאָזע איז נאָך געבליבן לעבן. די טויזנטער צונויפגעבונדענע לאָזעס וועלן גיין אונטערן וואַסער אַרונטער, אָבער זיי האָבן נאָך דערהאַלטן לעבן זיך, און זייערע וואָרצלען וועלן זיך אַריינזייגן איינער אין אַנדערן, זיך זוכן זאַפט צו דערנערן, זוכן ערד, פירנדיק אַזוי אַרום אַ קאַמף צווישן זיך. די לאָזע, וואָס האָט זיך אַריינגעקריגן אין דער ערד, איז זאַט, אָבער זי שטיקט זיך, און שטיקנדיק זיך, — דערהרגעט זי איר שכנה. אויפשוועלנדיק אין וואַסער, שפּאַרט זי זיך צו דער זון. דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש, ווי צו זיין אין סקאַפאַנדער אויף דער דנאָ אונטערן וואַסער. דאָס דערמאַנט אָן טויט פון אַ פיש, וואָס איז אַרויסגעכאַפּט געוואָרן אויף דער לופט פון וואַסער. די פרויען אין די פאַרביקע קליידער, וואָס האָבן געאַרבעט לענגאויס די גראָבנס, אויסגעבעטע מיט פאַשינע, און די גרעבערס אין די ברייטע בלויע הויזן, מיט די אַנבלויזטע ברוסטן, האָבן רעפּרעזענ־טירט דאָס נייע לעבן און די רוסישע אַלטערטימלעכקייט.

דעמאָלט האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל אויף דער מיטאָג־הפסקה, און ס'האָבן זיך צעוואָיעט די סירענעס. די מענטשן זענען אַראָפּגעגאַנגען פון דער בויאונג, ווייל דאָרט זענען אַהינגעגאַנגען די מינירער — אויפרייסן די גראַניטן מיט גע־פרעסטער לופט, — מיט דעם, וואָס פעלט אויס דער לאָזע אונ־טערן וואַסער.

צוזאַמען מיט דער מחנה אַרבעטער, וואָס איז געפאָרן אין דער קיך אַריין אויף מיטאָג, איז אויך געפאָרן פיאָדאָר איוואַנאָ־וויטש צו זיך אין קאַבינעט אַריין, — ער האָט געוואַרט אויפן ווייב און אויפן פריינט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פֿאַרשנדיק אַ קוק־געטון אויף פּיאָ־דאָרן, צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן פֿענ־סטער־פּאַראַפּעט. מאַריע פּיאָדאָראָוונע האָט, אַ רויִקע און לויטע־רע, זיך געזעצט בײַם טיש קעגנאיבער פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געזויגן אַ פּאַפּיראָס. ווידער האָט זיך צעוואָיעט די פּירענע און באַלד נאָך איר דערהערט דער ערשטער אויפרייס. דאָס הויז האָט זיך אַ טרייסל־געטון, די שויבן האָבן זיך צעקלונגען. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און באַלד זיי צוריק אויפגעהויבן.

— וואָס האָסטו מיר צו זאָגן, עדגאַר ? — האָט פּיאָדאָר אי־וואַנאָוויטש געפרעגט.

— וועגן וואָס אייגנטלעך ? — האָט עדגאַר איבערגעפרעגט.

— איך וואָלט געוואָלט קלאָר זיין אין די באַציאונגען, וועגן וועלכע דו און מאַריע פֿאַרשווייגן, אָבער וועלכע עקזיסטירן פֿאָרט צווישן אייך, — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט.

לאַסלאָס אויגן האָבן זיך פֿאַרהאַלטן, כּדי צו ווירקן. ער איז אין אַ קרומער ליניע זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער, קיילעכיק אַרומגעגאַנגען דעם טיש מיט די מאַפּעס און זיך אָפּגע־שטעלט בײַם טיש. מאַריע פּיאָדאָראָוונע איז אויפגעשטאַנען פֿון דער שטול. קיינער האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. די זון האָט געלויכטן אין פֿענסטער אַריין אַזוי שטאַרק, אַז די שאָטנס אין קאַבינעט האָבן אויסגעזען שוואַרץ. הינטערן הויז האָט געוואָיעט, געסיטשעט און געכאָרכלט אַן עקסקאַוואַטאָר, און עמעצער האָט אויסגעשריגן : — מיטיאַ־אַ־אַ ! הער, מיטיאַ־אַ־אַ, איך בין שוין נאָך מיטאָג !" — אין טראַגישע מינוטן פֿעלט מענטשן תּמיד אויס באַ־וועגונגען.

— גוט, וועל איך רעדן, — אויב אייך איז שווער, — האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ און צו־ריק אים אויפהייבנדיק. — היינט פֿיר אַ זייגער איז אַ זיצונג, עדגאַר, דו ווייסט דאָס, אָבער נישט וועגן דעם וויל איך אַצינד רעדן. דער טאַמבאָווער פּאָפּ האָט אַמאָל בײַ אַ פּרעפֿעראַנס גע־

זאָגט, אויסדריקנדיק אָנערקענונג זיין פּאַרטנער: — „ביי אַ פּרעפאַראַנס איז איין מענטש פאַרן צווייטן אַ ברודער!“ — ער האָט גוט געזאָגט. איך וואָלט נאָך געקאָנט צו דעם צוגעבן די רעפלעקסן וועגן צושטאַנד פון דער פאַשינע אונטערן וואַסער, וואָס האָבן מיך געניינט נישט אָפּצולייגן דעמדאָזיקן שמועס. אָבער מיר גייט נישט אַצינד אין אַלעגאָריעס. איך האָב אייך אַהערגערופן אָט צוליב וואָס. מיט דריי יאָר צוריק, דעם אַכטן אויגוסט, דאָס איז געשען אין גוט ספּאַסקאָיע, זענט איר ביידע, — דו, מאַריע, מיין ווייב, און דו, עדגאַר, מיין פריינט, — זיך געוואָרן נאָענט, האַלטנדיק דאָס בסוד פאַר מיר. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט מיר זייער וויי געטון, און איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אונזערע באַציאונגען וועלן זייער קאָמפּליצירט ווערן. איך האָב דאָס געהאַלטן פאַר אַ צופעליקייט. איך בין נישט קיין הערשער איבער קיינעמס נשמה. איך אַליין האָב שוין אין לעבן געהאַט ענלעכע פאַסירונגען און האַלט, אַז זיי קאָנען מיט יעדן פאָרקומען. אָבער מיט אַ יאָר צוריק האָסטו, עדגאַר, זיך ווידער דערנענטערט צו מאַריען. איך אָבסערוויר שוין אייערע באַציאונגען גאַנצע זעקס חדשים. איך האָב סימולירט, אַז איך ווייס פון גאָרנישט, מיינענדיק, אַז דאָס איז בלויז אַזאַ נייגונג, וואָס וועט מיט דער צייט איבערגיין, אָדער איר וועט מיר אַליין זאָגן, אויב דאָס וועט טאַקע ווערן ערנסט. דעמאָלט, אין גוט ספּאַסקאָיע, האָסטו, עדגאַר, געוואָלט זיך מיט מיר אָנקלאַפּן, אויפהייבנדיק די האַנט אָן אַ גלעזל, — אָבער דו ביסט מיין פריינט, עדגאַר. מיר שאַפן אַ ניי לעבן, אַ נייע געזעלשאַפטלעכקייט, דעריבער מוזן מיר אָנשטרענגען אַלע אונזערע כוחות צו אַרבעטן און זיך באַפרייען פון אַלץ, צוליב דער אַרבעט. עס איז אַריבער אַ האַרבסט, אַ ווינטער, אַ פרילינג, און אָט רעד איך אַצינד מיט אייך. איך וויל נישט באַהאַלטן, אַז מיר איז זייער שווער, וואָרים איך האָב מאַריען ליב געהאַט, ווי איך האָב געקאָנט. די צייט ווייזט מיר, אַז דאָס איז נישט קיין פאָריבערגייענדיקע נייגונג. פאָליגאַמיע האַלט איך נישט פאַר קיין קאָמוניסטישער מאָראַל, אָבער ערלעכקייט אין די באַציאונגען צווישן

קאָמוניסטן האַלט איך פאַר אַ חוב פון יעדן קאָמוניסט. דעריבער לייג איך פאָר נישט צו טעאָרעטיזירן אַצינד, נאָר צו האַנדלען, ווי עס פּאַסט פאַר טעטיקע מענטשן. דו פאַרשטייסט דאָך, עדגאַר, ווי שווער מיר איז אַצינד אויפן האַרץ. מיר שאַפן אַ נייע געזעלשאַפטלעכקייט, אַ נייע מאָראַל, און מיר דאַכט זיך, עדגאַר, אַז ס'איז נישטאָ קיין גרונט פאַר מיינונגס־פאַרשידנקייט צווישן אונז. אָבער דו פאַרשטייסט אויך, אַז איך מוז אָפּהיטן די ערע פון מיין ווייב. איך לייג אייך פאָר חתונה צו האָבן, אויב איר האָט אייך ליב, אָנשטאָט צו זינקען אין אומגייטיקן ליגנט. איך רוק דאָס אַרויס, ווי דעם איינציקן אויסגאַנג פון דער לאַגע. די שליסלען פון אונזער וואוינונג געפינען זיך ביי דיר, מאַריע. איך וועל בלייבן וואוינען אין דעם קאַבינעט. דו, עדגאַר, וועסט באַקומען אַ וואוינונג אויף דער בויאונג. איך וועל בלייבן אין דעם קאַבינעט ביז דו וועסט ברענגען אין אָרדענונג אונזערע זאַכן, מאַריע, און איר וועט זיך איינאָרדענען. איבעריקנס, וועגן די זאַכן לוינט נישט צו רעדן. צום ווידערזען. גייט. אַלדאָס גוטס. פיר אַ זייגער הייבט זיך אָן די זיצונג, עדגאַר, אָבער עס וואָלט גלייכער געווען, דו זאָלסט קומען פריער, מען וועט זיך דאַרפן אַ ביסל דינגען.

מאַריע פיאָדאָראָוונע האָט מאַכטלאָז זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול, אויסהערנדיק דעם אורטייל. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אפילו מיט קיין ציטער פון קיין איינציקן מוסקול נישט איבערגעגאָסן דעם בעכער פון סאַדיקאָווס רייד. זיינע אויגן זענען געוואָרן שאַרף, ווי שאַרף ס'זענען געווען די אויגן פון זיינע זיידעס, די וואַנדערער, ווען זיי האָבן אָבכערווירט אַ שונא אין סטעפּ. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט באַמערקט דעמדאָזיקן בליק.

— ניין, עדגאַר, מיר זענען נישט קיין שונאים, ניין. שולדיק זענען מיר אַלע. איך האָב מיך דערמאַנט, אַז איך האָב קיין איין מאָל נישט געזאָגט מאַריען, אַז איך האָב זי ליב. איך האָב נישט באַוויזן, איך האָב נישט געהאַט די געלעגנהייט. מיר וועלן נאָך

שפּעטער שמועסן, עדגאַר. מאַריע, גיב די האַנט, איך וויל דיר אַ קוש טון. גייט.

עס האָט גענומען קלינגען דער טעלעפאָן.

— יאָ, — האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, — דאָס בין איך, סאַדיקאָוו. ביים נומער פינף? גוט. יאָ. ניין. גוט, איך וועל זיין. און ביי מיר איז פאָרגעקומען נייעס: איך בין מיך נאָרוואָס צעגאַנגען מיטן ווייב. יאָ. ניין, איך האַלט פּשוט נישט פאַר גינסטיק זיך צו געפינען אין אַ פאַלשער סיטואַציע. זי האָט החתונה. מיט עדגאַר איוואַנאָוויטש. יאָ. די זיצונג קומט פאָר האַלב פיר.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַוועקגעלייגט דאָס הער־טרייבל. אין דינסטלעכן קאַבינעט האָט געהערשט זאַכלעכקייט און אַרבעט־זאַמקייט. די ווענט זענען באַהאָנגען געווען מיט צייכנונגען. דורכן פענסטער האָבן זיך געזען די לאָנקעס. הינטערן פענסטער האָט געלויכטן די זון, דער ווינט האָט צוגעברענגט ריחות פון פייכטער ערד, גראָז און בלומען. אין אַזעלכע טעג דאַרף דער מענטש זיין אין שלום מיט דער ערד. מאַריע פיאָדאָראָוונע האָט זיך צעוויינט, אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אָן טיש.

— דאָ איז אַ דינסטלעכער קאַבינעט, מאַריע, — האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, — הער אויף! גייט. איך מוז ווייטער אויפ־נעמען. מען וואַרט.

סאַדיקאָוו האָט אָנגעקלונגען.

ווען מאַריע מיט עדגאַרן זענען אַרויסגעגאַנגען, איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש אַפּגעגלאָפּן פון הינטערן טיש. ער האָט אָנגעהויבן אויף זיינע קראַנקע פיס שנעל אַרומצוגיין אין געאָמעטריש־גליי־כע ליניעס איבערן קאַבינעט. זיינע אָרעמס זענען אַראָפּגעהאָנגען נאָך שווערער ווי געוויינטלעך. די קנייטשן פון שטערן האָבן זיך אַראָפּגערוקט צו די אויגן. דאָס פּנים האָט אויסגעזען, ווי ביי אַ מענטש, וואָס איז אָפּגעגאַנגען דרייסיק וויאָרסט, נישט געשלאָפן אַ גאַנצן מעת־לעת, פון רעגן און קויט בין־השמשות־צייט אַריינ־

געקומען אין אַ פּרעמדער שטוב אויף רוסישער אָוונט־טיי — נישט כּדי זי צו טרינקען, נאָר איבערצוגעבן אַ זאַכלעכן, קורצן אמת, אַ שרעקלעכע נייעס און גיין ווייטער אָן אָפּרו אין די נאַכטיקע וויאָרסטן, דערווייטערנדיק זיך פון די שרעקלעכע נייעסן, וואָס קומען אַלץ נענטער.

ווידער האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. אין די קאַבינעטן פון די בוי־ביוראָען קאָנען מענטשן זיך אַמאָל פילן אַזוי, ווי די וועלף הינטער די יאַגד־פענדלעך. עס האָט געקלונגען ליובאָווו פּימענאָוונאַ.

— יאָ. יאָ? מען האָט אָנגעטראָפן אויף אינטערעסאַנטע אויסגראָבונגען? יאָ, יאָ. איך וועל קומען צו אייך אין אָוונט, מען קאָן? איך בין זייער פאַרמאַטערט. איך ווייס נישט פאַרוואָס עס קומען מיר היינט כּסדר אויפן רעיון אַלעגאָריעס. איר געדענקט אונזערע וויכּוחים, — יאָ, אַזוי איז שוין תּמיד, — איך בוי די צוקונפט, אַ נייעם טייך, — איר גראָבט אויס פאַר דער צוקונפט די אַלטערטימלעכקייט.

ווידער האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן.

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַריינגערעדט אין טרייבל:

— יאָ, איך גיי.

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט. די ערד אונטער די פיס, באַוואַקסן מיט גרינעם מעך, איז געווען וואַרים. די זון האָט געבלענדט. די וואָלקנס אין בלויען הימל זענען צעגאַנגען. אויפן גראָז זענען געלעגן אַרבעטער, אָפּרוענדיק נאָכן מיטאָג. אויף דער שוועל פון דער קיך־פאַבריק האָט אַ מיידל געלויזט אַ צווייטע. סאַדיקאָוו איז געגאַנגען אויף מיטאָג. אין דער רייע פאַר דער קאַסע האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אים דער טעכניק סאַריטשעוו אין אַ שטרויענעם הוט, אַן ענלעכן צו אַ כינעזישן שירם. סאַדיקאָוו האָט זיך באַגריסט מיט סאַריטשעוון.

— איך בין מיט אַ ווײַלע צוריק זיך צעגאַנגען מיטן ווייב, —

האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, – איך ווינטש תּמיד מענטשן דאָס בעסטע און בין אין דער מיינונג, אַז מען דאַרף דאָס לעבן פאַראיינפאַכן ווי ווייט מעגלעך. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז מיין פריינט, זיי האָבן זיך ליב. איך האַלט דאָס פאַר זייער נאַטירלעך. לאַסלאָ איז אַן ערלעכער קאָמוניסט, מאַריע פּיאָדאָראָוונע – אַן אָרנט־לעכע פרוי. איך האָב צוגעהאָלפן די פריינט, .ווייל עס איז זיי גע־ווען שווער. וואָס הערט זיך ביי אייך ?

סאַדיקאָוו איז געווען פולשטענדיק רויִק. די באַקנביינער פון זיין אומבאַוועגלעך פנים האָבן אויסגעזען, ווי אין יעדן געוויינט־לעכן אַרבעטס־טאָג.

דער וואָלף, אַרומגערינגלט אין וואַלד מיט די פענדלעך, פאַרטאָג, ווען עס פאַלט אַ קאַלטער רעגן, – הערט, ווי עס שרייען און ליאַרמען די אָנטרייבערס, – דער קאַלטער רעגן האָט נאַס געמאַכט די פענדלעך, – דער וואָלף האָט נישט קיין אויסגאַנג, – ער איז ענלעך צו אַ ווערבע־צווייג אין דער פאַשינע.

ווי פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, האָט אויך די זון פאַרבלענדט מאַריע פּיאָדאָראָוונען און לאַסלאָן, ווען זיי זענען אַרויסגעקומען אין דרויסן, און דער הימל איז אויך געווען אַזוי בלוי, – נאָר די ערד איז אַזוי ווי פארלוירן געוואָרן אונטער זייערע פיס, וואָרים נישט ער און נישט זי האָבן נישט באַמערקט די עטלעכע קילאָמע־טער פון דער בויאונג ביזן קאָלאָמנער קרעמעל, ביזן מאַרינאַ־טו־רעם, וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען שווייגנדיק, אין געהעמטער פעיִקייט אויפצונעמען איינדרוקן.

– וואָס פאַר אַ נאַרישקייט ! – האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געזאָגט, און מאַריע האָט נישט געהערט דידאָזיקע ווערטער.

– וואָס־זשע וועלן מיר טון, עדגאַר ? – האָט מאַריע גע־פרעגט.

– וואָס וועלן מיר טון ? – האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש איבערגעהזרט די פראַגע, נישט דערהערנדיק זי. – גיי גלייך אַהיים.

— אַהיים? אין וועלכער היים?

לאַסלאָ האָט נישט געענטפערט. דער מאַרינאַ־גאָטיק האָט געשוויגן. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיך דערמאַנט, ווי ער האָט נעכטן געטראָגן אויף די הענט מאַריען, זיין געליבטע, און ווי ער האָט גערעדט צו איר רירנדע רייד. מאַריע פּיאָדאָראָוונע האָט געהערט צו אים פון אַצינד אָן אויף אייביק. ער האָט אַ קוק־געטון אויף דער פאַר אים שטייענדיקער פרוי, און זיינע אויגן האָבן גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, — די פרוי איז געווען אַ פרעמדע, אַן אומבאַקאַנטע. טראַכטנדיק וועגן די געזעצן פון טייך־פלוס, וואו עס קאָן נישט זיין קיין אָפּווייכונג פון דידאָזיקע געזעצן, — וועגן דעם, ווי שטאַרק ס׳איז דאָס מענטשלעכע לעבן, — האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש עטלעכע מאָל דערציילט עדגאַר איוואַנאָוויטשן וועגן יענער וואונדערלעכער מינוט, ווען מאַריע האָט צווישן די קאַלוזשעס בלוט אויפן פּראָנט, אין הויז, וואו עס זענען דערהרגעט געוואָרן אירע טאַטע־מאַמע, פלוצלינג אָנגעהויבן שפּילן אויפן פּאָרטע־פּיאַן, אַליין, פאַר זיך אַליין, און אַ שמייכל־געטון דעמאָלט מיט אַ הילפלאָזן, שעמעוודיקן שמייכל צו פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, ווען זי האָט אים דערזען. מאַריע פּיאָדאָראָוונע איז דעמאָלט געקומען צו סאַדיקאָוון פון יענער זייט שפּיל va banque מיטן טויט. מאַריע פּיאָדאָראָוונע איז אַצינד געשטאַנען פאַר לאַסלאָן מיט הילפלאָז אַראָפּ־געלאָזטע אָרעמס, הילפלאָז שמייכלענדיק, אָבער איר שמייכל איז זיכער געווען אַזעלכער, ווי דעמאָלט אויפן פּראָנט. דער הימל איבער דער ערד איז געווען זייער בלוי, מאַריעס אויגן אין בלויען ליכט האָבן געפינקלט אויף זייער בלוי.

אַריינקומענדיק אין צימער פון די זיצונגען, האָט עדגאַר דערהערט דעם זאַץ, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן:

— עס איז שוין צופּגעשטאָרבן די אַלטע מאָראַל, ווען מענטשן

האָבן זיך געשלאָגן מיט די פויסטן, געגאַנגען אויף דועלן צוליב אַ פרוי און געליטן פון אייפערזוכט.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט איבערגעריסן, דערזעענדיק עד־גאַר איוואַנאָוויטשן.

— ביסט געקומען, עדגאַר, — נו, הייבן מיר אָן די זיצונג! — האָט ער געזאָגט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן לאַסלאָן.

אין מיטלאַלטער האָבן די ריטער געהאַט אַ מנהג ביים אַרויס־רופן צו וואַרפן אַ הענטשקע דעם קעגנער — פיאָדאָר איוואַנאָ־וויטש האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָנטרייבער. זיינע ברעמען האָבן זיך געקנייטשט מיט אַן אויסדרוק פון זאַכלעכקייט. אויף דער זיצונג האָבן די אינזשינירן אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן צו־שטאַנד פון דער אַרבעט. ווען מען איז זיך צעגאַנגען פון דער זיצונג, האָט דער טעכניקער סאַריטשעוו געזאָגט, גייענדיק לעבן לאַסלאָן:

— פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אַן עכטער קאָמוניסט, וואָס רעאַגירט איידל. ווען איז די חתונה?

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געענטפערט, נישט געבנדיק קיין שמייכל.

— יאָ. פיאָדאָר איז אַ טיכטיקער חבר.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט ביי דער אַרבעט און פאַרנאַכט געגאַנגען אין שטאָט אַריין. ער האָט געטראָפן ליובאָוו פימענאָוונאַ. אין דער בלויער שעה פון בין־השמשות זענען זיי ביידע געגאַנגען צום מאַרינאַ־טורעם, — אין דער שעה, ווען עס הייבן אָן אַרומפליען די פלעדערמייז און שרייען די סאָוועס, און דער מערב ווערט פאַרקילט אין נאַכט, כדי אויפצוגליוכטן פורפור־רויט אין זון־אויפגאַנג. סאַדיקאָוו האָט אפילו מיט קיין וואָרט נישט דערמאַנט אָן זיין מיטאָגדיקן שמועס מיט לאַסלאָן, ליובאָוו פימענאָוונעס שטיפפאָטער. דער גאָטיק פון מאַרינאַ־טורעם האָט זיך אויפגעהויבן צום טונקעלן הימל, צו די

שטערן. הינטער די חורבות פון דער מויער האָט טונקל געשימערט דער סטאַוו.

— דאָס איז מיין ליבסט אָרט אין קאָלאָמנע, — האָט ליוּ־באָוו געזאָגט.

סאַדיקאָוו איז געווען שווייגנדיק און רויִק, ער איז געזעסן לעבן איר אויף די שטיינער, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף די הענט. אַרום דעם טורעם זענען געוווּשלאָז געפלויגן פלע־דערמייז און אין טורעם, אין בלויען האַלב־טונקל, אין דער בלויער שטילקייט, האָט געשריגן אַ סאָווע.

— וועגן וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט, פּיאָדאָר איוואַנאָ־וויטש? — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געפרעגט.

— איך הער מיך איין אין דער שטילקייט. איך האָב היינט געהאַט זייער אַ שווערן טאָג און בין זייער פאַרמאַטערט.

— יאָ, ביי דעם טורעם איז שטענדיק שטיל. איך האָב פאַר־שריבן די לעגענדעס וועגן דעם טורעם, וועגן זיינע פּאַסירונגען. אויך איז באַקאַנט די לעגענדע וועגן דעם, אַז מאַרינאַ מנישעקס נשמה פליט אַרום ווי אַ ראָב איבער רוסלאַנד. די נשמה, פאַר־וואַנדלט אין אַ ראָב, האָט זיך פאַרמערט אין די ראָבן, וועלכע מיר קענען, — דעריבער טאַקע נעסטן די ראָבן תמיד אין די חורבות און זאָגן פאַר דעם טויט. מיין אַרבעט וועגן מאַרינאַ־טורעם פאַרענדיק איך מיט דעם, וואָס דער טורעם ווערט פאַרגאָסן דורכן נייעם טייך. נאָר אָט וואָס מיר קומט תמיד אויפן רעיון. איך גיי אָפּט ביי טאָג צום טורעם. עס וואַקסט דאָ ווילדער בעז. פּוסטקייט. ציגל. צעמענט־אָפּפאַל. און דאָך איז דאָ פאַר די שטיינער דורכ־געפלאָסן זייער אַ סך — אי געשיכטע, אי פּאָעזיע, — איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס אויסצודריקן. און דאָ איז שטענדיק שטיל.

— איך וועל גיין, — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט און אויפ־געשטאַנען, — איך בין זייער פאַרמאַטערט געוואָרן אין משך פון דעם טאָג. ליובאָוו פּימענאָוונאַ, היינט, אַהיימקומענדיק, וועט איר זיכער געוואויר ווערן נייעסן, וואָס וועלן זיין שווער אויך פאַר אייך, אָבער דער עיקר פאַר אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען. זאָגט איר,

אַז איך בין מיטן גאַנצן האַרץ מיט איר, און פאַר אייך, אויך אייך — דערלויבט מיר אַ קוש צו טון אייער האַנט. יאָ, דאָס געשעט תמיד אַזוי: עס איז געווען געשיכטע, געווען פּאָעזיע, — געבליבן זענען שטיינער. און קיין שום געשיכטע וועט נישט פאַרשרייבן, אַז אָט אַצינד, דאָ, ביי דעם טורעם, דאָ, לעבן אייך — איז מיר זייער גוט. היט אייער ריינקייט, ליובאָוו פּימענאָוונאַ, — טרעפט זיך מיט אייער פּאָטער און בעט איבער מיט אים די מוטער.

— וועגן וואָס רעדט איר, סאַדיקאָוו? — האָט ליובאָוו פּי־מענאָוונאַ געפרעגט, אויך אויפשטייענדיק פון אָרט.

— אַלדאָס גוטס, ליובאָוו פּימענאָוונאַ, — האָט סאַדיקאָוו גע־ענטפערט. — איך וועל קומען צו אייך, מען קאָן? גוט? — סאַדי־קאָוו האָט זייער שטיל און זייער איידל אַ קוש געטון די פינגער פון ליובאָוו פּימענאָוונעס האַנט.

דער טורעם און די חורבות פון קרעמל האָבן געשוויגן.

אויף די לאָנקעס האָט זיך געהערט דאָס שרייען פון די לערכעס, וואָס האָבן אויסגעמישט זייער „צייט שלאָפן־גיין! צייט שלאָפן־גיין!" מיטן געוויין און גרילצערייי פון די ערד־שעפערס. די בויאונג האָט געפלאַמט מיט אַרמייען עלעקטרישע לעמפּלעך. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אַריינגעגאַנגען אין צייכן־זאַל, אין זיין דינסטלעכן קאַבינעט. הינטערן געעפנטן פענסטער האָט זיך גע־הערט אַ ליד, — וואָס איז געזונגען געוואָרן דורך מענערישע און ווייבערישע שטימען. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט פאַרמאַכט די לאָדנס, — דאָס ליד פון די מענטשן איז פאַרשוויגן געוואָרן, דאָס שרייען פון די לערכעס האָט אויפגעהערט, און אַלץ העכער און דראָענדיקער האָט זיך דערהערט דאָס געוויין, סקריפּעריי, וואָיעריי פון די כאָרכלענדיקע עקסקאַוואַטאָרן אין וואַסער און אין דער ערד. דאָס געשריי פון די מאַשינען, וואָס האָבן געגראָבן די ערד, האָט באמת אויסגעזען שרעקלעך אין דער שטילקייט פון קאַבינעט — אַ שרייען, אַ סקריפּען, אַ צישען, אַ העשען, אַ שנאָרכן, אַ קרעכצן, אַ וואָיען, אַ פּישטשען.

דער צייכן־זאַל איז אַריינגעפאַלן אין פינסטערניש, ווי

אין סעפּטעמבער־נעכט, ענלעכע צו רוסישע שלעפערס, פוילע און נאַסע, וואָס גיסן איבער די ערד אין שוואַרצן חושך, אין וועלכן ס׳איז נישט צו זען, נישט די אייגענע האַנט, נישט זיך אַליין. אויף די סעפּטעמבער־פעלדער, דעמאָלט אין די נעכט, ווען ס׳איז גאָרנישט צו זען, גרייכט די בלאָטע דעם מענטש איבערן האַלז און עס בלאָנזשען אַרום וועלף. דעם אָוונט איז איבער די לאָנקעס דורכגעגאַנגען דער מאַי. אין סאַדיקאָווס צייכן־זאַל איז געווען סעפּטעמבער. אַזעלכע נעכט עקזיסטירן, כדי דער מענטש זאָל זיך מתוודאי זיין פאַר דער ערד. אין סעפּטעמבער־דיקן צייכן־זאַל האָט דערגרייכט דאָס וואָיען פון די עקס־קאַוואַטאָרן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געזעסן ביים טיש, די פּאַ־פּיראָסן האָבן מיט רויט ליכט באַלויכטן זיינע באַקנביי־נער, דאָס ליכט פון טליענדיקן אַש האָט צוגעגעבן זיינע באַקנ־ביינער אַ בייזן, אכזריותדיקן אויסדרוק, ווי אכזריותדיק עס איז געווען די סעפּטעמבער־נאַכט אין מאַי. אין ליכט פון פּאַפּיראָס האָט זיך געזען דאָס טעלעפאָן־טרייבל, וואָס האָט געדינט דער גרויסער אכזריות, ווי די הענטשקע פון מיטלאַלטערלעכן ריטער. ווען עס זענען פאַרלאָשן געוואָרן די פּאַפּיראָסן, האָבן אויפגע־פלאַקערט שוועבעלעך.

— פעלזן־אָפּטיילונג? — דאָס רעדט דער הויפּט־אינזשיניער סאַדיקאָוו. אַלץ איז אין אָרדענונג? — גוט.

דער מענטש אין נאַכט־העמד איז געזעסן, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף די הענט, מיט זקנישע רונצלען אויפן שטערן, — און ווען ער האָט דורך די טעלעפאָנישע דראָטן אָנגעהויבן דערגרייכן די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון דער בויאונג, האָט זיין פנים באַ־קומען אַ זייער גוטן, אַלץ פאַרגעבנדיקן אויסדרוק. אין דער נאַ־טור זענען נישט פאַראַן קיין געאָמעטריש־גראָדליניקע באַוועגונגען, קיין זאַך אין דער נאַטור באַוועגט זיך נישט לענגאויס געאָמעטריש־גלייכע ליניעס, פאַרמירנדיק איר באַוועגונג אין עליפּסן, פּאַראַבאָלן, היפּערבאָלן, — די וואַסער־טייכן, ווי די יאָר־טייכן שאַפן זיך תמיד קרומע פלוס־געלעגערס, — פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געהאַלטן

מאַריען פאַר אַ געאָמעטריש-גראָדליניקע פרוי. סאַדיקאָוו האָט גע-ליטן. הינטערן פענסטער האָט געבליט דער מאַי.

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אויפגעשטאַנען פון טיש, צוגע-גאַנגען צום פענסטער, געעפנט דאָס פענסטער און לאַנג געקוקט איבער די איינגעשלאָפענע לאָנקעס. דאָס ליד פון די מענטשן האָט מען שוין נישט געהערט, אָבער די לערכעס האָבן זיך נאָך אַלץ אָנגערופן, נישט פאָרפילנדיק זייער אומקום, ווען די לאָנקעס וועלן פאַרגאָסן ווערן. דער מזרח האָט קיל זיך גע-רויטלט. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך צעהוסט, אַרויסגעשפּיגן דורכן פענסטער, געטרונקען אַ ביסל מילך פון קריגל און זיך געלייגט אויף דער האַרטער סאָפע, כדי זיך איבערצושלאָפן.

מאַריע פּיאָדאָראָוונע איז אין דער צייט געלעגן צונויפגע-דרייט אין אַ קנויל אויף אַ מאַהאָגאָן-סאָפע פון דער פּאַוועל-עפּאָכע. זי איז געלעגן ביים אַנטיקוואַר גריבאָיעדאָוו, וואו עדגאַר האָט זי איבערגעלאָזט. טוליענדיק דעם קאָפּ אין די קישנס, האָט זי געוויינט. ביי אירע פיס איז געלעגן דער גרויסער הונט וואָלף, היטנדיק זי צוזאַמען מיט דער נאַכט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אין דער שעה געגאַנגען הינטערן קרעמעל לענגאויס דעם טייך מאָסקווע. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ שוואַרצן הוט מיט ברייטע ראַנדן, שוואַרצן פאַלטן און שטיוול פון קרעם-קאָליר. דער קרעמל און דער טייך מאָסקווע זענען פאַרשוואומען געווען אין הלול, און ווי פאַר סאַדיקאָוון, איז אויך פאַר לאַסלאָן די נאַכט געווען אַ סעפּטעמבערדיקע. מען האָט געמוזט זיך אומקערן צו דער ווירקלעכקייט, דעצידירן און עפּעס טון. די געוואָרפענע הענטשקע האָט מען נישט געקאָנט נישט אופיהייבן, די ערע איז געבליבן אויף סאַדיקאָווס זייט. און

לאַסלאָ האָט דעצידירט. אָפּטרייסלענדיק פון הוט דעם כאַאָס געדאַנקען אין דער נאַכט אַריין, האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש זיך געלאָזט גיין אַהיים, צום ווייב, צו אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געדענקט סאַדיקאָווס ווערטער וועגן בעכער, וועלכן מען דאַרף אויסטרינקען ביז דער דנאָ, — ער האָט געקאָנט ברענגען אין אָרדענונג זיינע געדאַנקען, — און זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז ער האָט געזייעט מלחמה אין זיך אַליין און עס קעמפן אין אים אַצינד די אינסטינקטן. ווי אַ קאָמוניסט, האָט ער געמוזט אויפהייבן דעם ברודער פיאָדאָרס הענטשקע, אָבער ער האָט אין זיין טרוים-וועלט געזען נישט מאַריען, נאָר די טאָכטער ליסע. מאַריע איז אויך פאַר אים, ווי פאַר פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, געוואָרן אַ געאָמעטרישע פאָרמולע.

אין הויז פון די סקודרינס איז קיינער נישט געשלאָפן, דאָך האָט אין קיין שום פענסטער נישט געלויכטן. און איבערן הויז איז אין דער מאַי-נאַכט אויפגעגאַנגען די פאַריתומטע לבנה, אַפּעררוקנדיק זיך פון הינטער די ליפּעס און באַגיסנדיק דעם דאַך מיט זילבער.

עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ האָט געזאַמלט מאַטעריאַל פאַר אַן אינטערעסאַנט טעאָרעטיש אַרטיקל, ער האָט נעמלעך אָבסערווירט די ענדערונג אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די אַרבעטער און — די פּסיכאָלאָגיע פון דערדאָזיקער ענדערונג. די רעגולערע אַרבעטער-קאַדרען, וואָס זענען באַשעפטיקט געוועזן ביי דער בויאונג — די שטיינהאַקערס, טשעסלערס, גרעבערס, טאַטשקעפירערס, טרעגערס — זענען באַשטאַנען פון סעזאָן-אַרבעטער. די פּסיכאָלאָגיע פון אַ סעזאָן-אַרבעטער, וואָס איז פעסט פאַרבונדן מיטן דאָרף, וואָס שיקט זיינע רובלס אין דאָרף אַריין, — פון אַ האַלבן פויער, — איז אומעטום באַקאַנט, ווי עס זענען באַקאַנט די אַרבעטס-באַדינגונגען פון די סעזאָן-אַרבעטער, וואָס אַרבעטן

אין יאָר ביי טורקסיב, דאָס צווייטע — אין קאַווקאַז, דאָס דריטע — אין לענינגראַד אָדער ערגעץ אַנדערש. די סעזאָן-אַרבעטער וואוינען און אַרבעטן אין אָפּטיילונגען, פאַרבונדן צווישן זיך דורך קרובהשאַפט, דאָרף-שכנות און דעם אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן נאָך פאַרן אַרויספאָרן פון דער היים. יעדעס אַרבעט-אָרט פון די סעזאָן-אַרבעטער איז אויף דערווייל, די האַלבּ-פויערישע פּראָלעטאַריער זענען תּמיד ביי דער אַרבעט אַ ביסל פּיראַטן און וויניק געזעלשאַפטלעך. ביים מאָנאָליט האָבן די סעזאָן-אַרבעטער זיך פאַרהאַלטן אויף עטלעכע יאָר, און עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ האָט אָבסערווירט, ווי די מנהגים און פּסיכיק פון די סעזאָן-אַרבעטער האָבן זיך געענדערט און אָנגענומען די פאָרמען פון די מנהגים און דער פּסיכיק פון רעגולערע אַרבעטער, עכטע פּראָלעטאַריער. די אָפּטיילונגען האָבן זיך אויפגעלייזט און געענדערט זייער אָרגאַניזאַציע, די סעזאָן-אַרבעטער זענען אַריינגעטרעטן אין די פאַך-פאַריינען און אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי האָבן זיך געלערנט לייענען און שרייבן, און געשאַפן משפּחות, נישט פאַרבונדענע מיט זייערע דערפער, די פּיראַטן-אינסטינקטן זענען פאַרשוואונדן. די סעזאָן-אַרבעטער האָבן נישט בלויז געאַרבעט ווי אָקסן, געגעסן קאַרטאָפליעס, געקאָכטע פאַר דער גאַנצער אָפּטיילונג, און געשלאָפן אויף די הוילע נאַרעס, נאָר זיך אויך אָנגעהויבן באַווייזן אין די „רויטע ווינקעלעך", אין די ביבליאָטעקן, אויף די פאַרזאַמלונגען, אין קינאָ, די רוסישע העמדער און קאַפּאָטעס זענען נאָך דער אַרבעט פאַרביטן געוואָרן אויף אייראָפּעישער קליידונג, און אויף די בעטן האָבן זיך באַוויזן לײלעכער. די סעזאָן-אַרבעטער האָבן שוין געאַרבעט דריי יאָר אויפן זעלבן אָרט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פאַרשטאַנען די גאַנצע רעגולערקייט פון דערדאָזיקער דערשיינונג, ווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף די בויאונגען זענען תּמיד די אייליקייט און דער טומל גרעסער ווי מען דאַרף, עס איז נישטאָ קיין איינגעשטעלטער סדר, נאָר מען לעבט, ווי אין אַ לאַגער, אין דער צייט פון מלחמה-

מאַרש, אין דערווייליקע באַראַקן, דערווייליקע, בײַם מיליטער אויסגעבאָרגטע געצעלטן. שענקערינס, פרויען, וואָס געהערן דער גאַנצער אָפּטיילונג, פּשוטע פּראָסטיטוטקעס, פֿאַרלאָזטע מענער און ווייבער, געשלעגן אויף מעסערס — דאָס אַלץ זענען זאַכן כמעט אומפֿאַרמיידלעכע אויף די בויאונגען, ווי עס זענען אומ־פֿאַרמיידלעך ביבליאָטעקן, וואַנט־צייטונגען, אַרבעט־דערפֿינדעריש־קייט, פֿאַכמענישע אַקטיוויטעט, נאַכטיקע אַרבעט, אומגליקלעכע צופֿאַלן. הינטער דעם אַלעם האָט לאַסלאָ געזען, לויט וועלכע עס פֿאָרמולירט זיך די פּסיכיק פֿון אַרבעטער־קלאַס, פֿון דער נייער רוסישער קולטור, אין וועלכער טויזנטער טייכן, שטראָמען און קוואַלן פֿון אַרבעטער־פּסיכאָלאָגיע זענען אויך אַזוי רעגולירט, ווי דער בונאַנדערפֿלוס פֿון אמתע טייכן, און וואו עס פֿאַרפֿליכטן געזעצן — אי פֿון קלאַס, אי פֿון רובל, אי פֿון לעבנס־טראַדיציע, אי פֿון געשלעגבט, אי פֿון די רוסישע היימישע וועגן.

אַרום דער בויאונג האָבן זיך געשאַפֿן אַרבעטער־ישובים. די אַרבעטער, וועלכע מען האָט נישט באַזעצט אין די רעגולערע הייזער, האָבן געוואוינט אין דערווייליקע באַראַקן און געצעלטן. אויף די ראָגן צווישן די באַראַקן זענען געווען איבערטראָג־סצענעס, ספּאָרט־פּלעצלעך, קינאָס אונטערן פֿרייען הימל, קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, טאַבעלעס מיט וואַנט־צייטונגען און פֿאַראָרדענונגען. אין די ווייבערישע געצעלטן האָט אויך אַזוי, ווי אין די מענערישע, געשמעקט מיט אָנגעברענטער גומע אויף דער זון, מיט ערד און הוצדעם מיט טואַלעט־זייף, מיט וועלכן די ווייבער האָבן זיך גע־וואַשן די פּנימער נאָך דער אַרבעט. אויף די שוועלן פֿון זייערע באַראַקן האָבן די פֿרויען געזונגען לידער. די מענער זענען תּמיד אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון די ווייבערישע באַראַקן מיט גרויס געפּילדער. די עלטסטע אין באַראַק האָבן געהאַט די פֿליכט צו היטן די אָרדענונג, פֿאַרלעשן די עלעקטריע און נישט דערלויבן בײַנאַכט צו לאַכן און פּילדערן.

אין אָוונט פֿון דעם טאָג האָט מען אין אַלע באַראַקן, ווי אויף דער גאַנצער בויאונג, שוין געוואוסט וועגן סאַדיקאָווס שמועס

מיט לאַסלאָן און מאַריע פיאָדאָראָוונען. אונטערן פרייען הימל איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אַ פילם און די אַרבעטער האָבן געטרונקען מינעראַל-וואַסער אין ביידל. אין פרויען-באַראַק נומער פינף, ווי מסתמא אין אַנדערע באַראַקן, נאָכן פאַרלעשן דאָס ליכט, ווען די פרויען זענען געלעגן אויף די נאַרעס, גרייט צום איינשלאָפן, זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאָלגענדע ווערטער:

— אַצינד וועט ער זי דערהרגענען, — האָט עמעצנס נאַכטיק קול געזאָגט אין דער פינסטערניש.

— ווער ווענען?

— עדגאַר — מאַריע פיאָדאָראָוונען, — האָט אַן אומעטיק קול געענטפערט. — וואָרים זי האָט זיך אים אין וועג געשטעלט.

דער שלעפער איוואַן אָזשאָגאָוו איז גערעכט געווען, זאָגנדיק, אַז אין יעדן פרויען-באַראַק, — אויב עס פאַלט אויס אויף אַ באַראַק איינאונזיבעציק פרויען, — געפינען זיך איינאונזיבעציק פלאָגן, — אַזוי על-כל-פנים האָט אויסגעזען. די פרויען, אויסגעגלייכט מיט די מענער אין זייערע בירגערלעכע רעכט, זענען אָבער נישט אויסגעגלייכט געוואָרן דורכן לעבן, דורך דער ביאָלאָגיע, כל-זמן די קינדער זענען געבליבן ביי די מוטערס. אין די באַראַקן האָבן זיך געפונען נישט חתונה-געהאַטע פרויען, — עלטער פון פערציק יאָר, — זקנות; פון דרייסיק ביז פערציק — אלמנות מיט קינדער; פון צוויי־און־צוואַנציק ביז דרייסיק — אַלטע מיידלעך; יינגער פון צוויי־און־צוואַנציק — מיידלעך, וועלכע ס׳האָט געוואַרט אַ צוקונפט אין די באַראַקן. וועגן גורל פון די אַלע פרויען האָט דעצידירט דער מאַנגל אין מענער, און עס איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס אין די פרויען-באַראַקן האָט געהערשט אַ גרויסע שפּאַנונג אויפן געביט פון דער געשלעכט-פראַגע.

— ער האָט געטראַכט און געטראַכט: פאַר אַ קאָמוניסט איז נישט פּאַסיק זיך צו שלאָגן איבער אַ פרוי און ליידן צוליב דעם. אויב דו האָסט ליב, — טאָ לעב-זשע דיר מיט דער פרוי געזונטערהייט אָפן, און גיי נישט מיט באַהאַלטענע וועגעלעך, ווי אַ גנב. —

די פרוי האָט גערעדט אין רעטשיטאַטיוו, מיט אַ האַלב קול, ווי מ׳כ׳ן דערציילט אַ מעשהלע, אַזוינס, וואָס אַלע ווייסן שוין און עס הייבט אָן ווערן לעגענדע, — און זיין געדולט האָט געפּלאַצט. ער האָט זיי אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט און זיי געזאָגט מיט אַ שטילן און מילדן טאָן...

— ווי דאָרט — מילדן !... אַלע זענען זיי נישטן, הונטסקעפּ ! מען קאָן פון זיי ווי פון הינט זיך נישט אָפּטשעפּען, — כאָטש דו ווייסט, וואָס עס וואַרט אויף דיר, קריכסטו דאָך אַליין און ווייסט דערנאָך נישט ווי אַזוי די אויגן מיטן בויך פאַר מענטשן צו באַהאַלטן ! אַלצאיינע הינט זענען זיי אַלע.

— אַצינד וועט ער זי דערהרגענען, — האָט דאָס האַרטע קול אין דער פינסטערניש איבערגעחזרט.

— וואָס איז דאָס אַזוינס ! — האָט איינע פון די פרויען בייז זיך אָנגערופן. — זיי לאָזן דאָך אונז נישט דורכגיין, רייסן די האָר פון קאָפּ, זעט, וויפיל זיי זענען זיך דאָ אויף די לאָנקעס צונויפגעלאָפן.

— אַצינד האָט זי זיך אים אין וועג געשטעלט.

— הערט אויף, מיידלעך, צו רעדן נאַרישקייטן ! — האָט זיך דערהערט אַן ערנסט און שטאַרק קול. — און אויף וואָס עקזיסטירט די פרויען-אָפּטיילונג ? וואָס איז דאָס אַזוינס, מיר זענען נישט קיין מענטשן, צי וואָס ? די רעוואָלוציע איז געווען פאַר אַלע !...

— ער האָט זיי אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט און מיט אַ מילדן טאָן...

— מילדן טאָן ! און וואָס קומט פאַר אַרום ? די פויערן האָבן די אייגענע ווייבער אין די דערפער איבערגעלאָזט, טשעפּען זיך צו אונז, און מיר ליידן פון דעם. מיר האָבן זיי נעכטן שיער די ביינער צעבראָכן, די טייוולאָנים.

אין באַראַק, אין דער פינסטערניש, האָט געשמעקט מיט גומע, מיט שוויס, מיט געמיינעם פערפומירטן זייף. עס האָט זיך צעוויינט אַ קינד, אַ צווייטס האָט אָפּגעענטפערט. מען האָט

אָנגעצונדן דאָס שוואַך־לייכטנדיקע נאַכט־לעמפּל, דאָס עלעקטרישע ליכט האָט באַלויכטן לענינס פּאָרטרעט, דעם קראַנץ פון פּאַפּירע־נע בלומען אַרום דעם פּאָרטרעט און דעם קאָפּ פון אַ פרוי, אָנגע־בויגן איבער אַ קינד.

אין דער זעלבער צייט האָבן די שלעפּערס געפירט אַ שמועס אין דער הייל ביים ציגעלניע־אויוון. ביים ברעט, וואָס האָט גע־דינט פאַר אַ טיש, איז געזעסן דער אַלטער סיסאָיעוו פון אַקאַטיעוו, דער זעלבער, וואָס האָט אין אַכצענטן יאָר זיך צוגענומען דאָס מאַהאָן־מעבל פון הויף. דער דזשאַד נאַזאַר איז געקומען זיך זעען מיט זיינע זין, — מיט די יינגערע, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער בויאונג, און דעם עלטערן, וואָס איז געוואָרן אַ שלעפּער.

דער גרויער דזשאַד האָט געזאָגט צום זון:

— און אָט אַזוי לעבט איר אייך דאָ אין דער הייל?

— אַוודאי, — האָט דער זון געענטפערט.

— הער נאָר, זון! דאָס איז אמת, אַז דער טייך וועט אָנ־הייבן פליסן צוריק?

— אומבאַדינגט!

— הער נאָר!... עס האָבן געלעבט די זיידעס, עס האָבן געלעבט די עלטערזיידעס, און תמיד זענען מיר געשוואומען מיט די טראַטוועס פון דער אָקע אין דער וואָלגע אַריין, טויזנט יאָר געשוואומען, און אפשר מער, זיך געלערנט פון קליינוויז אָן קענען יעדעס בערגל, יעדן שטראָם, דעם, וואָס הינטער קאָלאָמנע, און דעם, וואָס הינטער קאַסימאָוו, פון אייביקע צייטן אָן געלעבט פון טייך. און אַצינד וועט, אבֿנים, אַ סוף נעמען צו אונזער לעבן, די אָקע וועט מער נישט פליסן נישט הינטער ראַזאַן, נישט הינטער מוראָם, נישט הינטער יעלאַטמע. גיב נאָר אַ טראַכט!... וואָס וועט ווערן פון אונז, אויב נישט בלויז, ווי מען זאָגט, די אָקע וועט נישט זיין, נאָר אפילו אַקאַטיעוו אַליין וועט אויך פאַרגאָסן ווערן. דאָס איז דאָך

עק וועלט! — וואָס־זשע, מיר וועלן דערטרינקען ווערן צוזאַמען מיט אַקאַטיעוו?

— דערטרינקען ווערן, טאַטע, וועט מען נישט. דער טייך אַנטשטייט אויף אַן אָביעקטיוון אופן. דערפאַר טאַקע קומט דאָך פאָר די רעוואָלוציע, אַז דער טייך זאָל אָנהייבן פליסן אויף אַ נייעם שטייגער, און אַקאַטיעוו וועט זיך טאַקע אָפּרוקן פון טייך ערגעץ אַנדערש. ער איז געווען טויזנט יאָר — און איז מער נישטאָ, — מען דאַרף אָנהייבן אויפסניי. אָט דאָס טאַקע, טאַטע, הייסט אַן אָביעקטיווע רעוואָלוציע. און דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק וועט נישט דערטרינקען ווערן.

באַלד נאָכן דזשאַד נאַזאַר איז אין דער הייל אַראָפּגעקו־מען זיין יינגערער זון סטעפּאַן, נישט קאָנענדיק לכתחילה גאָרנישט דערזען אין דער פינסטערניש. וואַסיל, דער עלטערער ברודער, וועלכער האָט אין דער הייל צוגעקריגן דעם נאָמען פּאָזשאַראָוו, האָט איראָניש געזאָגט:

— עס איז געקומען דער צייטונגס־מיטאַרבעטער, שרייבער און דערפינדער. איך בין נישט קעגן, דעם טייך דאַרף מען אומבאַדינגט אויסדרייען צוריק, — דאָס איז אמת. אָבער דו ווילסט דאָך ווערן אַ רעגירער... איך האָב דיך געבעטן, דו זאָלסט מיט מיר גיין כאַפּן פיש, לאָזסטו דיך דערצו בשום אופן נישט אָנרעדן. און פאַר דעם געלט, וואָס מיר וואָלטן אָפּגעלייזט פאַר די פיש, וואָלטן מיר געקאָנט מאַכן אַ עקאָסיי קיין אַקאַטיעוו און אויפשטעלן אַ בריק הינטער גאָלובאָוו.

סטעפּאַן האָט מילד געענטפערט דעם פאָטער:

— ביסטו דאָך דאָ געבליבן, טאַטע. קום בעסער אין קול־טורעלן טיי־הויז אַריין. און מיט דיר, וואַסיאַ, וויל איך מיך נישט שפּאַרן, פאַר אונז וועט עדות זאָגן אונזער אַרבעט. אין בראָניק בויט מען אַ פאַבריק? אין פּיאַסקי און אין וואָסקרעסענסק בויט מען כעמישע אַנשטאַלטן? אין דער קאָלאָמנער מאַשינען־פאַבריק האָט מען אויפגעבויט נייע דיזעל־אויוונס, אַזוי גרויס ווי האַלב

קאָלאָמנע? מיט דיר, וואַסיאַ, וויל איך מיך נישט שפּאַרן. איך שפּאַר מיך נישט מיט דיר, וואַסיאַ, — דו שטרעבסט צום קאָמוניזם, — נאָר אייך אַלע פעלט אַ קלעפּקע אין קאָפּ, משוגעים זענט איר. איר האָט מורא פאַרן לעבן. און מיר בויען עס — מיט אַרבעט, און נישט מיטן געלט פון פּאַרקויפטע פיש. מיר לעבן אָן מורא. וואָלסט בעסער אויפגעהערט, וואַסיאַ, מיט דעם משוגעת דיינעם.

— נאָכוואָס ביסטו דאָ געקומען? וועסט ווידער אָנשרייבן וועגן אונז אין דער צייטונג, אין דעם בלאַט דיינעם מיטן נאָמען „דער נייער טייך”? — האָט דער עלטערער איראָניש געזאָגט.

— דער נייער טייך וועט פאַרגיסן דאָס אַלטע לעבן, און די מענטשן וועלן בלייבן און וועלן מוזן לעבן אַנדערש. קריך אַרויס פון דאַנען, איר לעבט דאָך דאָ, ווי מוילווערף. איך בין געקומען נאָכן טאַטן, קום־מיט מיט אונז אין קולטורעלן טיי־הויז אַריין.

— דאָרט קריגט מען נישט קיין בראָנפן.

— אַוודאי נישט.

— סטעפּאַן, סטעפּאַן, — האָט דער אַלטער געזאָגט, — און אַקאַטיעוו וועט אויך פאַרגאָסן ווערן?... סטייטש, שוין הונדערטער יאָרן...

— ווידער דאָס אייגענע. זיכער פאַרגאָסן ווערן.

בשעת די זין האָבן געשמועסט מיטן אַלטן, איז אין דער הייל אַראָפּגעקומען איוואַן קאַרפּאָוויטש אָזשאָגאָוו. דער חבר אָגניעוו האָט אָנגעגאָסן בראָנפן, די שלאָפנדיקע האָבן פון דער פינסטערניש זיך צוגערוקט צום טיש, אויסגעזעצט טשיפּקע און אויסגעלייגט אין אַ רעדל.

— איר רעדט נישט וועגן דעם, וואָס איז צום וויכטיקסטן, חברים, — האָט אָזשאָגאָוו געזאָגט. — היינט צוועלף אַ זייגער, מיטאָגצייט, האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש סאַדיקאָוו געזאָגט עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָן וועגן אַ נייער מאָראַל, און מיר אַלע דאַרפן וויסן וועגן דעם און האָבן אַן אייגענע מיינונג... אַלע געפינען מיר

זיך אונטער די רעדער פון דער געשיכטע, לאָמיר־זשע זיך היטן, אַז זיי זאָלן אונדז נישט די ביינער צעברעכן, ווי מאַריע פּיאָדאָראָווגען.

ציגעלניעס דערמאַנען תמיד אָן פאַרלאָזטע און האַלב־חרובע ערטער.

דאָ, ביים אויוון, איז געווען זייער דושנע, פינסטער און ברודיק, — און אינדערהייך, אויף דער ערד, האָט געבליט דער מאַי, — עס איז נישט געווען צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די מענטשן גייען נישט אַרויס פון דער הייל אויף דער פרישער לופט, אויפן גראָז, אונטערן פרייען הימל, — אַפנים דער מאַי און דער אויס־געשטערנטער הימל האָבן זיי אויסגעזען, ווי די זעלנערישע בריוו, וואָס ווערן געשריבן פון דאָרף אין די קאָשאַרן אַריין. און דער בין־השמשות פון דעמדאָזיקן מאַי־טאָג איז געווען אַ מילדער און שיינער.

פאַרנאַכט איז דער שלעפער איוואַן אָזשאָגאָוו געקומען אין זיין באָד אַריין און לאַנג געשטאַנען אויפן הויף, אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אָן טירל פון גאָרטן, מיט צעשפּרייטע פיס און אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף דער האַנט, — זיינע צעטראָגענע אויגן האָבן אויסגעדריקט אומעט און איינצייטיק גליק. אין לאַסלאָס צי־מער האָט נישט געברענט קיין ליכט, דאָרט האָט געהערשט שטילקייט, — ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

די אַרויסרוף־הענטשקעס פון דער מיטלאַלטערלעכער ריטער־לעכקייט ווערן אָפּט פאַרביטן אין געיעגן אויף וועלף, און די פאַקטן פון מאָראַלישן כאַראַקטער, וואָס קומען פאָר אין די קאָלאָמ־נער דערפער, זענען אויך אַזוי באַגרינדעט, אויך אַזוי וויכטיק, ווי די אויפרייסן פון די שעדיקער אין די פאַבריקן, קוילנגראָבנס און טייכן. דער ברייטער בין־השמשות האָט זיך פאַמעלעך גע־לאָשן, ביז ער איז ענדלעך איבערגעגאַנגען אין נאַכט. אויפ־שטעלנדיק די האָר פון זיין פעל און שטשירענדיק די ציין, איז

דער וואָלף מחויב בשעת אַ יאַגד אָדער זיך דורכצוּרייסן דורך די פּענדלעך, כּדי צוּ ראַטעווען זיין לעבן, אָדער צוּ פאַלן פוּן אַ קויל, כּדי צוּ פאַרלירן דאָס לעבן: ביטער איז, ווען מען כאַפּט דעם וואָלף אַ לעבעדיקן, — דעמאָלט זעצט מען אים אַריין אין אַ שטייג, זיינע ציין זאָלן צעקרישלט ווערן אָן די פּרענטן פוּן דער שטייג, און די האָר זאָלן אים אויסקריכן.

ווען די נאַכט האָט פאַרשטעלט דעם בין־השמשות, איז עדגאַר איוואַנאָוויטש אַהיימגעקוּמען. זיין שוואַרצער הוּט מיט די ברייטע ראַנדן איז אים געווען אַראָפּגערוקט איבער די אויגן.

אין לאַסלאָס וואוינונג איז קיינער נישט געשלאָפן, אָבער אין קיין שום צימער האָט נישט געברענט קיין ליכט.

אַלע טירן פוּן הויז זענען געווען געעפנט. אין הויז איז קיינער נישט געשלאָפן, נאָר עס האָט געהערשט אַ שטילקייט, — נישט קיין צוּפעליקע, ווי עדגאַר איוואַנאָוויטשן האָט זיך געדאַכט. לאַסלאָ איז אַריינגעגאַנגען אין קאַבינעט. די ווענט פוּן קאַבינעט זענען פאַרשטעלט געווען מיט ביכער. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אָנגעצוּנדן אַ ליכט, די שיין פוּן ליכט האָט זיך אויפגעהויבן ביזן סוּפיט, באַלויכטן די ביכער. און באַלד איז אין קאַבינעט אַריינגעקוּמען אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זי דערזען, דאָס ווייב, די מוּטער, דעם פריינט, די פרוי, וועלכע האָט אים אַוועקגעגעבן אַלץ, וואָס איר איז געבליבן; וועלכע האָט זיך באַוויזן אין זיין לעבן צוּזאַמען מיט זיין יוּגנט; וועלכע האָט דורכגעמאַכט צוּזאַמען מיט אים זיין וועג און דעם וועג פוּן דער רעוואָלוּציע דורך די רוּסישע „ימים איבער די קני" און דעם שפּיל va banque מיטן לעבן, — די פרוי, וועלכע האָט דורכגעמאַכט מיט אים איר לעצטן לעבנס-וועג — פוּן די ערשטע קנייטשלעך אַרום די אויגן ביז ליסעס פּוּפּציקיעריקער צערטלעכקייט, — לאַסלאָ האָט דערזען דעם גאַנצן וועג, וועלכער איז געבליבן הינטער

דער טיר, ווען אין צימער איז אַריינגעקומען אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. געווײנטלעך פלעגט זי אין דער שעה אַריינקומען צו אים מיט אַ ליכט אין דער האַנט, אין שלאָפראָק, — אַצינד איז זי אַריינגעקומען אין שוואַרצע רייזע-מלבושים, מיט אַ ווייס, נישט צעקנייטשט טיכעלע ביים מויל.

— איך הער דיך, עדגאַר, — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געזאָגט, שטייענדיק אויף דער שוועל און נישט פאַרמאַכנדיק די טיר, וואו הינטער דער מאַמעס פלייצעס איז אין טונקלקייט פון שכנותדיקן צימער געבליבן ליובאָוו פּימענאָוונאַ, וואָס האָט שוין געוואוסט פון דער מוטער דאָס נייעס, ווענן וועלכן סאַדיקאָוו האָט איר נישט געזאָגט אפילו קיין וואָרט.

דאָרט, אויף יענער זייט גרענעץ, אין דער יוגנט, וואו עס איז נאָרוואָס צעגאַנגען דער שניי פון דער קינדהייט, זענען געוואַקסן בלימעלעך, וואָס ווערן אין די באָטאַנישע לערנביכער אָנגערופן גאַלאַנטוס, — עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיי געקליבן אין דער קינדהייט. די זעלבע בלימעלעך זענען געוואַקסן אין פעלד, ביי די שוצגראָבנס. ריזיקירנדיק מיטן לעבן, איז עדגאַר איוואַנאָוויטש דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען פון שוצגראָבן, כדי צו שיקן אַזאַ בלימעלע אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען. די זעלבע בלימעלעך זענען אַצינד געשטאַנען אויף זיין טיש, אים נעכטן געשענקטע דורך ליסען, אָנגעריסענע אין גאָרטן, די ערשטע זומער-בלימעלעך, — ליסע האָט זיי דעם פאָטער געשענקט, ווען ער האָט איר דערציילט דאָס מעשהלע וועגן בער, וואָס שניידט אונטער די צווייג, אויף וועלכער ער זיצט, און ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז דער מאַמעס מעשהלעך זענען שענער, ווייל זיי זענען מיט בילדלעך, און ביים טאַטן זעט זי גאָרנישט. די בלימעלעך, וואָס ווערן אָנגערופן אין די באָטאַנישע לערנביכער גאַלאַנטוס, זענען געשטאַנען אין אַן ערדערן טעפּעלע לעבן ליכט.

— ווי ס'זעט אויס, ווייסטו שוין וועגן אַלץ, אָלגאַ? — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געפרעגט.

— איך ווייס פון אָזשאָגאָוון, — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ

געגענטפּערט, אָבער איך וויל וויסן פון דיר.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונעס ליפּן זענען געוועזן שמערצלעך פאַרקרימט — גאָר אַנדערש, ווי אַמאָל אויפן פּראָנט פון דער רו־סישער רעוואָלוציע, ווען זי האָט מיט די אייגענע פינגער זיך אַרויסגענומען דאָס שטיקל גראַנאַט פון דער וואונד. אירע הענט האָבן זיך אויפגעהויבן צום מויל, דאָס נישט צעקנייטשטע טיכעלע האָט פאַרקוועטשט אירע ליפּן.

— מאַמע ! — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ אַ געשריי געטון און שטיין געבליבן אויף דער שוועל.

דאָרט, אויף יענער זייט גרענעץ, האָט ליסע געקאָנט פאַר־טיידיקן די מוטער. „גוט", — האָט זי געזאָגט, — „אָבער דער מאַמעשיס מעשהלעך זענען מיט בילדלעך, און ביי דיר זעט מען גאָרנישט, ווי אַזוי דער בער שניידט אונטער די צווייג !" — די גאַלאַנטוסן האָבן געבליט און וועלן בליען, ווי לאַנג די ערד וועט עקזיסטירן, נאָך טויזנטער יאָרן, ווי עס וועלן טויזנטער יאָרן נאָך לעבן מענטשן, ווייל אַליסאַ לעבט, — אָבער ער, עדגאַר, און זי, אָלגאַ, — וועלן אַוועקגיין פון דער ערד, כּדי אויפגעפרעסן צו ווערן פון די בית־עולם־ווערים, אָדער דורכצומאַכן די לעצטע קרעמאַטאָריע־קאָנוואולסיעס, און דאָס וועט געשען דעמאָלט, ווען די האָר וועלן אים שוין אינגאַנצן ווייס ווערן, די ציין וועלן אַרויספאַלן, די הויט וועט פאַרוועלקט ווערן און עס וועלן פאַר־וועלקט ווערן די געדאַנקען, — און איבער דער צייט וועלן די גאַלאַנטוסן אַלץ בליִען און בליִען.

— הער נאָר, אַליסאַ, — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געזאָגט און שטיל געבליבן.

— מיר הערן, מיר הערן, — האָט געזאָגט ליובאָוו פּימענאָוו־נאַ, — אָבער איר רעדט נישט מיט ליסען, נאָר מיט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען.

— הער, אָלגאַ, — האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש זיך אויסגע־בעטערט און אָנגעהויבן רעדן, זיך אומקערנדיק פון יענער זייט גרע־נעץ. — דו ווייסט שוין אַלץ. איך מוז דיר זאָגן, אַז אַלץ איז גע־

ענדיקט. פּיאָדאָר האָט געהאַנדלט אַכזריותדיק און איידל, ווי דאָס פֿאַרלאַנגט די קאָמוניסטישע מאָראַל. משפּט מיך, ווי דו ווילסט, איך קאָן־נישט נישט אָננעמען זיין אַרויסרוף. איך קאָן נישט אַוועקוואַרפֿן אַ פֿרוי, וואָס איז מיר איידל איבערגעגעבן און מיט וועלכער איך בין אין אַ געוויסער צייט נישט אויף קיין גאַנץ איידעלן אויפֿן נאָענט געווען. גלייב מיר, אַז מיר איז צום שווערסטן. משפּט מיך, ווי דו ווילסט.

— גוט, — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ שטיל געזאָגט און זיך געזעצט אויף דער שטול ביים טיש. — מאָרגן וועל איך מיט מיינע טעכטער אַוועקגיין פֿון דיר.

— קום פֿון דאַנען, מאַמע, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ הויך געזאָגט און זיך געשטעלט הינטער דער מוטער.

אונטער אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגעס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ געדיכטע נעץ פֿון קנייטשן, — לויטער איז געווען אין איר צער די פֿרוי, וואָס אירע שוואַרצע אויגן האָבן געלויכטן מיטן בלוי פֿון רוסישן הימל. די יאָרן רוקן זיך מיט אַ בלייערנעם טריט. די באַקנביינער און אָרעמס פֿון די מענטשן קאָנען פֿוילן. אָלגאַ, — דאָס ווייב, די מוטער, די פֿריינדין, — די פֿרוי, וואָס האָט זיך באַוויזן אין זיין לעבן צוזאַמען מיט זיין יוגנט, וואָס האָט אַלץ אָפּגעגעבן זייערע געמיינזאַמע צילן, — מאַי־נעכט קאָנען זיך פֿאַרוואַנדלען אין סעפּטעמבער, אין סעפּטעמבערדיקע שלעפּערס, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געוואוסט, אַז אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ קאָן נישט ווערן קיינעמס געליבטע. מאַריע האָט יאָ איינגעשטימט צו זיין אויפֿן צווייטן פּלאַן, — אַזעלכע פֿרויען טויגן נישט פֿאַר קיין ווייבער. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע כּוחות אויפֿצושטיין פֿון דער שטול.

— גוט, — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ געזאָגט, — מאָרגן וועל איך אַוועקגיין פֿון דיר מיט די טעכטער, כּדי צו ראַטעווען דיין ערע, אויב דידאָזיקע ערע פֿאַרלאַנגט דאָס אַוועקוואַרפֿן אַ טאָכטער מיט אַן אַלט ווייב.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ האָט אָנגענומען מיט דער האַנט דעם

לייכטער, כּדי צוצונעמען דאָס ליכט, ווי זי פּלעגט תּמיד טוען, אַרויס־גייענדיק פון מאַן. דאָס ליכט האָט אַ שימער געטון און אים דערמאַנט אָן דער אַמאָליקער געלער, פּאַראייטערטער הימל־שטראַלונג. דאָס ליכט איז געבליבן אין אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונעס האַנט, און ס׳איז נישט גע־ווען צו וויסן, וויפיל צייט עס איז אַריבער אין שטילשווייגן, — עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געזען ווי אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אָנגע־נומען דעם לייכטער און ווי איר האַנט איז אינגאַנצן פאַרטריפט געוואָרן מיט סטעאַרין. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נאָך געהאַט כּוח, האָט אָנגעשטרענגט איר גאַנצן כּוח, אויפצוהייבן דעם קאָפּ און דאָס ליכט.

— יאָ, אָלגאַ, איך מוז. כ׳בין קודם־כּל אַ קאָמוניסט. איך מוז דערשטיקן מיינע געפילן.

— איך בין אויך אַ קאָמוניסטין, עדגאַר איוואַנאָוויטש, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ אויסגעשריגן. — איר דאַרפט באַקעמפן אייערע געפילן.

— זיי געזונט, אָלגאַ, האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געזאָגט.

— מיר האָבן דורכגעלעבט צוזאַמען פערצן יאָר, עדגאַר, — וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס — פליכט.

— איך קאָן נישט אַנדערש האַנדלען, אָלגאַ, יאָ, דאָס איז מיין פליכט.

— גוט. דו וואַרפסט מיך אַוועק מיט דער טאָכטער. געזעגן דיך מיט אַליסען. ס׳איז דיר נישט קיין שאָד ? — צי וועסטו דיר אַליין אַן עצה געבן ? — צי איז דאָס אַ פליכט לגבּי דער רע־וואָלוציע ?

— מאַמע ! — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ אַ געשריי געטון. — איך בין אויך אַ קאָמוניסטין, עדגאַר איוואַנאָוויטש, פּונקט ווי איר ! — ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געוויינטלעך געזאָגט עדגאַר איוואַ־נאָוויטשן דו. — מאַמע, גיי אַרויס פונדאַנען, איך וועל מיך דורכ־שמועסן מיט עדגאַר איוואַנאָוויטשן. איך בין אויך אַ קאָמוניסטין, עדגאַר איוואַנאָוויטש. דאָס אַלץ, מאַמע, האָט זיך נישט פון היינט אָנגעהויבן. איך פאַרשטיי נישט וועגן וואָס פאַר אַ פליכט איר

רעדט, אויב מאַריע איז צוגעגנבעט געוואָרן נאָך מיט עט־לעכע יאָר צוריק. אייער ערע, עדגאַר איוואַנאָוויטש, איז די ערע פון אַ פּחדן און אַ גנב, וועלכער אָנערקענט גנבה.

און דעמאָלט האָט די מוטער אויסגעשריגן:

— ליובאַ, ווי וואַגסטו אַזוי צו רעדן מיט אַ טאַטן?

— ער איז נישט פאַר מיר קיין טאַטע און נישט קיין חבר! — האָט ליובאָוו געענטפערט. — מיר האָבן בלויז געוואוינט אונטער איין דאַך.

— ליובאַ, דו דאַרפסט נישט אַזוי רעדן, — גיי אַרויס פונ־דאַנען, ליובאַ. איך ווינטש דיר אַלדאָס גוטס, עדגאַר, זיי מיר מוחל.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געשטאַנען מיט געבויגענע אַקסלען.

— ניין, צוואָס, זאָל ליובאַ בלייבן. זי זאָגט אמת, איך ווייס דאָס אַלץ בעסער פון איר. איך פאַרשטיי אָבער אויך די רעוואָ־לוציע בעסער פון איר.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נאָך געפינען אין זיך גענוג כּוח אויפצוהייבן דאָס ליכט. זי איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט, האַלטנדיק אין דער האַנט דאָס ליכט, וואָס עדגאַר איוואַנאָ־וויטש האָט אָנגעצונדן, און איבערגעלאָזט דעם קאַבינעט אין פינ־סטערניש. די טאָכטער האָט אַרומגענומען די מוטער ביי די אָרעמס, די מוטער איז געגאַנגען גלייך, טראָגנדיק פאַר זיך דאָס ליכט. די מוטער האָט זיך געזעצט אויף אַ טאַבורעט אינמיטן ליובאָוו פּימענאָוונעס צימער, און די טאָכטער האָט אַנידערגעקניט פאַר דער מוטער, צוועקלייגנדיק דעם קאָפּ און די הענט אויף דער מו־טערס קניען. הינטערן אָפענעם פענסטער האָט אַ נאַכטיגאַל אין גאָרטן געזונגען אירע לעצטע לידער, און פון הינטער די ביי־מער איז אויפגעגאַנגען די לבנה, דער אייביקער פאַלשער עדות פון געפילן. די מוטער איז געזעסן זייער גלייך, מיט דער האַנט ביים מויל, מיטן ליכט אין דער רעכטער האַנט. דאָס הויז איז פאַרזונקען אין שטילקייט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז לאַנג געשטאַנען לעבן פענסטער,

ביים טיש, דער קאַבינעט איז איינגעהילט געווען אין שטילקייט און פינסטערניש. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געפילט, ווי זיינע באַק־ביינער זענען פעסט צונויפגעוואַקסן מיט די אויגן, און די אויגן זענען באַשאַפן געווען צו זיין טעטיק, — ער האָט געוואוסט, אַז ער געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס קאָנען זיין טעטיק, ווי די אַסטראָנאָמען קאָנען וואַכן איבער די שטערן, צו יענע מענטשן, וואָס קאָנען שטאַרבן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן באַשלאָסן צו טוען.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אויסגעשריגן אין דער פינסטערניש פון צימער:

— ליובאָוו פימענאָוונאַ, איר זענט נישט גערעכט, וואָרים איך בין מחויב אונטערצוווארפן מיין ביאָלאָגיע דער עטיק, יאָ, מיינע אינסטינקטן! הערט, ליובאָוו פימענאָוונאַ, איך באַרעכטיק נישט מיין נעכטיקן טאָג, אָבער היינט בין איך גערעכט! און אָט פאַרוואָס — קודם־כל בין איך אַ קאָמוניסט!

עדגאַר איוואַנאָוויטשן האָט קיינער נישט געענטפערט. דאָס הויז איז פאַרטויבט געוואָרן אין שווייגן. די פרויען האָבן געהערט אין דעם שטומען שווייגן, ווי עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אין דער פינסטער זיך איבערגעטון, אַרומגעזוכט מיט די הענט אין די שופלעדער פון טיש, זיך געזעצט אויף דער סאָפע, — און געהערט זיינע טריט איבערן עסצימער און דער וועראַנדע אין גאָרטן אַריין.

דאָס טירל האָט אַ סקריפּע געטון, אַ פּישטש און אַ קנאַק געטון, זיך פאַרמאַכנדיק. אין גאָרטן האָט די נאַכטיגאַל נישט אויפגעהערט צו זינגען. דעמאָלט, אין פּעטערבורג, אין פּראָפעסאָר פּאָליעטיקעס וואוינונג, אין טאָג, ווען די מוטער האָט געזאָלט אָוועקגיין צו איר גליק, צו לאַסלאָן, — האָט ליובאָוו פימענאָוונאַ, די קליינע ליובאַ, אויך אַזוי אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער מוטערס קניען. דעמאָלט איז געווען גליק.

מאַריע פיאָדאָראָווגע איז געלעגן ווי אַ נעבעכדיק קעצעלע אין ווינקל פון דער סאָפע, ווען עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געקו־מען. וואָלף האָט אָנגעשטעלט די אויערן און אַמפּריינטלעך אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, ווען עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַריינגעקומען. מאַריע האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו באַגריסן עדגאַרן. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געווען ענערגיש, זאַכלעך און רויִק.

— האָסט געזאָלט קומען פינף אַ זייגער, — איך האָב גע־וואַרט אויף דיר אַ גאַנצן אָוונט און אַ גאַנצע נאַכט. דער אַנ־טיקוואַר שלאָפט. בלויז וואָלף איז לעבן מיר. ס׳איז מיר שרעקלעך דאָ אין דעם אויסטערלישן, פרעמדן הויז.

— זיי מיר מוחל, טייערע, וואָס איך בין געקומען פינף אַ זייגער. איך בין פאַרנומען געווען אויף דער בויאונג. מאָרגן וועסטו זיך איבערטראָגן צו מיר, מיר וועלן באַקומען אַ וואוינונג. מאָרגן וועלן מיר זיך ווייַלן, מאָרגן קומט אין קאָלאָמנער טעאַטער אַריין אַ מאָסקווער טרופּע, „דאָס קליינע טעאַטער״; איך האָב שוין געקויפט בילעטן. מען דאַרף אויפוועקן דעם אַנטיקוואַר.

— מען דאַרף אים נישט וועקן, גיי נישט אַוועק פון מיר, עס איז מיר שרעקלעך אַליין צווישן מענטשן. מיר האָבן אַזוי פיל צו שמועסן.

— ניין, פאַרוואָס? ער וועט מאַכן פאַר אונז טיי, — ווי הייסט ער? — אין אַ שעה אַרום מוז איך גיין צו דער אַרבעט, עס איז נישט לאַנג צו טאָג. און אויף שמועסן וועלן מיר אַצינד האָבן זייער אַ סך צייט.

דאָס צווייטע לעבן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין ערשטן. וואָלף איז געלעגן ביי מאַריעס פיס. די ערד פאַר זון־אויפגאַנג האָט אָנגעהויבן גרוי ווערן, און די שטאָט האָט אין אַ ווײַלע אַרום געדאַרפט אָנהייבן וואַיען מיט די גלאָקן, וואָס זענען אַראָפּגע־נומען געוואָרן פון די גלאָקן־טורעמס. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז פול געווען מיט מוט. דער אַנטיקוואַר האָט מכבד געווען זיינע געסט מיט בראָנפן.

די טייכן, וואָס ווערן באַוועגט דורך זייער אייגענער שווערקייט, פאַרמאָגן אין דערדאָזיקער שווערקייט אַן אומגעהייערע קראַפט. די אינזשיניערן ווייסן פון צענדליקער קאַטאַסטראָפעס, ווען די וואַסער-סטיכיע ווישט אָפּ שטעט און שלינגט איין טויזנ־טער מענטשן, צעשטערנדיק אַלץ אויף איר וועג. די הידראָ-אינ־זשיניערן נאָטירן דידאָזיקע קאַטאַסטראָפעס, זייערע דאַטעס, און יעדער הידראָ-אינזשיניער, וואָס האָט בייגעוואוינט אַזעלכע קאַטאַ־סטראָפעס, וועט אייך דערציילן, ווי אַזוי עס ווערן דורכגעריסן טאַמעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון גראַניט און בעטאָן. די־דאָזיקע טאַמעס האָבן אויפגעהאַלטן צענדליקער מיליאָנען קוביק־מעטער וואַסער. זיי ווערן צעריסן אויף פּיצלעך און פאַר־שווינדן אין משך פון אפשר צען מינוט. די טאַמעס קאָנען צע־ריסן ווערן, אי פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג, אי האַלבע נאַכט, אי מיטאָג-צייט, דערביי באַפרייען זיך די צעשטערערישע וואַסער־סטיכיעס. די כוואַליע שטייגט דעמאָלט אויף ביז פופצן מעטער די הייך און טראָגט זיך מיט אַ שנעלקייט פון הונדערט קי־לאָמעטער אין אַ שעה. דערדאָזיקער בלייערנער וואַסער-וואַל, די הייך פון אַ פיר-שטאָקיק הויז, וואָס צעגיסט זיך אויף צענדליקער קילאָ־מעטער, טרייבט גיכער פון אַ שנעל-צוג, צעשטערנדיק אַלץ אויף זיין וועג, — דערפער, שטעט, מענטשן, מענטשלעכע אַרבעט, רייסנדיק, ברעכנדיק און מיטטראָגנדיק מיט זיך אַלץ. באַלד נאָך דעמדאָזיקן וואַל, וואָס קומט אָנצולויפן מיט אַ טויב דונערן פון זיינע בלייערנע כּוחות, געשאַפענע דורך דער שווערקייט, ברעכן אויס שרפות פון די חרובע ציסטערנעס, שרפות, אַרויסגערופענע דורך קורץ-שלוס, שרפות אין די געהילץ-מאַגאַזינען, — די מענטשן ווערן דעמאָלט דול אונטער דער ווירקונג פון זייער מפּלה. אויב, אַלזאָ, דאָס וואַסער איז אַזוי שטאַרק, — מוזן דעריבער די מאָנאָ־ליטן פון די טאַמעס זיין נאָך שטאַרקער, כּדי אויפצוהאַלטן די קראַפט פון וואַסער. דידאָזיקע מאָנאָליטן ווערן געבויט דורך אינ־זשיניערן, — די אינזשיניערן דאַרפן קענען דורך טאַמעס באַ־הערשן דעם כּוח פון וואַסער. נאָכן אויסרעכענען די מאַטעמאַטישע

פּאָרמולעס, וואָס ווערן געשאַפן פון דער שווערקייט פון דער וואַסער־קראַפט, דאַרפן די אינזשעניערן קענען דידאָזיקע פּאָרמולעס פאַרוואַנדלען אין גראַניט, בעטאָן און אייזן. די אינזשעניערן דאַרפן שוצן דעם גראַניט פאַרן דרוק פון די כוואַליעס דורך פּרעציזער אויסרעכענונג פון דער ווידערשטאַנד־פעיִקייט פון דעמדאָזיקן גראַניט און געדענקען, אַז די אויפגאַבע פון די אינזשעניערן באַשטייט בלויז אין אונטערוואַרפן די פיזישע כוחות אונטער די געזעצן פון דער טעכניק.

עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ האָט אָנגעפירט מיט די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דידאָזיקע גראַניטן. יעדער הידראָ־אינזשעניער האָט אַ ביסל מורא פאַר וואַסער, ווייל ער קאָן דעם כוח דערפון. יעדן הידראָ־אינזשעניער איז אויסגעקומען צו האָבן שרעקלעכע חלומות, אין וועלכע ער זעט זיך שטיין, מיט הילפסלאָז אויסגעשטרעקטע הענט, קעגן אַ צעריסענער טאַמע, פון אונטער וועלכער דאָס וואַסער נעמט שפּאַרן מיט אַ שרעקלעכער קראַפט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז יעדן טאָג געווען ביי דער אַרבעט — דער מענטש פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז דורך איר געבוירן געוואָרן. חוץ די וואַסערן פון די טייכן מאָסקווע און זאַקע, זענען אויפן מאָנאָליט געפלאָסן אויך די וואַסערן פון דער געשיכטע, וואָרים דער מאָנאָליט האָט געדינט נישט בלויז די טייכן, נאָר אויך דער צוקונפט. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געוואוסט, אַז די טאַמע טאָר נישט דורכגעריסן ווערן, וואָרים אין דעם פאַל וואָלט זיין לעבן פאַרלוירן דעם אינהאַלט. זיין צייט האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש אויסגערעכנט, ווי דעם מאָנאָליט, וואו מען האָט נישט נעטאָרט קיין איין טראָפּן וואַסער נישט נעמען אין אַכט. די טעג אויף דער בויאונג האָבן זיך פאַרענדיקט מיט דער נאַכט צוגלייך. אַזוי זענען אַריבער אַנדערהאַלבן חדשים ביז מאַריעס טויט, די חתונה איז פאָרגעקומען ביים מאָנאָליט. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פאַרנומען פון אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווי-

נעס הויז אין זיין נייער וואוינונג אַריין אויף דער בויאונג זיינע וואַליזעס און ביכער. ער האָט זיי אַליין אַרויסגעפירט, אויפלאָדנ־דיק זיי אויף לאַסט־וואָגנס.

עס האָט געטונקלט, ווען די וואָגנס זענען אַרויסגעפאָרן פון די אַלטע סקודרינס הויף. דער הויף איז פאַרוואַקסן געווען מיט גרינעם מעך. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס נאָך די וואָגנס, ער האָט זיך געזעגנט אויף אייביק מיטן הויז און גרינעם מעך פון הויף. אויף דער גאַס ביים טירל איז גע־שטאַנען פיאָדאָר איוואַנאָוויטש. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך באַגריסט מיט לאַסלאָן און אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

— ציסט זיך איבער, — האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש גע־פרעגט.

— יאָ, איך צי זיך איבער, — האָט לאַסלאָ געענטפערט.

די אינזשיניערן זענען פאַרשוויגן געוואָרן.

— און איך וויל אַריינגיין צו אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען, — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט. — איך פיל מיך זייער פאַראייניזאַמט. איר איז אויך נישט בעסער. ליובאָוו פּימענאָוונאַ איז אין דער היים ?

— ביידע זענען אין דער היים. כ'האָב זיי נישט געזען, זיי זענען אין גאָרטן. צוואָס דער הומאַניטאַרער טאָן ?

דער מערב איז ביסלעכווייז געל געוואָרן. די וואָגנס זענען שוין אָפּגעפאָרן אַ היפּש שטיקל וועג. דאָס טויער איז געבליבן אָפן. סאַדיקאָוו האָט גאָרנישט געענטפערט. די פנימער פון די אינזשי־ניערן זענען אויך געל געוואָרן אין געלן זון־פאַרגאַנג. סאַדיקאָוו האָט געזאָגט :

— וואָס־זשע, צום ווידערזען, עדגאַר. דעריאָג די וואָגנס. איך וועל פאַרמאַכן דאָס טויער.

— דאָס איז ווידער הומאַניטעט ?

— כ'ווייס נישט, וואָס דו ווילסט זאָגן מיט דעם.

— זיי געזעגנט.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז נאָכגעגאַנגען די וואָגנס, נישט אומקוקנדיק זיך. דאָס טויער האָט אַ סקריפּע געטון הינטער זיי־נע פּלייצעס. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז פאַרשוואונדן הינטערן טויער. ער איז געגאַנגען אין גאָרטן אַריין, געגאַנגען שווער, מיט אַראָפּגעלאָזטע שווערע אַקסלען. קעגן פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן איז אַרויסגעקומען פון הינטערן גאָרטן־טירל ליובאָוו פּימענאָוונאַ אין ווייסן, פרילינגדיקן אָנטון. דער גאָרטן איז שוין פאַרזונקען אין גרינעם מאַי־בין־השמשות.

— קומט אַריין אין גאָרטן, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ געזאָגט, — לאָמיר לאָזן די מאַמע אַליין.

— און אפשר וואָלטן מיר ווידער געגאַנגען צום טורעם? — האָט סאַדיקאָוו געפרעגט.

ליובאָוו פּימענאָוונעס פּנים, דאָס ריינע מיידל־פּנים, איז געווען רויִק. זי האָט נישט געענטפערט. זי איז אַריינגעגאַנגען אין גאָרטן, זיך געזעצט אויף אַ באַנק. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך געזעצט לעבן איר און אַראָפּגענומען דאָס היטל. צווישן די ביימער, איינשלאָפנדיק אויף ביינאַכט, האָט אַ פּיפּס געטון אַ פויגל, אַ צווייטער האָט זיך צעזונגען.

— פאַרוואָס האָט איר מיר דעמאָלט גאָרנישט געזאָגט ביים טורעם? צי האָט איר מאַריען ליב געהאַט?

— יאָ, איך האָב זי ליב געהאַט. און נישט באַוויזן אפילו קיין איין מאָל איר צו זאָגן וועגן דעם, — האָט פיאָדאָר איוואַ־נאָוויטש געענטפערט.

— די מאַמע האָ געהאַט, זייער ליב געהאַט עדגאַר איוואַנאָוויטשן. — ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געשוויגן אַ ווײַלע. — איך האַלט, אַז כ׳בין נישט קיין שלעכטע קאָמוניסטין, און פונ־דעסטוועגן, ווען איך בין געווען אין פאַרבאַנד פון דער קאָמוניס־טישער יוגנט, האָבן די חברים תּמיד חוזק געמאַכט פון מיר. די

ליבע איז פאַר מיר — אי אַ קרבן, אי אַ הייליקייט, אי עפּעס שטרענגס. אין מיין לעבן וועט זיין בלויז איין מאַן.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אָנגענומען ליובאָוו פימענאָוו־נעס האַנט, געקוקט אויף איר אויפמערקזאַם — זיכער געוואָלט אַ קוש טון איר האַנט — און זי אָפּגעלאָזט.

— צי ווייסט איר, וואָס עס איז אַזוינס דאָס אויסבעטן מיט פאַשינע? — האָט ער געפרעגט. — עס ווערן גענומען צווייגן פון יונגע ווערבע־ביימער, זיי ווערן פעסט פאַרפלאָכטן אויפן שטייגער פון ווייבערישע צעפּ אָדער קרענץ און צוגעפּעסטיקט צום גרונט פון טייך. די אויסרעכענונג באַזירט אויף דעם, אַז דידאָזיקע צווייגן וועלן אויפקווען, אַריינוואַקסן אין גרונט, און אויף אַזאַ אופן פאַרפעסטיקן געוויסע נייטיקע טיילן פון טייך־באָדן. שוין דעם צווייטן טאָג הערט מיך נישט אויף כסדר צו פאַרפאָלגן אַ געוויסע נאַרישקייט, — ס'ווילט זיך מיר זיך אַליין פילן אויפן אָרט פון אַזאַ צווייג... איר ווילט נישט גיין מיט מיר צום טורעם?

— צום טורעם? — ליובאָוו פימענאָוונאַ האָט זיך פאַר־טראַכט און שטיל געזאָגט: — ניין, עס איז נישט כדאי, איך קאָן נישט.

אויף דער וועראַנדע איז אַרויסגעקומען אָלגאַ אַלעקסאַנ־דראָוונאַ מיט אַ טיכעלע אין דער האַנט, זי איז אַראָפּגעגאַנגען צו ליובאָוו פימענאָוונאַ און פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, זיך באַגריסט מיט אים, רעדנדיק מיט אַ האַרטער און רויקער קול, ווי עס איז פאַסיק געווען.

— קומט אויף דער וועראַנדע אַרויף טיי טרינקען, האָב אויפגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זייער הילפלאָז אַ שמייכל געטון צו סאַדיקאָוון. דאָס איז געווען דער אָוונט פון איר געזעגע־נען זיך מיט דער יוגנט, מיטן שפּעט־זומער. נאָך וועלכן עס האָט

גלייך געדאַרפֿט אָנקומען דער ווינטער. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אַרויסגעבריענגט דעם סאַמאָוואַר אויף דער וועראַנדע.

אין גאָרטן האָט זיך צעזונגען אַ פֿאַרשפּעטיקטע נאַכטיגאַל.

די טייכן, וואָס ווערן באַוועגט דורך זייער אייגענער שווערקייט, פֿאַרמאָגן אין דערדאָזיקער שווערקייט טאַקע זייער קאָלאָסאַלע קראַפֿט.

אין לאַסלאָס וואוינונג, אויף דער בויאונג, אין אַרבעטער-ישוב, האָט מען געהערט ווייט הינטער די פֿענסטער דאָס סאַפּען פֿון די עקסקאַוואַטאָרן און אין די פֿאַרנאַכטן ביי די באַרקעס — דאָס זינגען פֿון די אַרבעטער; אין די צימערן האָבן געשוויגן די סאָסנע-ווענט און ס'האָט געשמעקט מיט טערפּענטין, — אין דער פּוסטקייט זענען אויף אַ קופּע געווען אָנגעוואָרפֿן די וואַליזעס. מאַריאַ פּיאָדאָראָוונאַ האָט דאָ נישט געהאַט קיין פּאָרטפּיאַן. עדגאַר איוואַנאָוויטשס ביכער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין קאַבינעט אויף די פּאָליצעס אין זעלבן סדר, ווי זיי זענען געשטאַנען אין הויז פֿון די סקודרינס, און לעבן די פּאָליצעס ביכער איז אויך אַזוי ווי ביי די סקודרינס געשטאַנען אַ סאָפֿע. עדגאַר איוואַנאָוויטשס אַרבעטס-טעג זענען פֿאַרענדיקט געוואָרן שפּעט ביינאַכט. אַליסאַ האָט זיך נישט באַוויזן פֿון הינטער די ביכער אַפֿער. אויף דער שוועל האָט אים באַגעגנט מאַריע, די פֿרוי, וואָס איר הכנעה איז נישט געוואָרן איר קראַפֿט. אין הויז האָט געשמעקט מיט סאָסנע, און די צימערן, פֿאַרלייגט מיט וואַליזעס, האָבן געאָטעמט מיט פּוסטקייט. קיינער איז אין די צימערן נישט געקומען צו גאַסט. מאַריאַ פּיאָדאָראָוונאַ האָט אַוועקגעלייגט די הענט אויף עדגאַר איוואַנאָוויטשס אַקסל, ער

האָט זי געקושט אין שטערן און געגאַנגען זיך אָפּוואַשן. די הויז־אַרבעטערין, אַ קאָמסאָמאָלקע, האָט אַרויפגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר אויפן ליידיקן סאָסנע־טיש אין עסצימער.

און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכסטע. אין אַזעלכע שעהן פלעגן מאַן־און־ווייב, עדגאַר און אָלגאַ, שמועסן וועגן דעם, וואָס איז טויזנט מאָל הערלעכער פון געטען, — אין אַזעלכע שעהן האָט דער מאַן עדגאַר געעפנט זיין האַרץ, געהאַט עס פאַר זיך אויף דער האַנט, לעבן האַרץ פון זיין ווייב אָלגאַ. יעדן מאַן איז באַקאַנט דאָס גליק פון באַזיצן אַ פרוי, און יעדן מענטש איז באַקאַנט דאָס נאָך גרעסערע גליק פון באַהערשן אַ מענטשלעכע נשמה, — דאָס ווייב, איר קאָפּ, די האָר, דאָס קול, די רייד, — אַ פרויען־האַנט קאָן פאַרשטעלן די גאַנצע וועלט נישט בלויז אויפן גרונד פון די פיזיקאַליש־אָפּטישע געזעצן, זי קאָן זי אַזוי פאַרשטעלן, אַז די האַנט ווערט גרעסער פאַר דער וועלט. אין אַזעלכע שעהן איז עדגאַר איוואַנאָוויטשן צום קלאָרסטן געוואָרן, אַז מאַריאַ איז אים נישט נייטיק. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געוואָלט און נישט געקאָנט פאַרטרייבן פון זיך דעם געדאַנק וועגן דער בויאונג. מאַריע האָט זיך געפונען לעבן אים און אים אָפּגעגעבן אַלץ. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געזוכט אין זיך די ווערטער פון צערטלעכקייט, וועלכע ער האָט אַזוי פיל געהאַט פאַר מאַריען אַמאָל, — און זיי נישט געפונען, מאַריע האָט אים אַוועקגעגעבן איר גאַנץ וועזן, און ער האָט זי נישט געזען, נישט געהאַט פאַר זיך אויף דער האַנט, ווי אַמאָל. ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס האַרציקס, וואָס זאָל באַשטימט זיין בלויז פאַר איר, אַליין און געזאָגט:

— דו שטערסט מיר צו לייענען, מ**ערע, און האָסט ברודיקע פינגער. האָסט זיי פאַרברודיקט מיט טינט. האָסט עפּעס געשריבן?

— איך האָב געשריבן... יאָ, קיין שום באַזונדערס, — אַ טאָגבוך. ווילסט, וועל איך עס דיר ווייזן.

— ניין, צוואָס ? איך וויל מיך נישט אַריינמישן אין דיינע סודות.

מאַריע האָט געשוויגן, צוריקציענדיק די הענט, און שטיל געזאָגט :

— ניין, עדגאַר, דו ווילסט נישט לייענען דערפאַר, וואָס דיר איז גלייכגילטיק.

— ניין, פאַרוואָס ?

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געגייט געקושט מאַריעס אויגן, אָבער די קושן האָבן גאָרנישט געענדערט. די הויז-אַרבעטערין, די קאָמסאָמאָלקע, האָט אַראָפּגענומען דעם נישט אָנגערירטן סאַמאָוואַר. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געזען דעם מיידלס רויטע באַקן, וואָס זענען געווען נישט ווינציקער רויט, ווי איר טיכל אויפן קאָפּ, — איר ווייסע בלוזע, פאַרברודיקט אויף די ברוסטן, האָט אונטערגע-שטראָכן זייער בולטקייט, — דאָס מיידל איז געגאַנגען באָרוויס און געווען גוטמוטיק געשטימט. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זי געפרעגט מיט אַ שמייכל :

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס, דאַשאַ ?

דאַשאַ האָט שטענדיק געענטפערט מיט אַ געוויסער שטרענגקייט :

— עס הערט זיך דאָס, וואָס מען זעט.

עס האָט זיך דערנענטערט האַלבע נאַכט. אין צימער האָבן נישט געברענט קיין ליכט, זיי זענען פאַרטרעטן געווען דורך דער עלעקטריע. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין קאַבינעט אַריין. מאַריע איז אים נאָכגעגאַנגען. עדגאַר איוואַנאָ-וויטש האָט אויסגעלאָשן די עלעקטריע. די ביכער האָבן געגרייכט ביזן סופיט, פאַרשטעלט מיט זיך די ווענט, — די ביכער האָבן, ווי camerae obscurae, געוואָרפן דעם מענטשלעכן געדאַנק, ווי אַזוי מען האָט געוואָלט און אין וועלכער ריכטונג מען האָט גע-וואָלט. מאַריע האָט זיך געזעצט לעבן עדגאַרן אויף דער סאָפע.

— מאַריע, האָסט געלייענט געטען!

— זייער ווייניק.

— און שילערן, היינען!

— זייער ווייניק.

— איך פיל דיך לגמרי נישט, מאַריע, און זע דיך נישט אינגאַנצן. פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָשן דאָס ליכט?

— אין דער פינסטער ביסטו מיר נענטער, עדגאַר. און דאָס ליכט האָסטו אַליין פאַרלאָשן, דו געדענקסט נישט. דו ווילסט מיך נישט זען.

עס איז געווען אַ מענטש, דער מענטש האָט אים אָפּגע־געבן אַלץ — און ס'איז נישט געווען מער וואָס צו נעמען ביי אים. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכסטע: דער מענטש, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון צווייטן מענטש, אָפּגע־געבן אין דידאַזיקע הענט, איז געווען נישט בלויז אומנייטיק, נאָר — צולאַסט. דאָס ווייב אָלגאַ, איר געעלטערטער קאָפּ, איר וואַרעמקייט, איר צערטלעכקייט, האָבן געקאָנט נייגן אַ מענטשלעך וועזן אַרויפצולייגן דאָס אייגענע האַרץ אויף דער האַנט אין יענער מינוט, ווען עס ווערט קאָסמיש די רו און דאָס, וואָס האָט גע־געבן לעבן דער ברוין־האָריקער ליסען. אַ קני פון אַ פרוי קאָן אַמאָל זיין הערלעכער פון מאָן־בלאַן. און דעמאָלט, אָפּגעבנדיק אַלץ, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט אָפּגעבן, האָט מאַריע געזאָגט:

— דו האָסט מיך נישט ליב, עדגאַר!

— ניין, מיין ליבע, איך האָב דיך זייער ליב. פאַר דיר האָב איך מיין לעבן צעבראָכן.

— דו האָסט מיך נישט ליב, עדגאַר. איך ווייס אַלץ, עדגאַר. דו גלייבסט מיר נישט. איך בין דיר פרעמד. איך בין דיר נייטיק געווען ווי אַ געליבטע, אָבער פאַס מיך נישט פאַר דיר ווי אַ ווייב. איך האָב נישט געלייענט נישט מאַרקסן, נישט געטען. און איך וויל דיר גלייבן און קאָן נישט, און גלייב ניקעט, ווי דו מיר, — גלייבסט

נישט. איך בין געווען דיין געליבטע, ממילא קאָנסטו האָבן נאָך אַנדערע געליבטע, און איך אַנדערע ליבהאָבער, — ביידע קאָנען מיר דאָס באַשטעטיקן. איך האָב בלויז דיך אַליין, האָב דיך ליב, אָבער דו גלייבסט אין דעם אויך נישט. דו שווייגסט, עדגאַר.

— דו רעדסט נאַיִווע רייד, מאַריע. ס׳איז צייט שוין שלאָפן צו גיין, טייערע. דאָס אַלץ איז נאַרישקייט.

פון די ווענט האָבן די ביכער זיך געשטשירעט ווי גאָלדענע ציין אין די קינבאַקן פון די פּאָליצעס. עס זענען אַריבער עטלעכע מינוט אין שווייגן. און דעמאָלט האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש אָנגעהויבן רעדן ענערגיש, באַשווערנדיק, — זיינע אויגן האָבן געלויכטן, ווי עס האָבן זיכער געלויכטן די אויגן פון זיינע סטעפּ-זיידעס, ווען זיי האָבן געשוואוירן טרייקייט דעם קריסטלעכן גאָט, איידער די קאַטאָליקן האָבן זיי געפירט אויפן שייטער-הויפן, — עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אָנגעכאַפּט מאַריען ביי די אָרעמס, פון גערירטקייט זי צוגעדריקט אַזוי שטאַרק, אַז אין מאַריעס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון ווייטיק, און ער האָט געשריגן אין דער שטילקייט פון די צימערן:

— כ׳האָב דיך ליב, כ׳האָב דיך ליב, מאַריע, כ׳האָב דיך זייער ליב! טוליע דיך-צו צו מיר, לייג אַרויף דעם קאָפּ אויף מיינע קניען. איך וועל דיך קושן! איך וועל דיר לייענען אויפן קול, זאָלסט וויסן ווער געטע איז געווען? מיר זענען זיך די נאָענטסטע, צונויפגעשמידט מיט קייטן אויף אייביק, קיינער קאָן אונז נישט צעשיידן. מיר דאַרפן זיך קעגנזייטיק ליב האָבן, — דו הערסט? — מיר מוזן! — מיר האָבן זיך קעגנזייטיק ליב! מיר זענען צונויפגעשמידט!

און מאַריען איז באַפאַלן אַ שרעק. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זי געצויגן צו זיך, מיטן גאַנצן כוח זי צודריקנדיק צו זיין ברוסט. די פּאָליצעס האָבן געשוויגן מיט די ביכער, וואָס אַ גרויסע טייל פון זיי זענען שוין געווען איבערגעלייענט דורך עדגאַר איוואַנאָוויטשן, דעם מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גוטן זכרון,

שכל, ערודיציע, אַ גוט אָרגאַניזירטן ווילן און געהעריקע בילדונג. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט גערעדט וועגן דער רעוואָלוציע: די רעוואָלוציע מוז זיגן, — און געקאָנט דערביי אַזוי אָנשטרענגען דעם ווילן, אַז זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן קוקן אין חלל אַריין מיט יענעם בליק, וואָס זעט נישט דעם חלל.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז איינגעזאַפּט איינגעשלאָפן אויף דער סאָפע.

אינדערפרי האָט ער אויפגעוואַכט, ווען מאַריאַ איז נאָך געשלאָפן. די זון איז אין די יוני־טעג אויפגעגאַנגען דרייסט. די פרימאָרגן־טיי האָט דערלאַנגט דאַשאַ, אַרומדרייענדיק זיך באַגינען אַ האַלב אָנגעטוענע, אין אַ העמד פון זאַק־לייוונט. די זון האָט אַרויסגעצויגן די ערד פון די טוי־נעפּלען. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געשפּאַסט, שמייכלענדיק:

— נו, ווי גייען עפּעס די געשעפטן, דאַשאַ?

— די געשעפטן גייען גוט, — האָט דאַשאַ שטרענג געענטפערט.

די היגע מויד איז געקומען אויף דער בויאונג פון די שוואַרצערדישע קאַנטן צוזאַמען מיט די ערד־גראָבערס און איז געווען אַ קלאָרער ביישפּיל, ווי אַזוי אַ סעזאָן־אַרבעטער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּראָלעטאַריער, אַ אילוסטראַציע פאַר עדגאַר איוואַנאָוויטשס טעאָרעטישער אַרבעט. מיט איר נאַטור האָט דאַשאַ געשטעקט אין דער רוסישער שוואַרצערד. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיך פאַרהאַלטן אין קאַבינעט ביי די פּאַפּירן. אין קיך האָט דאַריאַ געזונגען איבער די פּאָטעלניעס אירע זינלאָזע לידלעך פון פאָלגענדן שטייגער:

„כ׳שטיי אין טויער, ס׳שמעקן בלומען
מיט אַ דופט אַ זיסן.
באַלד וועט מיין געליבטער קומען
און מיך טויט דערשיסן“.

פֿאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך באַהאַלטן הינטערן האָ־ריזאָנט, איז דאַריאַ געגאַנגען מיט די מיידלעך און ווייבער פֿון איר דאָרף זיך באָדן אין דער אָקע. זי האָט ווילד אַרומגעשפּאַסט אין וואַסער, און נאָכן באָדן געגאַנגען אין איר פּאַרטיי־קע־מערל, אין קלוב, אין קינאָ, כּדי אָנווענזנד צו זיין אויף אַ זיצונג, זיך לערנען, אָדער זי איז געגאַנגען אין די פּרויען־באַראַקן אַריין, וואו מען האָט בין־השמשות־צייט געזונגען לידער. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט דערפֿילט, אַז זיינע אויגן זענען אָפּן פֿאַר אָט דעם באָרוויסן, קורץ־נאָזיקן מיידל, וואָס איז פֿעסט פֿאַרבונדן מיט דער שוואַרצערד, מיטן קאָמסאָמאָל־קעמערל, מיט די קאָמ־סאָמאָלישע ענינים און די ביינאַכטיקע יוני־לידער. עדגאַר איוואַ־נאָוויטש האָט אייפֿערזיכטיק זיך צוגעהערט צום גרילץ פֿון שלאָס, ווען דאַריאַ האָט זיך אומגעקערט. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט אויסגעפֿרעגט דאַריען וועגן אירע קאָמסאָמאָלישע ענינים, — זי האָט אים געענטפֿערט מיט ווירדע.

דער טויט!

די אַקטריסע וויערא גריגאָריעוונאַ איז געשטאָרבן, ווייל די וויסנשאַפֿט האָט זיך נאָך נישט אויסגעלערנט באַקעמפֿן קראַנקהייטן, זי איז געשטאָרבן אויפֿן גרונט פֿון די ביאָלאָגישע געזעצן, און אויך דערפֿאַר, ווייל עס האָט זי דערהרגעט יעווגעני יעווגעניעוויטש פֿאָלטאָראַק. עס איז געווען אַ מענטש, עס איז געווען אַ קליינע וויעראַ, עס איז געווען אַ פּענסיאָן־מיידל, עס איז געווען אַ שילערין פֿון דער מאָסקווער פֿילהאַרמאָניע וויעראַ סאָלישטשעוואַ, עס איז געווען אַן אַקטריסע פֿון די פּראָווינציעלע טעאַטערס וויעראַ פּאָליעוואַיאַ, — עס זענען געווען עקזאַמענס פֿון ריטמיק. און ווען אַ מענטש שטאַרבט, פֿירט מען אים אויפֿן בית־עולם אַרויף.

און עס איז אויך געווען אַ קליינע מאַניאַ, עס איז געווען

אַ פּענסיאָן־מיידל מאַריאַ פּאָזדנישעווא. זי האָט געשפּילט די מו־זיק־קלאַסיקער, אירע טאַטע־מאַמע זענען אומגעקומען אין אייגענעם הויז, וואו זי איז געבוירן געוואָרן, איר ערשטער מאַן, וועלכער האָט זי מיטגענומען אין אַ נײַ לעבן אַריין, פאַרנומען מיט אַרבעט און זיינע ענינים, האָט נישט באַוויזן קיין איין מאָל איר קיין גוט וואָרט צו זאָגן, אַרום איז אַלץ פאַר איר פרעמד געווען, און דער שטאַרקסטער פּרויען־כּוח — איר מאַכטלאָזיקייט — איז קיינעם נישט נייטיק געווען. מאַריעס לעבן — דאָס לעבן פון דעררדאָזיקער קליינער פּרוי — איז געווען קליין, ווי זי אַליין, און האָט זיך באַגרע־נעצט מיט די זכרונות פון דער קינדהייט, פאַרברענגען אין פּענ־סיאָן ביי דער פאַבריק, דער מאַמעס צערטלעכקייט. דאָס לעבן, צו וועלכן עדגאַר איוואַנאָוויטש איז געגאַנגען און אין וועלכן עס זענען דערהרגעט געוואָרן אירע טאַטע־מאַמע, זי אַליין — ביז עדגאַר איוואַנאָוויטשן — ביז דער ליבע, — דאָסדאָזיקע לעבן איז געווען פאַר איר שרעקלעך. יעדער מענטש האָט אַ רעכט אויף לעבן: מאַריאַ פּיאָדאָראָוונאַ, די קליינע פּרוי מיט די שוואַכע הענט, האָט נישט געוואוסט וועגן דעמדאָזיקן רעכט אירן.

ביי טאָג, ווען עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַוועקגעגאַנגען און די זון האָט זיך באַוויזן, איז דאָס הויז געוואָרן פּוסט. הינטערן הויז איז געוואַקסן די בויאַונג. מאַריע איז געבליבן מיטן הונט, מיטן כמורנעם, קודלאַטן הונט, וואָס האָט געהערט צו דער גע־מישטער ראַסע פון וואָלף און שעפּס. דער הונט האָט געהייסן וואָלף און איז באַפריינדעט געווען מיט מאַריען פון זיינע פּריסטע טעג אָן. וואָלף, וועלכער האָט געקאָנט בלויז מאַריען, האָט גע־בילט אויף אַלע, אפילו אויף עדגאַר איוואַנאָוויטשן.

אַ מעת־לעת פאַרן טויט, ווען זי האָט אויסגעהאָנגען אַ פאַר־הענגל אויפן פענסטער, באַשיינענדיק איר צימער, איז מאַריע פּיאָדאָראָוונע אַראָפּגעפאַלן פון פענסטער אויפן דיל און זיך פאַר־

וואונדעט אַ האַנט. וואָלפן האָט קיינער נישט געלערנט לעקן, — וואָלף האָט דערזען בלוט אויף מאַריע פּיאָדאָראָוונעס האַנט, — און אָנגעהויבן טיכטיק אָפּלעקן מאַריע פּיאָדאָראָוונעס וואונד, מיט מיטגעפיל אויפהייבנדיק דעם ווײדל. ער איז געווען ערנסט, זײַנע אויגן האָבן געקוקט מילד. וואָלף האָט געהיילט מאַריע פּיאָ־דאָראָוונען אויף זיין וועלפּישן שטייגער. מאַריע האָט אַרומגענו־מען וואָלפן, זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים אויפן דיל, — און אָנגע־הויבן וויינען מיט פאַרצווייפלטע טרערן. די טרערן זענען אַלנפאַלס נישט אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער ווייטיק פון דער וואונד. די וואוינונג איז געשטאַנען פוסט, אין דער דינסטלעך צוגעטיילטער וואוינונג איז, חוץ מאַריען מיט וואָלפן, קיינער נישט געווען. וואָלף האָט כסדר געלעקט און געהיילט די וואונד, כל־זמן דאָס בלוט האָט נישט אויפגעהערט צו פליסן. דאָס פענסטער איז פאַר־גאָסן געווען מיט אַ סך זון. וואָלף און מאַריע זענען געזעסן אויפן דיל, אויפן טעפּיך. מאַריע איז דעמאָלט איינגעשלאָפן אַ פאַרוויינ־טע לעבן וואָלפן, און איר האָט זיך געחלומט אַ וואונדערלע־כער חלום. זי האָט געזען אין חלום אַ ווינטער און אויף זיין פאָן פּיאָדאָרן מיט עדגאַרן. פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געשטאַנען אין דער זייט, אין שניי, אומבאַוועגלעך, — עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַנט־לאָפן איבערן וועג — פאַר מאַריען. דער שניי האָט אים געגרייכט ביזן גאַרטל. ער איז אַנטלאָפן און פאַרשוואונדן אין נעפּל. מאַריע האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך עדגאַר איוואַנאָוויטשן, שווער סאַפּענ־דיק פון קריכן אין שניי קעגן ווינט. עדגאַר איז אַנטלאָפן. זי האָט אים דעריאָגט, אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט. ער איז ווידער אַנטלאָפן, — זיין האַנט איז געבליבן אין אירע הענט. די האַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קויל שניי, זי איז געווען פון שניי, קאַלט ווי שניי. מאַריע האָט אַרומגענומען עדגאַר איוואַנאָוויטשן, —

איר האַנט איז אַריינגעפאַלן אין שניי, עס האָט אַ קוק-געטון אויף איר עדגאַר איוואַנאָוויטשס פּנים פון שניי. זי האָט אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ, — דער קאָפּ איז געבליבן אין אירע הענט, דער קאָפּ איז געווען אַ טויטע, קאַלטע קויל שניי. דער שנייאיקער עדגאַר איז אַנטלאָפן פאַר מאַריען. מאַריע האָט זיך אַ וואָרף-געטון צו פּיאָדאָרן, — פּיאָדאָר איז געשטאַנען אומבאַוועג-לעך. פּיאָדאָר איז אויך געווען פון שניי, אָנשטאָט אויגן, האָט ער געהאַט אַריינגעשטעקט שטיקלעך קויל. מאַריע פּיאָדאָראָווגע האָט אויפגעוואַכט. די זון האָט קרום אַריינגעלויכטן אין פענסטער. אין קיך האָט דאַשאַ געזונגען:

כ'קאָן אַ חתון מיר געפינען
אויף אין קאָמינטערן, —
אויב ס'וועט טראָצקי מיך נישט נעמען,
וועט דאָס טון טשיטשערין.

מאַריאַ פּיאָדאָראָווגאַ איז אויפגעשטאַנען פון דיל אירע אויגן זענען געווען אויסגעטרוקנט. מאַריאַ פּיאָדאָראָווגעס באַוועגונגען זענען געווען טרוקן, ווי אירע אויגן, ווי דאָס פאַרטרוקנטע בלוט.

אינאָוונט איז געקומען עדגאַר איוואַנאָוויטש, צודריקנדיק אַלץ מיט זיין פּערזאָן, — דאָס איז געווען אַ מענטש פון יענעם לעבן, וואָס איז מאַריאַ פּיאָדאָראָווגען נישט באַקאַנט געווען. עדגאַר איוואַנאָוויטשס אויגן זענען געבליבן פאַר איר ערגעץ אין אַן אַנדערער וועלט. זי האָט געזען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס עס קאָן זעען אַ לעבנדער מענטש, — אַז זי איז עדגאַר איוואַנאָוויטשן נישט נייטיק, אינגאַנצן נישט נייטיק, וואָרים דער מענטש — האָט זי געזען — האָט געמאַכט די שטאַרקסטע אָנשטרענגונגען צו זיין נאָענט, צו זיין ליידנשאַפטלעך, — און אָנשטאָט מיט אמתן בלוט, וואָס וואָלט האָט אָפּגעלעקט, האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש געבראַוזט

מיט שנײַ. עס איז איר געװען שרעקלעך לעבן אים, זײַן בלוט האָט געפרירט, — און זי האָט מורא געהאַט אַוועקצוגיין פון אים, ווייל חוץ אים האָט זי גאָרנישט געהאַט. האַלבענאַכט האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש זיך דערווייטערט פון איר און זיך איינגעקור־טשעט איבער די פּאַפּירן און ביכער. אין דער פינסטערער הייל פון איר צימער האָט געוואַרט אויף איר וואָלף, דער מרה־שחורה־דיקער הונט, וואָס האָט זיך אַ רייב געטון מיט דער ברוסט אָן אירע קניען. פון פענסטער, אין וועלכן עס האָבן אַריינגעלויכטן די שטערן, איז אַראָפּגעהאָנגען דאָס פּאָרהענגל, וואָס זי האָט נישט באַוויזן גוט אויפצוהענגען. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט נישט באַ־מערקט די וואונד אויף איר האַנט. דער הונט האָט זיך אַוועקגע־לייגט לעבן אירע פּאַנטאָפל, היטנדיק די שטילקייט מיטן נישט צונויפגעלענטן רעכטן אויג. מאַריאַ פּיאָדאָראָוונאַ איז געזעסן אינ־מיטן צימער. פון הינטער די פּלייצעס, הינטער די ביכער האָט דערגרייכט צו איר דער שווערער אָנגעשטרענגטער ווילן פון עדגאַר איוואַנאָוויטשן, דער ווילן, וואָס ווייסט נישט פון קיין גרענעץ. מאַריאַ פּיאָדאָראָוונאַ האָט אַ צי־געטון דאָס פּאָרהענגל, — דער טשוואָק איז געווען אַריינגעקלאַפּט שטאַרק, דאָס פּאָרהענגל האָט זיך צעריסן, עס האָט אַ רויש געטון דער זיך רייסנדיקער שטאָף. געשאָרכן האָבן אַרומגעוואַנדלט איבער די צימערן אין דער שטילקייט פון דער וואוינונג. עדגאַר איוואַנאַוויטש האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך.

— וואָס רייסט זיך דאָרט? — האָט ער געפרעגט.

וואָלף האָט אַ ברום געטון

— גאָרנישט — האָט מאַריע געענטפערט און נאָך אַ ווײַלע שווייגן מיט אַ שטילן און מילדן טאָן צוגעגעבן: — מײַן גורל איז דאָס. דערהרגע מיך, עדגאַר, דערהרגע מיך, ליבער. איך האָב געמיינט, אַז איך האָב אַ רעכט צו לעבן, — אָבער דו האָסט מיך שוין דערהרגעט. באַפעל, און איך וועל טוען אַלץ, וואָס דו וועסט וועלן.

עדגאַר איוואַנאָוויטש איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון קאַבי־נעט צו איר.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, מאַריע, — האָט ער שטרענג געזאָגט און מילד צוגעגעבן: — לייג דיך שלאָפן, טייערע, זייַ רויִק, איך וועל נאָך אַ ביסל אַרבעטן.

וואָלף האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ ברום עדגאַר איוואַנאָ־וויטשן. מאַריע פיאָדאָראָוונע האָט גאָרנישט געזאָגט. הינטערן פענסטער האָבן געסקריפּעט די עקסקאַוואַטאָרן און די אַרבעטערס האָבן געזונגען לידער, מאַריע פיאָדאָראָוונע וואָס איז אַמאָל געקומען צו סאַדיקאָוון פון יענער זייט גרענעץ פון טויט, פון דאָרט, וואו די מענטשן האָבן געשפּילט va banque מיטן לעבן, — איז אַצינד אַוועקגעגאַנגען אין טויט אַריין פון עדגאַר לאַסלאָ.

עס איז געווען אַ קליינע מאַניע, די מאַמע האָט איר פאַר־פלאָכטן די צעפּלעך, — עס איז געווען אַ פּענסיאָן־מיידל מאַרוסיאַ פּאָזדנישעוואַ, די מוזיק־לערערין האָט איר פאַרגעזאָגט אַ צוקונפט, עס איז געווען מיטאָג־צייט, דאָס פייפל האָט זיך צעפייפט אויף דער מיטאָג־הפסקה און עס האָבן געוואָיעט די סירענעס, וואָס האָבן געוואָרנט, אַז אויף די לאָנקעס זענען אַוועקגעגאַנגען די מינירער. אין דער בלויער זון זענען פאַרשוויגן געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט די אָפּקלאַנגען פון דער בויאונג, ביז די אַרבע־טער זענען זיך צעגאַנגען, — דערנאָך האָבן זיך דערהערט די אויפרייסן. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פון אינדערפרי אָן געאַר־בעט אין ביוראָ, אין די שעהן, ווען די זון האָט אָפּגעטרוקנט דעם טוי, האָט ער צוזאַמען מיטן פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָמי־טעט פון לינקן ברעג איבערגעקוקט די אַרבעטער־ליסטעס. פינף מינוט פאַר דער טוישונג האָט סאַדיקאָוו טעלעפאָנירט, אייליק אַרויסרופנדיק צו זיך לאַסלאָן מיטן פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָ־

מיטעט. דאָס פּייפּל האָט געפּייפט, די סירענעס האָבן געוואָיעט, אַרויסוואַרפנדיק זייער אינגעווייד אין דער פאָרזאָגונג פון די אויפֿרייסן, וואָס וועלן איבערקערן דאָס אינגעווייד פון דער ערד. אין סאַדיקאָוס קאַבינעט זענען די אייבערשטע העלפטן פענסטער פאַרשטעלט געווען פאַר דער זון מיט ווייס פאַפּיר. דורך די אָפענע פענסטער האָט אַ מילדער ווינט געשאָרכט מיט די קאַלקעס און פאַרקלענערט די היץ. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געוואוינט אין זיין אַרבעט־קאַבינעט, זינט מאַריע האָט אים פאַרלאָזט. אין ווינקל איז געשטאַנען זיין פעלד־בעט, אויף וועלכן סאַדיקאָוו איז געשלאָפן מיט אַ שלאָף, וואָס איז געווען זייער קורץ אין רוסישן יולי און אין דער צייט פון דער אַרבעט. לאַסלאָ איז געקומען צוזאַמען מיטן פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָמיטעט. סאַדיקאָווס קאָלנער פון העמד איז געווען צעשפיליעט. ער איז געשטאַנען ביים צייכן־טיש, אַ קאָנצענטרירטער און טיכטיקער, ווי שטענדיק. אין דער זייט ביים פענסטער איז געשטאַנען אַן אומבאַקאַנטער אין אַ מונדיר פון די ג. פּ. או.־אָפּטיילונגען. סאַדיקאָוו האָט געמאַכט עטלעכע טריט אַקעגן די געקומענע, געוואָרפן אַ בליק אויף יענער זייט טיר און פעסט זי פאַרמאַכט. דער מענטש אין דער בלויער בלוזע האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער.

— חברים, — האָט סאַדיקאָוו אָנגעהויבן, — אונזער משוגענער שלעפער, איוואַן אָזשאָגאָוו, האָט אונז עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז זיין ברודער יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין האַלט אונטער באַרדעכטיקע באַציונגען מיטן אינזשיניער פאָלטאָראַק. מיר האָבן דאָס געהאַלטן פאַר פּלוידעריי. דערדאָזיקער נאָרוואָס געקומענער חבר פון מאָסקווע, באַקענט אייך, — דער מענטש אין דער בלויער בלוזע האָט סאַלוטירט, — האָט מיר געבראַכט אַ ידיעה, אַז פאָלטאָראַק איז טאַקע אַ שעדיקער און שטייט אין קאָנטאַקט מיט אַן אָרגאַניזאַציע...

סאַדיקאָוו האָט נישט פאַרענדיקט. אין קאַבינעט איז איילינק אַריינגעפאַלן לאַסלאָס הויז־אַרבעטערין, דאַריאַ, און שטיין געבליב־

אַ פּאַרסאַפּעטע אינמיטן צימער. איר פּנים האָט קיינער נישט באַ־מערקט, ווייל אַלע האָבן געקוקט אויף איר מויל. לכתחילה האָבן זיי דערזען אירע באָרוויסע פּיס; די פינגער פון די פיס זענען געווען טעמפּע, און די פיס אַליין זענען צעשטעלט געווען ברייט, ווי זי וואָלט זיך געריכט אויף אַ קלאַפּ, דאָס רויטע טיכל אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן פאַרוואָרפן אַהינטער, ווי צום דער־לאַנגען אַ קלאַפּ דערמיט.

— פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, אייער ווייב איז געשטאָרבן, — האָט זי געזאָגט, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם, און מיט רוגזה אַ גע־שריי געטון צו לאַסלאָן, זאָגנדיק אים דו: — העי, דו! גיי אַהיים! דיין זינגפייגעלע איז געשטאָרבן! זי האָט זיך אויפגעהאָנגען, נישט לאַנג אויסגעהאַלטן מיט דיר!

אַצינד האָט מען שוין געקאָנט זען איר פּנים, וואָס איז גע־ווען דערשראָקן, אַנטשלאָסן, גערירט, בייז, ווידערווילדיק, — צו־מייסט אַנטשלאָסן און גערירט. — דאַריאַ האָט געאָטעמט מיט אַ פייף, אירע קליינע אויגן זענען נאָך קלענער געוואָרן, דאָס אָפענע מויל האָט אויסגעזען אומגעהייער גרויס און די שיטערע ציין האָבן שאַרף זיך געשטשירעט פון הינטער די בלוטיקע ליפּן אַפּער. דאַריעס אָפּשטאַרנדיקער ווייבעריש־ראַזאַנער בויך האָט זיך גע־טרייסלט און מיטגעטרייסלט דאָס קליידל, פון אונטער וועלכן עס האָבן זיך אַפּערגעזען די פיס, פעסט־צעשטעלטע, ווי צום שלאָגן זיך.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן.

אויף אַ היפּשן מהלך פון הויז האָט זיך געהערט, ווי וואָלף בילט, בילט פאַרצווייפלט. אַרום הויז און אינעווייניק האָבן זיך געפּאַקט פרעמדע מענטשן, אַרבעטער און אַרבעטערינס. מאַריע פיאָדאָראָוונע איז געלעגן אויפן דיל, אויף אַ ליילעך, אין אַ ווייס נאַכט־העמד, די האָר האָבן באַדעקט איר פּנים, וואָלף האָט גע־לעקט איר פּנים און געוואָיעט, אַריינפּאַלנדיק אין פאַרצווייפלונג ווי אַ מענטש. מאַריע פיאָדאָראָוונע האָט זיך אויפגעהאָנגען אויפן

זעלבן טשוואָק, אָן וועלכן זי האָט מיט אַ טאָג פריער זיך פאַר־וואונדערט די האַנט. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַ פאַל־געטון אויפן דיל לעבן מאַריען און וואָלפן, — וואָלף האָט דאָס ערשטע מאָל נישט געבילט אויף אים. ביי דער טויטער מאַריען האָבן היסטעריש געיאָמערט לאַסלאָ און וואָלף. וואָלף האָט געלעקט מאַריעס האַלז און ברוסט. און עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט זיכער צום ערשטן מאָל אין משך פון די אַלע חדשים פון זיין פאַרהייראַט לעבן געפונען פאַר מאַריען עכטע, אויפריכטיקע, נישט פאַלשע ווערטער, זייער פשוטע און נאַיווע. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט צוזאַמען מיט וואָלפן, שטערנדיק אים, אָבער נישט אַוועקטרייבנ־דיק, אַרומנעמענדיק אים ביים האַלז, געקושט מאַריען, איר האַלז, אירע אויגן, אירע אָרעמס, און דערביי געשעפּטשעט:

— ליבע, ליבע, מיין גוטע, מיין געליבטע, גאַלאַנטוס מיינער!...

אויף די בית־עולמס און אין די קרעמאַטאָריומס ענדיקן זיך די פּאָליצעס יאָרן פון מענטשלעכע עקזיסטענצן. אין די קרעמאַ־טאָריומס ווערט דעם מענטש געגעבן די מעגלעכקייט דורכצומאַכן די לעצטע מענטשלעכע צאַפּלענישן. אין די קרעמאַטאָריום־אייוונס, אין דער טעמפּעראַטור פון צוויי טויזנט גראַד רעמיור, אין משך פון צוויי מינוט, בלייבט פון ארון און די מענטשלעכע מלבושים גאָרנישט, עס בלייבט בלויז דער נאַקעטער מת, און דער נאַקעטער מענטש הייבט אָן זיך באַוועגן. די לעצטע מענטשלעכע צאַפּלע־נישן קאָנען אויסזען מעטאַפיזיש, ווי זיי וואָלטן פאַרלייקנט דעם טויט; זיי זענען אונטערגעוואָרפן אַ מאָדנע געזעץ: דעם מת בייגן זיך אויס די פיס, זיינע הענט הייבן אָן זיך רוקן צום האַלז, קרייצנדיק זיך אויף דער ברוסט, דער קאָפּ ווערט אַריינגעצויגן צווישן די אַקסלען, — פאַר זיין אַוועקגיין אין דער ליידיקייט אַריין נעמט דער מענטש זעלבע פּאָזיציע, וואָס ער האָט געהאַט אין דער מוטערס ער אַנטשטאַנען פון דער זעל־בער ט.

— גאַלאַנטוס מיינער!

עס איז געווען אַ קליינע מאַניע, די מוטער האָט איר פאַר־פלאָכטן צעפּעלעך, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט נישט באַוויזן איר צו זאָגן, אַז ער האָט זי ליב. די שטיין־שיכטן פון די מאָנאָליטן זענען אַלנפאַלס נישט אומדורכדרינגלעך פאַר וואַסער, דעריבער מוז מען אומבאַדינגט זיי בויען פון איינגאַליק מאַטעריאַל און אַוועקשטעלן אויף סאָלידן, פאַר וואַסער נישט דורכדרינגלעכן באָדן, — אַנדערש וועלן זיי צוליבן זעצן־זיך פּלאַצן.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אַ קוש־געטון מאַריעס האַנט רויִק און מיט ווירדע, דער קאָלנער פון זיין העמד איז, ווי פריער, געווען צעשפּיליעט. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט שטרענג אַ געשריי־געטון אויף וואָלפן:

— וואָלף! קום אַהער! צו מיר!

וואָלף האָט אַ קוק געטון אויף זיין פריערדיקן באַלעבאָס, זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, — פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס אויגן האָבן באַפוילן, וואָלפס אויגן האָבן טרויעריק זיך אונטערגעגעבן. וואָלף האָט געפאָלגט דעם באַפעל, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, פאַרנו־מען דעם וויידל, זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו פיאָדאָר איוואַ־נאָוויטשן און זיך אַוועקגעלייגט אין ווינקל. פיאָדאָר איוואַ-אָוויטש איז צוריק צוגעגאַנגען צו דער טויטער, אָנגענומען לאַסלאָן ביים אָרעם, שטיל געזאָגט:

— שטיי אויף, עדגאַר, שטיי אויף!

די פאַרזאַמלטע האָט ער באַפוילן:

— הייבט אויף די פאַרשטאָרבענע.

לאַסלאָ האָט גאָרנישט געזען, זיינע אויגן זענען געווען ליי־דיק. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אָפּגערוקט און געשטעלט לעבן וואָלפן. פרעמדע האָבן זיך אָנגעבויגן איבער מאַריעס טויטן קערפּער. מען האָט אַרויפגעלייגט די פאַרשטאָרבענע אויפן טיש. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך צוגעקוקט. עדגאַר איוואַנאָוויטש

האָט זיך געזעצט ביים טיש, ביי מאַריעס פּיס. וואָלף האָט געגנו־מען יאָמערן און וואָיען. די פרעמדע האָבן שווייגנדיק זיך אַוועק־געשטעלט ביי דער טיר. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט באַפוילן וואָלפן:

— וואָלף! נאָך מיר!

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז צוזאַמען מיט וואָלפן אַרויסגעגאַנ־גען פון צימער. די מענטשן האָבן זיי אָפּגעטרעטן דעם וועג אין דער שטילקייט פון וואָלפס ביינערדיקע נעגל־טריט. פאַרן הויז, אויפן גאַניק, איז געשטאַנען דאַריע. פאַרן גאַניק האָט זיך געזאַמלט אַן עולם. דאַריעס ליפן און באַקן זענען געווען בלוטיק־רויט, אָנ־געצונדן פון פאַראַכטונג. דאָס מיידל דאַריע, די לידער־זינגערין, איז געווען שרעקלעך. אירע אויגן האָבן געקוקט אימהדיק, אויס־דריקנדיק איר גאַנצן האַס, איר ערע, איר מענטשלעכע ווירדע און שרעק. איר מויל איז צעעפנט געווען אַזוי ברייט, ווי די אויגן, אויך די באָרוויסע פיס זענען צעשטעלט געווען, ווי צום שלאָגן זיך. זי האָט געוואָרפן מיט רייד, וואָס זענען געווען דורכגעדרונ־גען מיט ווירדע און גרימצאָרן. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז מאַריען איז זייער שרעקלעך — אַז ס׳איז זי באַפאַלן אַ פּחד פאַרן טויט און עפּעס אומפאַרשטענדלעכס, וואָס האָט זי צערודערט. זי האָט ווי אונטערגעטריבן אירע רייד מיטן רויטן טיכל, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַרדריקט אין דער שטאַרקער האַנט.

— חברים! — האָט זי אויסגעשריגן. — דאָס האָט ער אַליין זי דערהרגעט! ער! דאָס האָט ער זי אומגעבראַכט! זי האָט פאַר מורא זיך אויפגעהאָנגען! און פאַרוואָס איז דער מענטש אומגעקו־מען? צוליב וואָס איז געווען די רעוואָלוציע? חברים! ברידער! פרויען! מיר וועלן דאָס אים שענקען? ער איז ריין אַצינד, קושט איר די פיס! עס הייסט, ער איז געווען אין אָרדענונג, בלויז זי אַליין איז אין אַלעם שולדיק! הערט, פרויען, — זי האָט איבערגע־לאָזט אַ בריוו צו אים, — „זיי מיר מוחל, עדגאַר, איך בין אין גאָרנישט שולדיק קעגן דיר", — און ער האָט מיך ערשט היינט אינדערפרי געפרעגט, וואָס עס הערט זיך עפּעס וועגן... — וויי־

בער, — פרויען! — וואָס איז דאָס אַזוינס, לאַנג וועלן מיר אַזוי ליידן! — און אויף וואָס איז די פרויען־אָפּטיילונג?! — האָבן דאַריעס אויגן ווילד געגלאַנצט מיט טרערן פון אימה און געפיל פון באַליידיקטער ערע. ווייבעלעך, — זעט נאָר! ער גייט דאָך פון וואַסער אַרויס אַ ריינער און אַפילו אַ טרוקענער...

אויף יענער זייט שוועל פון הויז איז געווען דער טויט, — דאָס עקלהאַפּטסטע פאַר יעדער מענטשלעך וועזן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער שוועל צוזאַמען מיט וואָלפן, — זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער ביוראָ פון דער אינזשיניעריע־לייטונג. אויף פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס פּנים פון ערד־קאָליר זענען פאַרשטייפט געווען די מוסקולן. וואָלף איז געגאַנגען לעבן סאַדיקאָוון זייער מרה־שחורהדיק. דער טאָג האָט פאַרגאָסן די ערד מיט זון. אויף דער בויאונג האָבן געדונערט די אויפרייסן.

אין אָוונט, זיך צוריקנדיק דאָס עלעקטרישע לעמפּל צו די אויגן, מיט עקשנות און צאָרן בייסנדיק די בלייפעדער, האָט דאַריע געשריבן אַן אַרטיקל פאַר דער וואַנט־צייטונג. — „חברטעס פרויען!... דער פאַראַנטוואָרטלעכער עדגאַר לאַסלאָ איז זיך באַגאַנגען מיט זיין פרוי אַזוי...” — האָט דאַריע אויפגעשריבן און פאַרשטראָכן. — „חברטעס פרויען!... באַלד וועט ווערן פערצן יאָר, זינט ס'איז פאָרגעקומען אונזער גרויסע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפרייט דעם אַרבעטער־קלאַס און געשאַפן אַ ניי לעבן פאַר אַלע אַרבעטנדיקע”, — האָט דאַריע אויפגעשריבן באַצייכנט דעמדאָזיקן זאַץ מיט שטערנדלעך, כּדי זיין געדאַנק נישט צו פאַרגעסן, און אָנגעהויבן פון אַ נייער שורה. — חברטעס און בירגערינס פרויען! ווען מען האָט אַ סך געגעבן, פון דעם פאַרלאַנגט מען אַ סך. קוקט אייך אַרום און זעט, וואָס אַרום אונדז טוט זיך. די רעכט פון דער רעוואָלוציע האָבן אויסגעגלייכט אַלע אַרבעטנדיקע, סיי מענער, סיי פרויען, אָבער אין דער פּראַקטיק איז גאָר אַנדערש, און די פרויען זענען מחויב אַליין אַרויסצוטרעטן פאַר זייער פאַרטיידיקונג. נישט לאַנג צוריק האָבן דריי גרע־

בערס פאַרגוואַלטיקט אַן אַרבעטערין פון דער בעטאָן־פאַבריק אויפן רעכטן ברעג, און דאָס רעוואָלוציאָנערע געריכט האָט זיי פאַרמשפּט מיט דער גאַנצער האַרבקייט און זיי געשטעלט צום פּראָלע־טאַרישן שאַנד־סלופּ. וויפיל טרערן ווערן פאַרגאָסן דורך די פרויען צו־ליב די מענער (דעם לעצטן זאַץ האָט דאַריע אויסשטראָכן, איינ־נעצנדיק די בלייפעדער). וואָס־זשע זאָל מען שוין טון מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, וואָס זענען אינזשיניערן און קאָמו־ניסטן און גיבן אַ שלעכטן ביישפּיל די אומבאַוואוסטזיניקע גרע־בער? צי דאַרף מען אַזעלכע מענטשן משפּטן, צי ניין, ווען זיי זאָל אפילו געלונגען אויסצומיידן דאָס געזעץ" — דאַריעס אויגן זענען פול געווען מיט פאַראַכטונג און ענערגיע, עס איז פאַר־שוואונדן פון זיי די צעשטרייטקייט. דאַריע האָט געביסן די בליי־פעדער און אַוועקגעלייגט דאָס רויטע טיכל לעבן פּאַפּיר. דאָס הויז האָט זיך געהילט אין שטילקייט. לאַסלאָ איז שווייגנ־דיק געזעסן אין קאַבינעט. אין עסצימער איז געשטאַנען דער ארון.

די נאַכט זענען נישט געשלאָפן — נישט סאַדיקאָוו, נישט לאַסלאָ, ווי עס זענען נישט געשלאָפן — נישט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוו־נאַ, נישט ליובאָוו פּימענאָוונאַ.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט איבערגעלאָזט וואָלפן אין ליי־דיקן קאַבינעט און פאַרברענגט דעם גאַנצן טאָג אויף דער בויאונג, אונטערגעוואָרפן זיין פעסטן ווילן. דער איבערגעלאָזטער וואָלף האָט די גאַנצע צייט געוואָיעט. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך באַמיט זיך איינצורעדן, אַז דערדאָזיקער טאָג איז פאַר אים נישט מער ווי אַ געוויינטלעכער אַרבעטס־טאָג. וואָלף האָט נישט אויפגעהערט צו וואָיען אויך ווען פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז גע־קומען. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געברענגט וואָלפן פלייש, —

וואָלף האָט דאָס פלייש נישט געוואָלט עסן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך לאַנג באַמיט, אַז וואָלף זאָל יאָ עסן.

אויף דער ערד האָט אַראָפּגענידערט אַ גרינע נאַכט.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס באַקנביינער זענען גרוי געוואָרן, ווי דעם הונטס סערשטש.

וואָלף האָט געוואָיעט, איינגעטוליעט אין ווינקל.

דעמאָלט איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש אַוועקגעגאַנגען מיט וואָלפן קיין קאָלאָמנע, וואָלף איז געווען געהאָרכזאַם. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט, אפנים, נישט געזען די גאַסן, איבער וועלכע ער איז געגאַנגען, ווייל ער איז צוויי מאָל דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם הויף-טירל פון די סקודרינס.

דאָס טירל האָט באַגריסנדיק אַ סקריפּע-געטון.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט הילפלאָז געשמייכלט צו ...ו פימענאָוונאַ און אָנגעהויבן רעדן וועגן הונט. אָלגאַ ...נדראָוונאַ האָט געהאַט אַ היסטערישן אַטאַק צוליב איר מאַכטלאָזיקייט און שרעק. ליובאָוו פימענאָוונאַ איז אַרויסגעקומען צו פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן מיט אַ נאַס האַנטוך אין די הענט.

— די מאַמע וויל פאָרן צו מאַריע פיאָדאָראָוונעס קערפּער. איך לאָז זי נישט.

ליובאָוו פימענאָוונאַ איז אַריינגעגאַנגען אין צימער צו דער מוטער. דער אָוונט איז געווען אַ פינסטערער און שטילער. פון גאָרטן האָט געשמעקט מיט טיטון-בלומען.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ניידעריקסטן טרעפּל פון דער וועראַנדע, דעם הונט האָט ער געהייסן זיך אַוועקלייגן ביי זיינע פיס. ליובאָוו פימענאָוונאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז, זיך געזעצט אויפן אייבערשטן טרעפּל, אַ שוידער האָט דורכגענומען אירע פּלייצעס.

— דער הונט וואָיעט און וויל נישט עסן פון מיינע הענט, — האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזאָגט, — און איך וואוין אַליין, האָב נישט קיינעם צו הילף און קאָן זיך נישט באַגיין מיט קיין הינט. איך האָב צו אייך אַ בקשה, ליובאָוו פימענאָוונאַ. מאַריע איז געשטאָרבן, דער הונט איז אַן אָנדענק פון איר, דער הונט איז קיינעם נישט נייטיק... איך האָב אים דאָ אַהערגעבראַכט, כדי איר זאָלט אים אויפציען, — נעמט אים צו, איך בעט אייך זייער. און גיט אים צו עסן. ווייזט אים אַרויס אַ ביסל צערטלעכקייט, ער הערט נישט אויף צו וואָיען.

— אוודאי, אוודאי, איך דאַנק אייך! איך ברענג גלייך מילך.

ליובאָוו פימענאָוונאַ איז איילינק אויפגעשטאַנען און געוואָלט אַוועקגיין, נאָך אַלץ שוידערנדיק פון קעלט.

— ניין, וואַרט נאָך אַ ווייַלע, ליובאָוו פימענאָוונאַ... דער הונט איז געווען מאַריעס איבערגעגעבנסטער פריינט, מסתמא דער איינציקער. איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט דעם הונט ליב האָבן, דאָס איז אַ טרייער פריינט. ער האָט געוויינט ביי מאַריען, ווען איך בין געקומען, און געלעקט איר האַלז.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז שטיל געבליבן.

— פאַרוואָס זאָגט איר מיר דאָס, פיאָדאָר? — האָט ליובאָוו פימענאָוונאַ געפרעגט.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט נישט באַלד געענטפערט.

— דערפאַר וואָס בלויז אייך אַליין קאָן איך דאָס זאָגן, — האָט ער געענטפערט.

— מען דאַרף נישט, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש.

— גוט, ליובאָוו פימענאָוונאַ. — פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז פאַרשוויגן געוואָרן. — איך מוז שוין גיין. אוודאי, מען דאַרף אַלץ פאַראייַנפאַכן. און דער וואָלף — דאָס איז אַ קלוגער הונט, אַ גוטער הונט. מען דאַרף אַלץ פאַראייַנפאַכן. איך מוז שוין גיין.

— וואַרט נאָר צו, פיאָדאָר, — האָט ליובאָוו פּימענאָוונאַ שטיל געזאָגט. — מען דאַרף אויך נישט צופיל פאַראיינפאַכן.

אויפן הויף איז אַרויסגעקומען דעם שלעפער אָזשאָגאָווס הונט, אַ בליק־געטון אויף וואָלפן, פאַרנומען אונטער זיך דעם ווידל און שלוי גענומען קוקן אויף אים. מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז ער שפּאַצירט זיך דורך, און קוקנדיק גלייכגילטיק בלויז מיט איין אויג, האָט אַראָפּ אין אַ גרויסן האַלב־קרייז זיך דערנענטערט צו דער וועראַנדע, געשטאַנען אַ ווײַלע, אַ דריי־געטון מיטן קודלאַטן ווידל און אַ וואָרטשע־געטון אויף זיין הינטיש לשון צו וואָלפן, באַקענענדיק זיך מיט אים און זייער פריינטלעך אים באַשמעקנדיק. וואָלף האָט טרויעריק, אָבער פריינטלעך — אַלס סימן פון שליסן באַקאַנטשאַפט — איבערגעלייגט דעם ווידל פון איין אָרט אויפן צווייטן.

דער אָוונט האָט געטונקלט יולימעסיק.

ווען פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז צוריקגעקומען אויף דער בויאונג, האָט ער פלייסיק צוגעגרייט דאָס צימער פאַרן פּראָפעסאָר פּימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ, אַרויסגעשטעלט אַ ליכט אויפן טיש, אַרונטערגערוקט די נאַכט־כלי אונטערן בעט און אַרויפגעלייגט אַ האַנטוך אויפן קישן.

עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי, אָבער פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אויסגעטון, זיך צו לייגן און דורכשלאָפן אין זיין קאַבינעט ביז פּאָליעטיקאַס קומען, — ער איז אָבער געבליבן זיצן אין נאַכט־העמד מיט אַ שפּיץ קאָלדרע אין דער האַנט, געריי־כערט, געהוסט, געשפּיגן די גאַנצע נאַכט, ביז דער שעה, ווען מען האָט גערדאַרפט אַרויספאָרן אויף דער סטאַציע.

יעדער מענטש האָט זיין באַזונדערן גורל.

פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע, אַלס קליין ייִנגל זיך געהאָדעוועט אויף די שטויבי־קע גאַסן פון אַ גרויסער פאָרשטאָט אין שאָטן פון קראַנקע טאָפּאָל־

ביימער, אין פֿינסטערע קאָרידאָרן, — פֿריער פֿון קאָשאַרן, דערנאָך פֿון אַ פֿאַבריק־שול, וואו עס האָט געשמעקט מיט קרייד און מאַשין־שמירעכץ. ווי פֿאַר אָזשאָגאָוון, איז אויך פֿאַר אים די פֿאַבריק־סידענע געווען די ערשטע דערינערונג, אָבער זיין לעבן איז געווען אַ סך קאָמפּליצירטער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿון אָזשאָגאָווס לעבן, ווייל עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט פֿינפֿאונצוואָנציק יאָר שפּעטער. דאָס פֿאַבריק־טויער איז געווען די גרענעץ פֿון זיין קינדהייט אין דער פֿאָרשטאָט, אָבער די קראַנקע טאָפּאָל־ביימער האָבן אין זיין גורל זיך נאָכאַמאָל איבערגעחזרט, ווייל ווען ס׳איז אָנגעקומען די צייט פֿון ליבע, איז פּיאָדאָר אונטער דידאָזיקע טאָפּאָל־ביימער געוואויר געוואָרן וועגן סאָציאַליזם, וועגן קאָמוניזם, וועגן רעוואָלוציע. פּיאָדאָרן איז אויסגעקומען אַריינצופֿירן אין לעבן די רעוואָלוציע. דער יונגער פּיאָדאָר האָט זיך אַרויסגעצויגן פֿון פֿאָטער אין אַ וואוינונג אַריין, וואו ס׳האָבן געוואוינט יונגע אַרבעטער פֿון די זעלבע איבערצייגונגען, וואָס ער, שאַפֿנדיק שוין נאָך פֿאַר דער רעוואָלוציע אַ לעבן פֿון שכלדיקייט און קאָמוניזם. אַזעלכע ווי ער, זענען געווען נישט קיין סך, אָבער ס׳זענען דאָך געווען אַרבעטס־מענטשן פֿון ערע און לעבנס־פּרינציפּן. דערנאָך זענען געקומען: פֿאַרשיקונג, מלחמה, רעוואָלוציע, בירגערקריג, טעכנישע הויכשול, אינזשיניעריע־אַרבעט, רעוואָלוציע, קאָמוניזם. דאָס אַלץ איז געווען זייער פּשוט און זייער קאָמפּליצירט, — דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען ערשט נעכטן און מיט גאַנצע עפּאָכעס צוריק, — די שפּילערייען הינטערן פֿאַבריק־פּאַרקן, די קאַמפֿן הינטער פּערעקאָפּ, די פֿאַרזאַמלונגען אין וואַלד אין דער יוגנט, די מעסט־אויספֿלוגן, דאָס לייענען אויפֿן קול פּלעכאַנאָוון און מערינגען אין דער קאָנספּיראַטיווער וואוינונג אַ שעה פֿאַרן אַרעסטירט ווערן, די פֿאַרשיקונג — דאָס אַלץ איז געווען,

דאָס אַלץ איז דאָ, – בשעת דעם אַלעם איז נישט געווען קיין פּערזענלעך לעבן, – היינט איז געשטאָרבן זיין ווייב, וועמען ער האָט נישט באַוויזן צו זאָגן – איך האָב דיך ליב, אָבער וועלכע ער האָט ליב געהאַט און פאַר וועלכער ער האָט געקעמפּט אַ גאַנץ יאָר, ווען זי האָט אים מיטן פריינט פאַראַטן. דעם טאָג, ווען ער האָט גערופן צו זיך עדגאַרן מיט מאַריען, כדי צו פאַר־ענדיקן מיט דעם ליגנט, האָט ער געהאַנדלט אין הסכם מיט די טראַדיציעס פון זיין יוגנט, ברידערלעכקייט פון דער קאָנספּיראַ־טיווער דירה און קאָמונע. ער האָט געוואוסט, אַז אין לעבן איז אַלץ פּשוט, דאַרף זיין פּשוט און די מענטשן דאַרפן זיין איידל אין זייער פּשוטקייט, אין זייערע מעשים און מחשבות. זיין לעבן איז אָנגעוואַקסן אין שיכטן עפּאָכעוויז, ווי אַלץ וואָלט פאָרגע־קומען ערשט נעכטן, – אָבער הינטער די פּלייצעס זענען שוין געשטאַנען זיבנאונדרייסיק יאָר – יאָרן פון קאַמף, פון אַרבעט, פון לערנען אין אַרבעטער־פאַקולטעט און אין דער טעכנישער הויכשול, די האָר אויף די שלייפן זענען אים גרוי געוואָרן, ער האָט געקרענקט אויפן האַרץ, און זינט די טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער קאָנספּיראַטיווער וואוינונג, ביזן דינסטלעכן קאַבינעט – פון קיין פּערזענלעך, היימיש, אינטים לעבן נישט געוואוסט. זיין לעבן איז געווען געווידמעט דער רעוואָלוציע, אַנ־דערע מענטשן, דער אַרבעט. הינטער פּערעקאָפּ איז פיאָדאָר איוואַנאָוויטש פאַרוואונדעט געווען דאָס לעצטע מאָל. ווי אַן אָנ־דענקונג פון מאַריען, איז אים געבליבן וואָלף, – פיאָדאָר איוואַ־נאָוויטש האָט אַוועקגעגעבן וואָלפן ליובאָוו פּימענאָוונען. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אויך נישט קיין פּערזענלעך לעבן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט געדאַרפט זאָגן ליובאָוו פּימענאָוונען וועגן הונט, און פאַרוואָס ער האָט איר יאָ

געזאָגט וועגן אים: ער האָט זי ליב, און זי וויל דאָס נישט. זיך איינהערנדיק אין דער שטילקייט און אין גערויש פון די עקסקאַ־וואַטאָרן, האָט פיאָדאָר איוואַנאָוויטש כּסדר בּדעה געהאַט זיך צו לייגן אין בעט אַריין, און דאָך געבליבן זיצן, האַלטנדיק אין דער האַנט די קאָלדרע, מיט וועלכער ער האָט זיך באַדאַרפט צודעקן, — געריייכערט, געהוסט, געשפּיגן די גאַנצע נאַכט, ביז מען האָט שוין געדאַרפט אַרויספאָרן צו דער סטאַציע נאָך פּאָליעטיקען, ליובאָוו פּימענאָוונעס פאָטער, וואָס איר שטיפפאָטער איז אַצינד געזעסן ביים טויטן קערפּער פון פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס ווייב. דאָס נאַכטיקע פאָרן מיטן באַן־וועגעלע האָט אים דורכגענומען מיט שוידער. דער צוג איז אַרויסגעשוואומען פון נעפּל, בּלאָנ־זשענדיק איבער די רעלסן מיטן ליכט פון זיינע לאַמטערן.

-אָך פיאָדאָר איוואַנאָוויטשס אַוועקגיין, איז ליובאָוו פּימע־נאָוונאַ לאַנג געזעסן אויף זיין אָרט, אויפן אונטערשטן טרעפּל פון דער וועראַנדע. פון הויז איז אַרויסגעקומען צו איר אָלגאַ אַלעק־סאַנדראָוונאַ און זיך געזעצט אויפן אויבערשטן טרעפּל. די מוטער מיט דער טאָכטער זענען שווייגנדיק געזעסן אין דער נאַכט־שטיל־קייט ביז די נאַכט האָט פייכט געמאַכט זייערע קליידער. מאַריעס טויט האָט איבערגעפּילט די מאָס פון אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונעס ליידן. מאַריעס גורל איז געוואָרן איר גורל. ליובאָוו איז געזעסן אויפן אונטערשטן טרעפּל מיט וואָלפן ביי די פיס, אַ פּשוטע, אַ לויטערע און ריינע. עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס לעבן, כּדי צו טון גוטס, אפילו נישט וויסנדיק וועגן דעם, — יע־דער מענטש שטרעבט צו זיין ריין, אומשולדיק. אָבער עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס די ריינקייט איז זייער ביאָלאָגישע אייגנ־

שאַפּט, — אַזעלכע איז געווען ליובאָוו פּימענאָוונאַ. איר לעבן און וועלט, אירע געדאַנקען זענען תּמיד געבליבן ריין און לויטער. מען האָט געמוזט קעמפן מיט דער מוטערס פאַרצווייפלונג, — עס איז געשטאָרבן אַ מענטש, עס איז געשטאָרבן אַ פרוי, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט נייטיק פאַר איר געליבטן, — און מען האָט געמוזט טראַכטן וועגן טויט, וועגן דער צייט, וועגן די גרעניצן פון עקזיסטענץ. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט געקלערט וועגן סאַדי־קאָוון, — זי האָט געוואוסט, פאַרוואָס זי האָט נישט געוואָלט הערן וועגן הונט און פאַרוואָס דער הונט איז איר אַזוי טייער: טיף אין איר האַרץ איז פאַרבאָרגן געווען דער געדאַנק וועגן יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַקן און דעם וואָרט, וואָס זי האָט אים געגעבן אויפן גאַנצן לעבן. און דער טויט, — שלעכט איז צו טראַכטן וועגן טויט, שרעקלעך צו טראַכטן וועגן אַ צווייטנס טויט, הצרים דעמאָלט מוז מען טראַכטן אויך וועגן אייגענעם לעבן, וועגן דער צוקונפט, — איר צוקונפט האָט געהערט פּאָלטאָראַקן. בשעת אַזעל־כע טראַכטענישן פילט זיך דער מענטש איינזאַם און באַדויערט זיך אַליין, זיין לעבן, זיין עלנטקייט. ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט גע־טראַכט וועגן דער מוטער, וועגן מאַריען, וועגן סאַדיקאָוון, — סאַ־דיקאָוו האָט זי אָנגעהויבן ליב קריגן, זי האָט דאָס געוואוסט, — און געשטיקט אין זיך דעם געדאַנק וועגן זיין ליבשאַפט, געטראַכט וועגן זיך, וועגן איר איינזאַמקייט, וועגן איר יוגנט, וואָס גייט פאַרלוירן, וועגן אירע הענט, מיט וועלכע זי וואָלט געוואָלט, ווי יעדער מענטש, אַרומנעמען די וועלט, וואָס זי האָט אַוועקגעגעבן פּאָלטאָראַקן, און ער האָט זי נישט אָנגענומען. ליובאָוו פּימענאָוו־נאַ האָט אויך געטראַכט, אַז זי דאַרף זיין טיכטיק, כדי צו העלפן אַנדערע. נאָך האַלבער נאַכט האָט זי אַוועקגעפירט אָלגאַ אַלעק־סאַנדראָוונען צום בעט און דערנאָך לאַנג געזעסן לעבן וואָלפן,

געגלעט זיין פעל, געצערטלט אים, געבעטן — ער זאָל עסן: אין דעם צערטלען וואָלפן האָט איר צוגעהאָלפן אַראַפּ. אויף דער ווערענדע האָט זיך עטלעכע מאָל געזעצט דער שלעפער איוואַן, דרימלענדיק אין שטילשווייגן. און די גאַנצע נאַכט האָט אין גאָרטן געזונגען אַ פויגל, כדי שלום צו שליסן צווישן מענטש מיט דער ערד. ליובאָוו פּימענאָוונאַ איז איינגעשלאָפן פאַרטאָג, ווען די זון האָט שוין פאַרגאָסן די ערד, דער מענטש זאָל זיך באַגריסן מיט איר, — זי איז אויפגעקומען, כדי צו וואַכן, צו זיין טעטיק און העלפן אַנדערע, גאָרנישט פאָרפילנדיק די שווערע איבערקע-רענישן, וואָס האָבן געוואַרט אויף איר אין דעם שווערסטן, דע-צידירנדיקן טאָג אין איר לעבן. באַלד אינדערפרי, ווען די מו-טער איז נאָך געשלאָפן, איז זי געגאַנגען מיט וואָלפן צום טייך, צו די טאַבאָרן, זיך צוקוקן צו דער אַרבעט פון די אויסגראָבונגען און זיין אַ ביסל אַליין, אָננעמען טיכטיקייט, — און זי האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז אָט דער פרימאָרגן וועט ווערן איר מיידלישער אָוונט.

און עדגאַר איוואַנאָוויטש איז ביז האַלבענאַכט אָפּגעזעסן אין אָנטון אין זיין קאַבינעט, וואָרים ביז האַלבענאַכט זענען געקומען מענטשן אָפּגעבן כבוד דעם טויט. האַלבענאַכט איז די פרייט-געעפנטע וואוינונג ליידיק געוואָרן, דאַריע איז אין אָוונט געזעסן אין קיך ביים שרייבן, אָבער אַרום האַלבענאַכט איז זי אַרויסגעגאַנגען פון הויז. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז אַריינגעגאַנגען אין מאַריעס צימער, וואו ס'איז אויפן טיש אין אַ רויטן ארון געלעגן מאַריעס טויטער קערפּער, נישט צו וויסן ווער עס האָט אים אָנגעטון און דאָרט אַריינגעלייגט. אין צימער האָט געברענט

די עלעקטריע זייער העל און בלענדנדיק. אויפן דיל אַרום דעם ארון זענען געבליבן שפּורן פון בלאָטע. אויפן טשוואָק, אויף וועלכן מאַריע האָט זיך אויפגעהאָנגען, איז פאַרבליבן אַ שטיקל שטריקל, וואָס דאַריע האָט איבערגעשניטן. ביים עלעקטרישן ליכט איז געווען שרעקלעך. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פאַרלאָשן די עלעקטריע. אין דער פינסטערניש איז געוואָרן נאָך שרעקלעכער. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געבראַנגט ליכט און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, ביים ארון און אויף מאַריעס טואַלעטע. עדגאַר איוואַ־נאָוויטש האָט זיך אויך געזעצט ביים ארון, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן ראַנד פון ארון און אַזוי אָפּגעזעסן ביז עס זענען זיך צו־נויפגעקומען די מענטשן פאַרקלאַפּן דעם ארון און אים אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם. די עקסקאַוואַטאָרן האָבן אַ גאַנצע נאַכט געזונגען זייערע לידער פון סקריפּען און וואָיען, קרעכנדיק זיך מיט דער ערד, צערייסנדיק דאָס אינגעווייד פון דער ערד, — און די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, און נעפּלדיקע, און שווייגנדיקע, ווייל קיין מענטשלעכע לידער זענען די נאַכט נישט געזונגען געוואָרן אין ישוב. דאַריע האָט אויף דער נאַכט זיך אַרויסגעטראָגן אין ווייבערישן באַראַק אַריין. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, די ליכט האָבן אויסגעברענט און זיך פאַרלאָשן שוין אַ שטיק אויפן טאָג. עס האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפקומען מענטשן. עדגאַר איוואַנאָ־וויטש איז געזעסן ביים ארון, די מענטשן האָבן אים נישט געזען, י עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט די נאַכט נישט געזען: זיינע אויגן האָבן זיך געעפנט ערשט אויפן בית־עולם, ווען ער איז ווי פון אַ פרעמדער וועלט צוריקגעקומען.

אינדערפרי, אומגעפער אַ פופצן מינוט פאַרן אומגעריכטן סיגנאַל, נאָך וועלכן די פרויען האָבן געוואָרפן די אַרבעט און געגאַנגען צו דער לוויה, — ביים מאָנאָליט, וואָס האָט פאַרשטעלט די אָקע, שמועסנדיק מיטן טעכניק וועגן אַן איבעריקער אַרבעטער־אָפּטיילונג, האָט פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ אַזוי אָנגעהויבן צו רעדן:

— איך וויל אייך דערציילן, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, וועגן מיין נייער אַרבעט, — האָט פּאָליעטיקאַ געזאָגט אין פאַרטראַכט־קייט, קוקנדיק מיט אַ כמורנעם בליק אויפן הימל און זשמורענ־דיק די אויגן פאַר דער זון. סאַדיקאָוו און פּאָליעטיקאַ זענען גע־שטאַנען אויף אַן אויסגעגראָבענעם באַרג ערד, — מאַרשאַלן, וואָס האָבן מיט גאָרנישט דערמאַנט סיעראָווס בילד, אויף וועלכן פּיאָטער שפּאַנט איבער פּעטערבורג, — ביי זייערע פיס האָבן געאַרבעט מאַשינען און מענטשן, אָרגאַניזירנדיק ערד, גראַניט, בעטאָן און וואַסער, — אַלץ, וואָס מיר בויען אַצינד, איז נישט מער ווי נאַ־רישקייט קעגן דעם, וואָס מיר הידראָ־טעכניקער זענען בכוח און מחויב אויפצוטון. גיט נאָר אַ טראַכט וועגן דער ערד־קויל. דער מענטשהייט איז גאָרנישט געבליבן פון אַטלאַנטידע, זי איז פאַרברענט געוואָרן דורך דער זון און פאַרשיט געוואָרן מיט זאַמדן, אַצינד געפינט זיך דאָרט די סאַהאַראַ, — מדבריות, זאַמדן. פאַר דער מענטשהייטס געדעכעניש זענען פאַרשוואונדן די בליענ־דיקע לענדער — אַשור, בבל, מעזאָפּאָטאַמיע. דאָס לאַנד צווישן טיגריס און אפרת איז געווען אַ גן־עדן התחתון, איין גרויסער גאָרטן, — אַצינד זענען דאָרטן זאַמדן, מדבריות. אַראַביע האָט געגעבן אַ גרויסע לערע, אַ פילאָזאָפיע, די רעליגיע פון איס־לאַם, וואָס ווערט נאָך ביזן היינטיטן טאָג אָפּגעהיטן דאָ און דאָרטן, — אָבער אַראַביע אַליין געפינט זיך היינט אונטער די

זאַמדן, בעדויִנער וואַנדערן אַרום דאָרט, וואו ס'האָבן אַמאָל, גאָר־נישט לאַנג צוריק, געבליט גערטנער. ווייטער: אין די מאָנגאָ־לישע לעגענדעס זענען פאַרבליבן זכרונות, אַז אַ טיגער קאָן דורכגיין מאָנגאָליע פון איין עק ביזן צווייטן און זיך די פיס נישט פאַרשטויבן, — אַזוי איז טאַקע געווען, — אָבער אַצינד זענען דאָרט זאַמדן, אין די גערטנער פון אַללאַ און בודאַ, די מדבר ציט זיך פון שאַמאָ ביזן אַראַבישן ים. מיר געדענקען נאָך, ווייל דאָס איז פאָרגעקומען פאַר אונזער היסטאָרישער גערעכעניש, ווי טאַמערלאַן האָט פון דער מדבר אָנגעפירט מיט גאַנץ אַזיע, ווען רוסלאַנד און כינע זענען נאָך געווען איין מלוכה. פון מאָנגאָליע זענען געקומען צו אונז די טאָטערן, — פון מאָנגאָליע זענען איבער סקיטיע דורכגעגאַנגען אַ סך פעלקער, וואָס האָבן מיט פייער און שווערד חרוב געמאַכט אייראָפּע. די וויסנשאַפט האָט נישט געגעבן קיין געהעריקע אויפקלערונג וועגן די סיבות פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, — וואַרט אַ ווײַלע, און איך וועל אייך געבן דידאָזיקע אויפקלערונג. דער לעצטער איבער־פאַל אויף אייראָפּע איז געווען דער איבערפאַל פון די טערקן. מיר, הידראָ־טעכניקער, וועלן פאַרהאַלטן די מדבריות און פעלקער. דערמאַנט אייך, דאָס איז נאָך פאַר אונזער גערעכע־ניש, — מיט אַ פיר־פינף הונדערט יאָר צוריק איז ביים נידעריקן פלוס פון דער וואָלגע געווען אַ מעכטיקע מלוכה — די גאָלדענע האָרדע. אַן אַראַבישער געלערנטער, דער רייזנדער איבן־סאַיד, באַשרייבט די רעזידענץ־שטאָט פון האָרדע, ווי אַ גרויסע שטאָט מיט קאַנאַליזאַציע, פּאַלאַצן, פּאַרקן, אימפּאָרטירטע סחורות פון כינע, אינדיע, פּערסיע, איטאַליע, שפּאַניע, אַראַביע, אַ שטאָט, אין וועלכער עס זענען געפירט געוואָרן געלערנטע וויכּוחים אויף טעמעס פון פילאָזאָפיע און רעליגיע. היינט זענען דאָרט, וואו

ס'האָט זיך געפונען די גאָלדענע האָרדע, — זאַמדן, מדבריות, טויט. איך בין געווען דאָרט, — ביי די קאַנאַליזאַציע-רעשטלעך וואוינט איין קאַלמיק מיט צוויי קעמלען, — דער ווינט הייבט דאָרט אויף די זאַמדן, ווי ביי אונז דעם שניי, בשעת אַ שניי-שטורעם. די מדבר רוקט זיך אָן אויפן מענטש. אַצינד גייט די מדבר אויף מערב-סיביר און אייראָפּעיִש-רוסלאַנד פון קאַספּישן ים, טראָגנדיק מיט זיך די אַראַל-קאַספּישע זאַמדן. איר הערט, אַז די מדבר איז שוין אויף דער שוועל פון דאָנבאַס, אין דאָנבאַס איז נישטאָ קיין וואַסער, דאָרט פעלט אויס וואַסער. מיר פילן דאָס נישט, אָבער די מדבר גייט אויף אונז ביז האַרט הינטער מאָסקווע, — דער אַזוי גערופענער פּאַס פון טרוקעניש, דער פאָרזאָגער פון מדבר, גייט דורך אין אַ קרומער ליניע פון ניזשני-נאָווגאָראָד, איבער ראַזאַן און אָריאָל, ביז קיעוו, ביז נאָכן דניעפּער. וואָס האָבן געטון די מענטשן, ווען די מדבר האָט זיך אויף זיי אָנגערוקט? — זיי זענען אַנטלאָפן פאַר דער מדבר. דער אויפבלי פון דער אַראַבישער קולטור — דער איס-לאַמיזם — איז אויסגעפאַלן אין דער עפּאָכע, ווען די אַראַבער זענען שוין געווען אויפן פערד, די אַראַבישע פערד האָבן מיט די מאַורן זיך דורכגעריסן קיין שפּאַניע, מיט די סעלדזשוקן אויף די באַלקאַנען. מאָנגאָליע איז אָפּגעשטאָרבן פאַמעלעכער און אין משך פון פינף יאָרהונדערטער אַנטלאָפן פאַר דער מדבר — קיין כינע, קיין קאָרייע און — קיין אייראָפּע. דאָס האָט געהייסן פעלקער-וואַנדערונג. אָבער די וואַנדערונגען קומען פאָר נאָך ביזן היינטיקן טאָג, דעריבער זאָג איך טאַקע, אַז אויך רוסלאַנד וועט אפשר זיך איבעררוקן אויף מערב. מיר זענען עדות פון דעם, ווי אַזוי עס אַנטשטייען גרויסע פעלקער-וואַנדערונגען. אין די יאָרן טויזנט אַכטהונדערט איינאונניינציק און צוויי-און-

ניינציק, אין דער צייט פון דעם הונגער ביי דער וואָלגע, ווען פון אַראַלער ים איז אָנגעקומען איבער די וואָלגע־קאַנטן די גרויסע טרוקעניש, האָט דער הונגער אָפּגעריסן פון דער ערד און רויִנירט זיבן מיט אַ האַלבן מיליאָן באַפעלקערונג. אין איינאונצוואָנציקסטן יאָר האָט ער רויִנירט און פאַרטריבן פון זייער אָרט דרייסיק מיליאָן, וועלכע זענען זיך צעלאָפן איבער רוסלאַנד. דידאָזיקע דרייסיק מיליאָן, גייענדיק איבער רוסלאַנד, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מענטשנפרעסער און אויסגעשטאָרבן אויף די וועגן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס עס האָט זיי אָפּט גאָרנישט געפעלט, ווייל דער וואָלגע־קאַנט איז געווען רייך. איך האָב אויסגערעכנט, אַז אויב עס וועט אויסברעכן אַזאַ הונגער אין איינאונפופציקסטן יאָר, וועט ער אויפהייבן פון אָרט און אַוועקטרייבן שוין נישט דרייסיק, נאָר פינפאונזיבעציק מיליאָן, — און קיין פינפאונזיבעציק מיליאָניקע מענטשן־מאַסע האָט נישט געהאַט אפילו קיין שום טאַמערלאַן: די פינפאונזיבעציק מיליאָן הונגעריקע, צוזאַמען מיט זייערע פּראָוויאַנט־צוגן, — ווייסט איר וואָס דאָס באַטייט, — אפשר נישט ווינציקער פון אַטילאַס מלחמה־מאַרשן איבער אייראָפּע.

פּימען סערגעיעוויטש איז פאַרשוויגן געוואָרן, כמורנע קוקנדיק אויפן הימל, ווי די זון אין הימל וואָלט געווען זיין שונא. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אויך געשוויגן. אַרום אויף די לאָנקעס האָבן געאַרבעט טויזנטער מענטשן ביי דער בויאונג. אַ קאַראַוואַן פון ערד־שעפּערס און ערד־פלומפּן, אַרויסגערוקט פאָרויס אין אַ געבויגענער ליניע, האָט צעגראָבן די ערד פאַר די טאַטשקע־פּי־רערינס. די טאַטשקע־פּירערינס האָבן צוגעפירט די צוגעטרוקנטע בלאָטע צו די וואַגאָנעטקעס. די עקסקאַוואַטאָרן האָבן פאַרטייבט די לאָנקעס.

— איך ווייס, ווי אַזוי צו פאַרהאַלטן דעם מאַרש פון

דער מדבר אויף אונז, — האָט פּימען סערגעיעוויטש געזאָגט.

זין דער נישט געהעריקער שעה האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל. אויף דעם סיגנאַל האָבן די טאַטשקע־פּירערינס פֿאַרלאָזט די טאַטשקעס. די פרויען האָבן זיך אויסגעשטעלט אין שורות. אַ קילאָמעטער ווייטער, ביי די שלוזן, האָט זיך אויך פֿאָרמירט אַ פֿאַרביקע פרויען־קאָלאָנע.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט פֿאָליעטיקאַ געפרעגט.

— איך ווייס נישט, — האָט סאַדיקאָוו אין פֿאַרוואונדערונג געענטפערט.

די פרויען האָבן זיך געלאָזט גיין אין שטאָט אַריין. זיי זענען געגאַנגען אייליק, שווייגנדיק, ערנסט. איבער די לאָנקעס האָט געשיינט די זון, די וואָלקנס האָבן זיך געקרייזלט אין הימל. דער יולי האָט העל אָנגעצונדן די פֿאַרבן אויף די לאָנקעס. איינצייטיק מיטן דערהערן דעם סיגנאַל, האָט מען פֿון לאַסלאָס וואוינונג אַרויסגעטראָגן דעם ארון מיט מאַריע פּיאָדאָראָוונען און זי אַוועקגעטראָגן אין שטאָט אַריין, — פֿון אַלע זייטן פֿון דער בויאונג זענען געגאַנגען פרויען צום ארון. די נאַכט זענען די פרויען שלעכט געשלאָפֿן, — און קיינער וואָלט נישט געקאָנט פֿאָרמולירן, וואָס ס׳איז די נאַכט גערעדט געוואָרן אין די פרויען־באַראַקן, אויך נישט די געפילן, וואָס דאָס רעדן האָט אַרויסגערופן. מען האָט גערעדט, אַז דער אינזשיניער לאַסלאָ האָט דערהרגעט — נישט דאָס ווייב, נאָר אַן אומשולדיק, הילפלאָז באַשעפעניש, נישט קיין פרוי, נאָר די מענטשלעכע ווירדע, — און דערהרגעט אַזוי, אַז מאַריעס טויט איז געוואָרן אַ סימבאָל פֿון פרויען־גורל. ביינאַכט, אין די באַראַקן, ווען די עלעקטריע איז פֿאַרלאָשן געוואָרן, — האָט די פינסטערניש געוועקט פחד, און מען האָט אין דער פינסטערניש גערעדט וועגן טויט.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, מיידלעך, האַ?

— וואָס טוט זיך עס אַזוינס, פרויען, זאָגט אַליין!

— ער האָט זי דערהרגעט מיט די אייגענע הענט, איז דאָס אמת ?

איינאונזיבעציק ווייבערישע פּלאָגן האָבן זיך פאַרוואַנדלט — אין אַ נאָמען פון אַ מענטש. די פרויען-באַראַקן זענען די נאַכט נישט געשלאָפן, שמועסנדיק אָן אויפהער.

— וואָס-זשע — ס'איז געווען אַ רעוואָלוציע, צי נישט ?

— ווער דאַרף געבן אַ ביישפּיל, — די גרעבערס, צי לאַסלאָ ?

— בירגערינס ! גיט נאָר אַ טראַכט, ווי אונזער גורל זעט אויס !... עס טשעפּעט זיך-צו צו אַן אַרבעטערין עפּעס אַן אויפ-זעער, מאַכט איר הנחות אין דער אַרבעט, און ווען דאָס מיידל ווערט פון אים מעוברת, וואַרפט ער זי אַוועק, זאָל זי זיך מאַטערן מיטן קינד. די רעוואָלוציע האָט אונז געגעבן אַלע רעכט און אונז אויסגעלערנט, וואָס מיר דאַרפן טון. מיר וועלן די אומשולדיקע אַזוי מקבר זיין, אַז ער וועט דאָס גאַנצע לעבן געדענקען וועגן זיין געמיינהייט. מיר וועלן זי אַזוי מקבר זיין, אַז ער אַליין וועט פון קבר נישט אַרויס.

איינאונזיבעציק ווייבערישע פּלאָגן האָבן אינדערפרי זיך צוגעגרייט אין פּראָטעסט-פאָרם.

לאַסלאָ איז נאָכגעגאַנגען דעם אָרון, נישט זעענדיק די זון, דעם אָרון, נאָר זעענדיק בלויז — די פרויען. זיי זענען געוואָרן אַלעמאָל מער. לעבן אים איז געגאַנגען דאַריע, די פּיינטלעך געשטימטע צו אים, פאַרצווייפלטע און דערשראָקע-נע, האַלטנדיק אין דער האַנט נאָך אַלץ דאָס זעלבע טיכל, וואָס זי האָט נישט באַוויזן אויפן קאָפּ אָנצוטון. די פרויען, ווי עס האָט זיך לאַסלאָן געדאַכט, זענען געגאַנגען הינטער זיינע פּלייצעס אין בלייערנעם שטילשווייגן, בליירן-שווער, און ווען דער ווינט האָט אַ בלאָז-געטון פון די לאָנקעס אויף דער שטאָט, האָט פון די פרויען זיך דערטראָגן אַ בלייערנער ריח פון ערד, שווייס און זאַלב-שמירעכץ. די פרויען-פּנימער אין בלענדנדיקן זון-ליכט האָבן אויסגעזען, ווי פון קופּער. און די פרויען-קליידער — ציי-גאָבער-רויטע, ציבעלע-געלע, הימל-בלויע — האָבן אינגאַנצן נישט

דערמאַנט אָן קיין מעטאַל. דאָס אָנטון פון דידאָזיקע בלייערנע פרויען מיט די קופּערנע פּנימער, די טיכער און קליידלעך פון דידאָזיקע סעזאָן־אַרבעטערינס, וואָס זענען געוואָרן פּראָלעטאַ־ריערינס, האָבן דעמאָלט דערמאַנט אָן די בילדער, וואָס שטעלן פאָר אַלטרוסישע, פּאַרצייטישע צוגן, געצנדינערישע צערעמאָניעס. די באָרוויסע פיס פון די פרויען האָבן טויב אָפּגעקלונגען אָן דער ערד. עדגאַר איוואַנאָוויטש איז נאָכגעגאַנגען דעם ארון אין אַ שוואַרצן הוט מיט ברייטע ראַנדן. פרויען אַרום דעם ארון איז איז געוואָרן אַלץ מער. די גאַסן פון דער שטאָט, איבערפולטע מיט פרויען, האָבן געהאַלטן איינגעפּרעסט די לוויה.

דאָס בית־עולם, די פאַרבערענגטע מינוטן ביים קבר, האָבן אויסגעזען לאַסלאָן, ווי עפּעס פאַרצייטישס. עדגאַר איוואַנאָוויטשס אויגן האָבן זיך דערשראָקן געעפנט, ווען דאָס ערשטע ביסל ערד האָט, אינמיטן פון דער בית־עולם שטילקייט, זיך טויב אָנגעקלאַפּט אָן דער דעק פון ארון. מאַריע, — מאַריע איז געלעגן אין גרוב, פון וואַנען עס קומט שוין קיינער נישט צוריק, — זי איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער נישטיקייט, זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט געזען טויזנט פּנימער, — אי קופּערנע, אי שטיינערנע, — וואָס האָבן אים אויסגעמיטן מיטן בליק, ווי ער, לאַסלאָ, וואָלט געווען אַ ליידיק אָרט. אַזוי איז זיכער אויך געווען ביי די פאַרצייטישע לוויה־צערעמאָניעס. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, נאָכוואָס עס געפינען זיך דאָ די פרויען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פּונקט ווי מאַריען, וועט מען אויך אים באַגראָבן אין דער ערד, — ער האָט זיך געפילט אויף איר אָרט.

לאַסלאָ האָט פון עמעצן באַקומען אַ שטויס אין דער ברוסט. פאַר אים איז געשטאַנען דאַריע. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט נישט דערקענט איר פּנים. דאָס פּנים איז געווען שרעקלעך. דאַריעס פּנים און די פּנימער פון אַלע אַנדערע פרויען האָבן אויסגעדריקט שנאה און פאַראַכטונג.

— מען דאַרף אים אויך אין גרוב אַריינשטופּן! — האָט

דאַריע געשריגן און ווידער אים אַ שטויס געטון אין דער ברוסט. — מיר וועלן דיך אויך אָן גרוב מיט דער ערד אויס־גלייכן!... מיידלעך, פרויען! — וואָס איז דאָס אַזוינס!? — ער האָט זי דאָך דערהרגעט! — ווי אַזוי איז דאָס עפּעס — עס ווערט דאָך אים אפילו קיין נעגעלע נישט אָנגערירט! — אַזאַ גורל האָבן מיר?! — און דאַריע האָט אָנגעהויבן וויינען, פאַרגעסנדיק אָן לאַסלאָן.

די פרויען האָבן אָנגעהויבן הויך און שרעקלעך צו שרייען, צורוקנדיק זיך צום קבר. די פרויען־פּנימער האָבן אויפגעהערט צו זיין פאַרשטיינערט, אָננעמענדיק מענטשלעכן אויסדרוק. די ביימער האָבן אַרומגענומען דאָס קבר מיט שווייגן. די גרעבערס האָבן איילִיק באַדעקט דאָס קבר, וואַרפנדיק שרעקנדיקע בליקן אויפן המון. אָן דער געשטאָרבענער האָט מען פאַרגעסן. דאַריאַ האָט באַוויזן איינצוהאַלטן אירע טרערן.

— חברטעס! — האָט דאַריאַ אויסגעשריגן מיט אַ געבראָכן קול און אַ פּאָך־געטון מיט איר רויט טיכל. — חברטעס פרויען! מיר זענען אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַריערינס. מעג אים דאָס געריכט באַפרייען, וואָס שייך אָבער אונז, פרויען, — מיר ווילן לעבן און בויען אונזער לעבן, — וועלן מיר אַליין אַרויסגעבן אַ פּסק אויף אים! מיר ווילן לעבן, און מיר וועלן משפּטן!...

לאַסלאָ האָט זיך אַ ווײַלע דערפילט ווי פּאָלטאָראַק אויף דער פּראָדוקציע־באַראַטונג.

דאַריען האָט איבערגעריסן אַן עלטערע, וואָס איר פּנים האָט לאַסלאָ לכתחילה נישט געקאָנט דערקענען און ערשט שפּעטער זיך דערמאָנט, אַז ער פלעגט זי זען אויף די פּלענאַר־זיצונגען פון פּאַרטיי־קאָמערל. די אַלטע, אין אַ בלויער בלוזע מיט פּיאָלעטע שילגערלעך, אין אַ פאַרטוך פון זאַק־לייוונט, אין געשנירלטע זאָקן אויף די גרויסע פיס, די אַלטע, אין רוסישן זינען פון דעם וואָרט, וואָרים אירע פערציק יאָר זענען אויפגעפרעסן געוואָרן דורך שווערע האָרעוואַניע, באַלוינענדיק איר פּנים מיט קנייטשן

און אַ טונקעלער בראָנז־קאָליר, — די אַלטע האָט איינגעהאַלטן אירע טרערן און אָנגעהויבן רעדן רויִק:

— חברטעס פּרויען. מיר געהערן צו די מענטשן פון אַר־בעט און זענען קאָמוניסטינס, — און ער איז אויך אַ קאָמוניסט, — מיר דאַרפן נישט אַזעלכע פּאַרטיי־מיטגלידער. אין זיין פּערזאָן פּאַראַכטן מיר דעם אויסגעלאַסענעם כּלל און פּראָטעסטירן קעגן אונזער גורל. ער איז געווען אַ פּאַראַנטוואָרטלעכער חבר, און איבער אים הענגען זיך מענטשן. נישט לאַנג איז פּאָרגעקומען דאָס געריכט איבער די גרעבערס, — מיר, פּרויען, זענען גלייכבאַרעכ־טיקט און ווען באַווייזן צו פּאַרטיידיקן זיך און די רעוואָלוציע. — מען דאַרף אים אין גרוב נישט אַריינוואַרפן! — האָט די אַלטע אויסגעשריגן. — מיר וועלן אים משפּטן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, חברטעס פּרויען, ווי מיר האָבן בייַנאַכט אָפּגערעדט, דורך דער פּאַרמיטלונג פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבן געזאָגט, חבר־טעס פּרויען, אַז מיר וועלן אַרויסווייזן אונזער באַוואוסטזיין, מיר, חברטעס...

איינער פון די גרעבערס האָט אַ ציפּ־געטון לאַסלאָן ביים אַרבל, זיך אָנגעבויגן צו זיין אויער און, פּאַרשפּרייטנדיק אַ ריח פון בראָנפן, פריינטלעך און איראָניש אַ שעפּטשע־געטון:

— אַנטלויף, אַנטלויף פון דאַנען, — זאָג איך דיר, — אַנט־לויף! די זעסט דאָך, אַז זיי וועלן דאָ אַ זעלבסט־געריכט איבער דיר אויספירן, — דו זעסט נישט? — אַנטלויף, דאָרט איז דאָ אַ זייטיק טירל, — גיי אַוועק, כּל־זמן זיי רעדן נאָך.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט נישט פּאַרשטאַנען דעם מאָמענט. די פּרויען האָבן אים אויסגעזען שרעקלעכער ווי מאַריעס טויט. ליגן אין גרוב לעבן מאַריען האָט אים נישט אויסגעזען שרעקלעך. די זון האָט געלויכטן זייער העל, עס איז געווען פּאַרנע, ווי פּאַר אַ רעגן. די ביימער האָבן געשוויגן. ווען עדגאַר איז געווען אַ קליין ייִנגל, פּלעגט ער גיין אויפן בית־עולם לייענען ביכער און טראַכטן וועגן דער צוקונפט. אַצינד האָט ער די גאַנצע פּאַרגאַנ־

געגהײט דערזען װי אויף דער האַנט. די לוויה האָט זיך פאַרװאַנדלט אין אַ מיטינג. עדגאַר איװאַנאָװיטש האָט דעם מיטינג אויפגענו־מען (אויב ער איז ביכולת געװען אויפצונעמען) װי אַ צערעמאָניע, װי אַ מיטינג פון געפילן, אָבער נישט פון אידעען, װי אַ מיטינג פון אינסטינקטן: אין אמתן איז געװען אַנדערש. איינע, צװיי זיבן, איינגאונדרייסיק פרױען, — טיכער, קליידער, בענדלעך, — פיס, ברוסטן, בייכער, באַקנביינער, — אַן אומדערקלערלעכע, אומבאַ־זיגבאַרע קאַנצעלאַריע, — פרױען. פרױען, דער עלעמענט, װאָס קאָן אַרויפלייגן אויף דער האַנט די װעלט און דאָס האַרץ, — מאַריע, מאַריע, די האָר פון די פרױען שמעקן מיט זאַלב־שמירעכץ, און ליסעס האָר שמעקן, װי אַ װאַרים הינדעלע. — עס איז שרעק־לעך!...

—... חברטעס פרױען, דער פאָרשלאַג איז, מיר זאָלן מיט אים נישט אַרבעטן!...

— אַנטלויף!

די ביימער זענען געשװאָלמען איבערן בלויען הימל, װאָרים די װאָלקנס אין הימל האָבן זיך פאַרהאַלטן. פון הינטער די ביי־מער האָט זיך דערהויבן דער צלם פון דער בית־עולם־צערקװע. אוראַלטער! — און די פרױען־פּנימער האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם אויפברויז פון קאָלעקטיװער פאַראַכטונג, פון קאָלעקטיװן אַרויסטריט קעגן זייער עװלה, אין קאַמף פאַר זייער גורל.

— עדגאַר איװאַנאָװיטש! עדגאַר איװאַנאָװיטש! — אין לאַסלאָס אויער און נאָז האָט אַ שלאָג־געטון אַ ריח פון ציבעלע און בראָנפן. — הערט נאָר, לאַסלאָ, דאָס איז נישט קיין שפּאַס! איך האָב געשיקט נאָך רייטער־מיליץ, לאָמיר גיין!

לאַסלאָ האָט זיך אומגעקוקט. אין אויער האָט אים אַריינגעשעפּטשעט דער אַנטיקװאַר גריבאָיעדאָװ, אַן איבערגעשראָקענער, ערנסטער און נאַסער.

- די װייבער קאָנען דערהרגענען, איר זעט דען נישט!?

אַנטלויף — האָט דער גרעבער באַשטעטיקט.

און עדגאַר איוואַנאָוויטש איז ווי אַ גנבֿ אַוועק פֿון קבֿר, נישט ווי געהעריק זיך געזעגנט מיט מאַריען, ווי אַ גנבֿ זיך גע־רוקט הינטערן גרעבער צום אַנטיקוואַר און געהיים זיך אַרויסגע־כאַפּט הינטערן קאַראַוואַן, — דאָס פֿערד האָט אַן אָטעם געטון מיט דו און פֿריש גראָז. דער המון פֿרויען איז ענלעך געווען צו אַ ריזיקער מכּה, וואָס האָט געפּלאַצט איבער קבֿר. נישט ווייסנדיק וואָס ער טוט, איז עדגאַר איוואַנאָוויטש אַנטלאָפֿן מיטן אַנטיקוואַר אין דער טיף פֿון בית־עולם. די פּאָלעס פֿון אַנטיקוואַרס סורדוט האָבן דערמאַנט אָן די פֿליגל פֿון אַ פֿלעדערמויז, דער אַנטיקוואַר איז געווען בלייך פֿון שרעק. נאָכן בית־עולם איז דער אַנטיקוואַר אַנידערגעפֿאַלן אויף דער ערד. לאַסלאָ איז געפֿאַלן לעבן אים.

אַזוי האָט עדגאַר איוואַנאָוויטש לאַסלאָ איבערגעלעבט די לוויה.

דער קאָרעספּאָנדענט פֿון „קאָמסאָמאָלער אמת”, וואָס איז אָנ־וועזנד געווען אויף דער לוויה, האָט אַזוי דעפּעשירט צו זיין צייטונג:

„... די סיבּות פֿון פֿרייוויליקן אַוועקגיין פֿון דער אַר־בעט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לוויה פֿון אַרבעט־אינזשי־ניערס פּרוי. דער מאַסן־פּראָטעסט פֿון די פֿרויען דאַרף באַ־צייכנט ווערן אַלס אויסדרוק פֿון זייער אויפגעוואַכטן קלאַסן־באַ־וואוסטזיין. די סיבּה פֿון פּראָטעסט איז געווען נישט בלויז דער טויט פֿון לאַסלאָס פּרוי, נאָר אַ גאַנצע רייע עפּיזאָדן, ווי אַ שטייגער: די פֿאַרגוואַלטיקונג, וואָס איז אויסגעפֿירט געוואָרן דורך די סעזאָן־אַרבעטער פֿון דער פּענזער גובערניע (שוין באַשטראָפֿט געוואָרן), דאָס טשעפּען זיך פֿון די אויפֿזעער און צענדליק־אָנפֿירער צו די אַרבעטערינס, זייערע לייכטע

באַציאונגען מיט די ביוראַליסטינס, געוויסע פאַלן פון הנחות פאַר געליבטע, וואָס זענען באַשעפטיקט סיי אַלס אַרבעטערינס, סיי אין דער אַדמיניסטראַציע. אין דעם קאָלעקטיוון פּראָטעסט"...

... די וואוינונג איז געווען לער. די וואוינונג איז געווען אָפן. אין דער וואוינונג אַריין איז קיינער נישט געקומען. די וואוינונג איז פאַרשטומט געוואָרן אין אַ שטילקייט, וואָס קאָן שימלען. דער קאַבינעט איז פאַרזונקען אין פינסטערניש. עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פאַרגעסן אָן צייט און רוים. ער האָט פיזיש נישט געקאָנט זעען די ביכער, און זיי דאָך געזען. די ביכער האָבן אַרויסגעשטאַרט פון די פּאָליצעס, ווי ריזיקע קינבאַקן. יעדעס בוך איז אַ פאַלסיפיקאַט פון עכט, מענטשלעך לעבן, אַ צאַפּל פון מענטשלעכן געדאַנק, — די ביכער זענען אַ מתים-שטוב, אין וועלכער עס זענען באַהאַלטן דאָס עכטע לעבן, די געדאַנקען, די מענטשלעכע ליידנשאַפטן, ווי אין אַ קרעמאַטאָריום. דאָס אומבאַוואוסטזיין האָט באַדעקט די מוח-קאָטלעטן, ווי די נישט דורכזיכטיקע ראָלעטן באַדעקן אין די שלאָף-וואַגאָנעס דאָס גלאָז פון די לעמפּלעך. פאַרן באַוואוסטזיין איז געבליבן אַ קליינער בלייז. אין דער פינסטערניש פון אונטערבאַוואוסטזיין איז געבליבן פון דער לוויה אַן איינדרוק, וואָס האָט דערמאַנט אָן אַליסען, אָן ריח פון אירע האָר. עס זענען געווען צוויי לעבנס: איינס, אַ פאַרשטעלטס דורך די ראָלעטן פון אומבאַוואוסטזיין און אַ צווייטס, וואָס האָט געשווימלט מיט געדאַנקען-מייז. די מייז זענען אַרומגעלאָפן — קעגן ווילן, — און דאָס באַוואוסטזיין האָט דעמאָלט אָבסערווירט זייער אַרומלויפן. אַ געדאַנק איז בליץ-שנעל אַוועקגעלאָפן צום זכרון, דעם באַוואוסטן און אונטערבאַוואוסטן, ביידע זכרונס האָבן זיך פאַראייניקט און אומגעקערט צום באַוואוסטזיין אין דער מינוט, ווען פון די ווייטסטע מוח-ווינקעלעך איז דערשינען אַ בילד: דאָס איז געווען אָלגעס אָרעם, איינצייטיק אַזעלכער, ווי ער פלעגט ליגן לעבן אים, און ווי דאָרט, אויפן

פראָנט פון בירגער-קריג, ווען אָלגאַ האָט מיט די פינגער זיך אַרויסגענומען דעם גראַנאַט-שפּליטער.

אין דער פינסטערניש פון אונטערבאַוואוסטזיין איז געווען זייער וואַרים, רויִק, שטיל. דער מענטש האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן אין אונטערבאַוואוסטזיין.

עדגאַר איוואַנאָוויטש האָט פיזיש נישט געקאָנט זען פאַרמאַכטע אויגן, און דאָך האָט ער געזען, ווי מאַריע איז אַרייַנגעקומען, געשטאַנען אַ ווײַלע אויף דער שוועל און אַריבערגעגאַנגען אויף די פּאָליצעס ביכער. עס איז געשען עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. מאַריע האָט נישט געעפנט די אויגן, וואָס זענען פאַרמאַכט געווען, ווי אין ארון. מאַריע האָט אָנגעהויבן ווערן קלענער, פלאַכער, — זי איז פלאַך געוואָרן ווי אַ בוך. דאָס בוך מאַריע האָט זיך אויפגעהויבן און אַרײַנגעשטעלט אין דער פּאָליצע לעבן וואָלטערס „קאַנדידאַ". דערלעבן איז געשטאַנען קאַנדיבאַ. קאַנדיבעס האָט געלאָזט פאַלן אויפן דיל די געזעצן פון camera obscura טייך-פלוס, איבערן דיל זענען דורכגעפלאָסן טייכן. עס איז פאָרגעקומען עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. דאָס צימער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טייך, זייענדיק איינצייטיק דער אַנדרעעוו-זאַל פון מאָסקווער קרעמל, — „דער קאָמוניסט לאַסלאָ איז שוין נישט געווען!" מאַריע איז געשטאַנען אין דער פּאָליצע, ווי אַ בוך. דער ברייטפּלייציקער פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז צוגעגאַנגען צו דער פּאָליצע, אַרויסגענומען מאַריעס בוך, אויפגעעפנט עס, דורכגעוואָרפן עטלעכע זייטלעך, אַ קוש-געטון די הילע און אומגעשיקט צוריק אַרײַנגעשטעלט אויפן פריערדיקן אָרט, — דאָס בוך איז אַראָפּגעפאַלן. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט עס אויפגעהויבן און צוריק אַרײַנגעשטעלט אויפן פריערדיקן אָרט. דאָס בוך איז ווידער אַראָפּגעפאַלן. פון אונטערבאַוואוסטזיין זענען דורכגעלאָפן — אין די הונדערטער מיטאַמאָל — נישט איינדרוקן, נאָר געדאַנקען און בילדער, — דאָס גאַנצע אונטערבאַוואוסטזיין, דער גאַנצער מוח, דער גאַנצער קערפּער האָט דערפילט אַן אומגלויבלעכע שווערקייט, אַ דריקעניש, אַ מאַטעמאַטיזקייט, אַ ווייטיק. דאָס באַ-

וואוכסזיין האָט צערוקט די ראַלעטן - ענערגיש — אויפן אַנצן מוח. די בוי־אַרבעט האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן. דער נייער מייך, דער קאַנאַל פאַרן סאָציאַליזם, איז געוואָרן אַ רעאַליטעט. צענדליקער טייכן און טייכלעך איבער הונדערטער רוסישע דערפער און דערפלעך האָבן אָפּגעלאָזט זייערע וואַסערן, געעפנט טויזנ־טער טאַמעס. מען האָט פאַרענדיקט בויען דעם רעכטן אָרעם פון מאָנאָליט. די וואַגאָנעטקעס האָבן צוגעפירט פון שטשו־רקווער וואַלד איבערן בערגל די לעצטע טאָנען בעטאָן. דער מאָנאָליט, זיך איינבייגנדיק אין דער ערד, וואָס איז אויפגעריכן געוואָרן דורך געפרעסטער לופט, האָט געשפּאַרט אויף די אָפּטרעטנדיקע קאַלך־שיכטן. די שפּונטן־ווענט ביי די טאַמעס זענען שוין אַוועקגענומען געוואָרן. עס איז אַריינגעפלאָסן וואַסער. דעם קעסל־גרוב האָט פאַרגאָסן „פליסיקער בעטאָן”. דער ערד־פלומפּ פון נייעם געלעגער, וואָס איז פאַרביטן געוואָרן אין אַן אָזערע, אַרומגעלייגט מיט פאַשינע, האָט זיך דערווייטערט אויף הונדערט קילאָמעטער — קיין בראָניץ. עס האָבן געקלונגען די טע־לעפאָנען. אויף דער בויאונג האָבן אַ גאַנצע טאָג געקלונגען די טעלעפאָנען.

פאַרנאַכט איז אין ביוראָ פון דער אינזשיניעריע־לייטונג גע־קומען דער אינזשיניער לאַסלאָ, אַ געשטאַרבענער, אין האַרטע שטיבל, אין אַ שוואַרצן הוט מיט ברייטע ראַנדן, — מיט אַ טעקע הינטערן אָרעם, — ער איז צוריקגעקומען פון דער לוויה. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט טיכטיקן ווילן. די ביוראַליסטן זענען זיך נישט צעגאַנגען, כאָטש די ביוראָ־שעהן זענען שוין געווען פאַרענדיקט. אין אַלע פאַבריקן־און בוי־ביוראָען, תּמיד רחבותדיקע, העלע און אַ ביסל פּרעטענציעזע, — דערמאַנט מען זיך אָן טויט, ווייל דאָס קלאַפּן פון די רעכן־געווערקן איז ענלעך צום קלאַפּן פון ביינער, און ווייל אין די ביוראָען ווערט נישט געשאַפן קיין אַרבעט, נאָר אידעען פון אַרבעט. לאַסלאָ איז — מיט אָנגע־שטרענגטן ווילן — אַריינגעגאַנגען אין זיין קאַבינעט. און באַלד זענען נאָך לאַסלאָן אַריינגעקומען אין ביוראָ עטלעכע הונדערט

פרויען. זיי זענען געגאַנגען רויִק, ווירדיק, מיט אַן אויסדרוק פון שטרענגער מענישקייט אויף די פּנימער, זיי האָבן פול געמאַכט דאָס ביוראָ, שאַפנדיק מיט זייער פאַבריקן אָנטון און אָנווערזנהייט אַ קאָנ־טראַסט צו דער רחבות און פרעטענציעזקייט פון לאָקאַל. די פרוי, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס, האָט אַריבערגעגעבן איבער דער באַריערע — שווייגנדיק — די רעזאָלוציע פון די פרויען. די רעזאָלוציע האָט צוגענומען סאַדיקאָוו. די רעזאָלוציע האָט געלויטעט, אַז די פרויען באַאיקאָטירן דעם אינזשעניער לאַסלאָ. לאַסלאָ איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט און זיך געשטעלט לעבן סאַדיקאָוון. סאַדיקאָוו האָט געלייענט אויפן קול.

— אַלזאָ, עדגאַר, מיר האָבן זיך אָנגעקלאַפּט, וועלן מיר שוין אויסטרינקען ביז דער דנאָ ? געדענקסט, איך האָב ליב צו דער־ציילן וועגן דער באַרקע, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן הינטער סאַראַטאָוו ? — סאַדיקאָוו האָט גערעדט זאַכלעך, רויִק, גענוג שטיל. — ליובאָוו פּימענאָוונאַ האָט אַמאָל דערציילט וועגן פיש, וואָס זענען געווען קאַליע און האָבן דאָך געשמעקט ווי פייגלעך. איבעריקנס, לייען איבער די רעזאָלוציע און לאָמיר רעדן וועגן די ענינים פון דער בויאונג. דו האָסט געמיינט, אַז די סאָ־ציאַלע און ביאָלאָגישע אינסטינקטן זענען דערשיינונגען פון פאַר־שידענע קאַטעגאָריעס.

פון ביוראָ זענען אין אַ לאַנגן צוג כסדר געגאַנגען די פרויען.

... נאַכט, לערקייט פון צימער. שטילקייט, קיינער איז נישטאָ, גאָרנישט איז נישטאָ.

„די ביכער דאַרף מען אַרויסרוימען ! מאַריע איז ווירקלעך ענלעך צו אַ בוך !"

שטילקייט, קיינער איז נישטאָ, גאָרנישט איז נישטאָ. די װאוינונג איז אָפן אין אַלע זייטן אַריין. די ביכער, די camera obscura האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון די פּאָליצעס. דער קריין האָט זיך פאַרשלאָגן: מיט טויזנט יאָר צוריק זענען לאַס-לאָס זיידעס אװעקגעגאַנגען פון די ברעגן פון דער װאָלגע, װעל-כע זיי האָבן דעמאָלט גערופן ר אַ, — לאַסלאָ איז געקומען איבער-גראָבן די קװאַלן פון דער װאָלגע — און איז ביי אירע קװאַלן אומגעקומען.

לאַסלאָ איז אויפגעשטאַנען פון דער סאָפּע. אויסמיידנדיק אָנצורירן די װענט פון צימער, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון הויז. ער האָט פאַרגעסן דעם הוט. לינקס, אין דער שטשוראָװער זייט אַריין, האָט זיך געצויגן די קייט פון די מאָנאָליט-לאַמטערן, פון הינטן האָבן געבלאַנקט די לאַמטערן פון אָפּפיר-קאַנאַל. דאָס ליכט פון דער בויאונג האָט דערגרייכט דעם שװאַרצן הימל, די נידע-ריקע װאָלקנס. פון הימל האָט געטריפט אַ דינער, שוין האַרבסטי-קער רעגן. אויף די לאָנקעס האָט גערוישט דער װינט. לאַסלאָ האָט געלאָזט די טיר פון דער װאוינונג אָפן. לאַסלאָ האָט זיך אָנ-געהויבן דערװייטערן פון די לאַמטערן און אין ערטער, װאו מען האָט געקאָנט באַגעגענען מענטשן, — אין דער פינסטערניש אַריין, אין רעגן, אויף די לאָנקעס אַרויף. ער איז געגאַנגען, װי אַ מענטש, װאָס האָט פאַרלוירן דעם זינען. אויף דער ערד איז גע-װאָרן האַלבענאַכט. די ביכער האָבן לאַסלאָן נישט אָפּגעלאָזט. און דעמאָלט האָט אין דער פינסטערניש זיך דערהערט אַ קול:

— דאָס איז װידער — דו!?

פאַר לאַסלאָן איז װי פון דער ערד אויסגעװאַקסן דער אינזשיניער פּאָלטאָראַק. פּאָלטאָראַק האָט זיך װידער געלייגט אויף דער נאַסער ערד. לאַסלאָ האָט זיך געזעצט לעבן אים. דער רעגן האָט אָנגעהויבן געדיכט צו פאַלן. ביידע אינזשיניערן האָבן שװייגנ-דיק פאַרררייכערט פּאַפּיראָסן.

— יעװגעני יעװגעניעװיטש, אויף דער בויאונג איז דער

האַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז איר זענט אַ שעדיקער, — האָט לאַס־לאָ גלייכגילטיק געזאָגט.

— ביז איינס אַ זייגער ביינאַכט, — האָט געזאָגט דער על־טערער בעזדיעטקאָוו.

— ביז איינס אַ זייגער ביינאַכט, — האָט געזאָגט סקודרין.

— יאָ, ביז איינס אַ זייגער.

און דערנאָך איז פאַר פּאָלטאָראַקן אַלץ געוואָרן האַלוצי־נאַציע אין דער נאַכט פון זיין טויט. דער פורמאַן האָט אָפּגערוקט אין אַ זייט קאָלאָמנע, צורוקנדיק דאָס הויז פון די סקודרינס. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער געזעלשאַפט פון די ברידער בעזדיעטקאָוו, האָט אָנגעהויבן פלוידערן, ווי אַ שוטה, אַז אַן אויסוואורף קאָן דערהרגענען און אַז נישט יעדער אויסוואורף איז אַ שוטה, — און פּאָלטאָראַק האָט געוואוסט, זייער גוט געוואוסט אין דערדאָזיקער לעצטער נאַכט פון זיין לעבן, אַז דער טויט קאָן קו־מען אָן בלוט, ווי עס אַנטשטייען בויאונגען אָן בלוט. פּאָלטאָראַק איז אַוועקגעגאַנגען פון סקודרינען. ער איז געגאַנגען אין האַלו־צינאַציע צו דער פּאָנטאָן־בריק, וואו עס האָבן געוואַרט די בעז־דיעטקאָווס מיט זייערע בלייערנע אויגן, אויך אַזעלכע שווערע ווי שערוואודס אויגן. דידאָזיקע אויגן האָבן געקוקט אויף אים פון דער פוסטקייט פון די לאָנקעס, מיט זייער בלייערנער רויִקייט דער־גרייכט דעם פייערדיקן סלופּ אויפן הימל, די געשרייען, די שרעק און דאָס גערויש פון וואַסער. פּאָלטאָראַק האָט שווער געטראָגן זיין ליבע מיט זיך. עס האָבן אים אַרומגערינגלט: היימלאָזיקייט, טויט, פוסטקייט, עלנט, שרעק, — טויט אָן בלוט. פּאָלטאָראַק האָט געזאַמלט די כוחות — אויף איינס אַ זייגער. פּאָלטאָראַק האָט נישט געוואוסט וואוהין צו גיין. ער איז געגאַנגען אין דער זייט אַריין פון דער שטאָט, מיטן ברעג פון טייך מאָסקווע, לעבן טורעם פון מאַרינאַ מנישעק, ביים קרעמעל. אין טורעם האָבן געשריגן סאָ־

וועס. פּאָלטאָראַק איז אַרויסגעקומען אויף די לאַנקעס. אַלץ איז פאַר אים אונטערגעגאַנגען. דער מאָרגן איז געווען פּונקט אַזוי ווייס, ווי די קינדהייט. פאַר אים האָבן געברענט די לאַמ־טערן פון דער בויאונג, פאַרטרייבנדיק די שוואַרצע פינסטערניש פון די לאַנקעס. איבער די לאַנקעס, וואָס ווען אין עטלעכע חדשים אַרום פאַרגאָסן ווערן מיט וואַסער, האָבן פריילעך געשריגן די לער־כעס. עס האָט געבלאָזן אַ ווינט, עס האָט געגאָסן אַ רעגן.

וויעראַ, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו ! — דעם ווייבס נאָמען איז געווען סאָפיאַ — גלויבן, האָפענונג, ליבע, קלוגשאַפט !...

פּאָלטאָראַק האָט גערעדט ווי אַ פאַראורטיילטער צום טויט : וויעראַ, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו, סאָפיאַ, — ס'איז גאָרנישט דאָ. אַלץ ווערט געבויט אויף בלוט, — און אָט איז געקומען דער טויט אָן בלוט. וויעראַ איז געשטאָרבן מיט אַ בלוטלאָזן טויט. נאַדיעזשדאַ האָט געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט, ווען זי איז די אמתע, — און מיט פּאָלטאָראַקן האָט זי געוואָלט זיין אַזעלכע, וואָס איר איז אַלץ דערלויבט, — פאַרוואָס ? — פּאָלטאָראַק האָט גערעדט ערנסט בלויז מיט סקידרינען. ליובאָוו איז געקומען, כדי צו זאָגן, אַז זי גייט אַוועק פון אים. די וועלף הינטער די יאַגד־פענדלעך ווייסן נישט, אַז אויסשטעלנדיק די פענדלעך, האָבן אין וואַלד, אין דער טונקל־קייט, הינטער די ביימער, שטילערהייט זיך אויסגעשטעלט די יעגער, כדי צו דערהרגענען, און אַז דעם טויט ברענגען נישט די ליאַרמענדי־קע אָנטרייבערס, נאָר די, וואָס שווייגן. די אָנטרייבערס האָבן געוויינט שרייען, ליאַרמען, פּילדערן, און דאָס לעבן — איז געבליבן אויף יענער זייט פענדלעך, נאַטירלעך דאָס געוויינטלעכע לעבן. — וויעראַ ! נאַ־דיעזשדאַ ! ליובאָוו — גלויבן, האָפענונג, ליבע ! — דער רעגן האָט געגאָסן. דער ווינט האָט גערוישט. דער חושך האָט פאַרשטעלט דעם חלל. פּאָלטאָראַק איז געלאָפן איבער די לאַנקעס. פאַר אים האָבן גע־צישעט, געסקריפּעט, געוואָיעט, געוויינט, געקרעכצט די עקסקאַוואַ־טאָרן אין דער באַלייכטונג פון דער בויאונג. פּאָלטאָראַק איז אַנט־לאָפן אין דער זייט אַריין. די עקסקאַוואַטאָרן האָבן געכאָרכלט פון שרעק. פּאָלטאָראַק איז געפאַלן, זיך שטרויכלענדיק אָן אַ גראָז־

בערגל. איבער זיין קאָפּ האָט געגומען וואָיען, ליאַרמען די אָנטרייבונג. — וויעראַ, נאַדיעזשדאַ, ליובאָוו — דאָס איז געווען די אָנטרייבונג, נישט דער טויט. אינמיטן פון דעמדאָזיקן וואָיען האָט פאָלטאָראַק דערזען אַ פראַגמענט פון אַ מאָסקווער טראַמוויי, אַ ווייסן קוואַדראַט און די ווערטער: — בירגער! כּדי אויסצומיידן שטראָף, צאָלט פאַרן פאָרן, נישט וואַרטנדיק אויף דער פאָדערונג פון קאָנדוקטאָר!" — דאָס האָט אים אויסגעזען, ווי דער טויט. פאָלטאָראַק האָט שווער געטראָגן מיט זיך זיין ליבע. פאָלטאָראַק איז געווען אַ רוס, אַ נאַציאָנאַליסט. פון ווען אָן האָט ער דאָס אָנגעהויבן זיך אָפּקעגנשטעלן אַלץ, וואָס איז רוסיש, ער, וואָס האָט בדעה געהאַט אויסצורייסן די טאַמע, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך רוסישע אַרבעטער?

ער האָט ווי אין חלום זיך דערמאַנט די פּראָדוקציע־באַראַטונג פון די אַרבעטער. — „בירגער, צאָלט, כּדי אויסצומיידן שטראָף!" — „אָנשטאָט אויסצוגעבן אויף ביר, זאַמלט בעסער אויף שפּאָר־ביכלעך!" — דאָרט, אין טראַמוויי, האָט אַ שיכּורער מייסטער איינגעטענהט: — „אַמאָל איז געווען אַזוי: אויף איין זייט גאַס וואוינט דער בעדנער פּיאָטער איוואַניטש, אויף דער צווייטער — איוואַן פּיעטראָוויטש, — איך אַרבעט ביי איוואַן פּיעטראָוויטשן, מיר האָבן געמאַכט אַ פּוסה זונטיק, זיך צעקריגט מאָנטיק, — האָב איך צונויפגענומען די כּלים און אַרבעט שוין פון דינסטיק אָן ביי פּיאָטער איוואַניטשן, וועלכער האָט מיך צוגענומען מיט גרויס צופרידנהייט, ווייל מיר האָבן מיט דעם אונטערגעשטעלט אַ פּיסל איוואַן פּיעטראָוויטשן, — אָבער אַצינד, אויב איך האָב אָפּגעטון עפּעס אַ מיאוסע זאַך ביי בעדנעריי אין וואָלאָדיוואָסטאָק, — וועט מען מיך שוין נישט צונעמען אין מינסק, נישט נאָר נישט צו בעדנעריי, נאָר אפילו נישט צו מאַנופאַקטור!"

ווי אין קינאָמאַטאָגראַף, ווען דער מעכאַניק איילט זיך, אַזוי האָט פאָלטאָראַק דערזען הונדערטער, טויזנטער פּלאַקאַטן, מיט וועלכע רוסלאַנד האָט זיך פון אים אָפּגעגרעניצט. „טרינק נישט". „ס'ווערט אָפּגעשאַפט דאָס דריקן די האַנט". „זאָג בקיצור, וואָס דו דאַרפסט". „וועץ דיך אומגעבעטן". „ס'איז פאַרבאָטן צו שפּייען

און רייכערן". „שטיין צוזאַמען מעגן נאָר צען מענטשן". „היט דיך פאַר גנבים". „בירגער! באַקומענדיק פון אַגענט אַ צעטל פאַר איינגעצאָלטער שטראָף, גיב אַכטונג די סומע פון דער שטראָף זאָל אַריינגעשריבן ווערן אין דער געהעריקער רובריק פון שטראָף־בוך!" — דאָס זענען געווען מאָראַליזירנדיקע פּלאַקאַטן. פּאָלטאָראַק האָט דערזען פאַר זיך אַ האַנט אין אַ באַנדאַזש, — אַ האַנט אין אַ קאָנטראָל־באַנדאַזש, אַן איבערבינדונג מיט אַ פּלאָמבע, וואָס די קאָלאָמנער קאָנטראָל־דאָקטוירים זענען מחויב געווען צו פאַרלייגן ביים מאַכן איבערבינדונגען די אַרבעטער, זיי זאָלן אין דער היים בגנבה נישט צערודערן די וואונד און אַזוי אַרום זיך מניעה־זיין פון דער אַרבעט. דער קאָנטראָל־באַנדאַזש האָט זיך צוגערוקט צו פּאָלטאָראַקס אויגן. פּאָלטאָראַק איז אויפגעשטאַנען פון דער ערד און זיך געלאָזט לויפן אין דער פינסטערניש אַריין. פון הינטן, אויף יענער זייט פינסטערניש פון די לאָנקעס, האָבן געפלאַמט די לאַמטערן פון דער בויאונג. פון דאָרטן איז געגאַנגען רוסלאַנד, דאָס לאַנד פון דער מלחמה אָן בלוט. עס זענען געגאַנגען מענטשן, שטעט, פאַבריקן, טאַבאָרן פון שטעט, פון פאַבריקן, פון בויאונגען. — עס איז געגאַנגען רוסלאַנד צום סאָציאַליזם, כדי אומבאַדינגט צו דערגיין צו אים. מענטשן זענען געפאַלן פון פאַרמאַטערטקייט, אויפגעשטאַנען און ווייטער געגאַנגען. שטעט זענען געגאַנגען מיט די פּלאַקאַטן פון זייערע רויטע שילדן און טראַנספּאַרענטן. קיין זאַך איז נישט געשטאַנען אויפן אָרט, קיין זאַך האָט זיך נישט פאַרהאַלטן. אַלץ איז געגאַנגען. עס זענען געגאַנגען אפילו די וועלדער און דערפער, — מענטשן, הייזער, ביימער, שטיינער, וואַסערן, ערד־שטחים. רוסלאַנד איז געגאַנגען, אַ גרויע און שטאָלערנע, אונטער דער קאָמענדע פון לאָזונגען און פּלאַקאַטן, אָרגאַניזירט אין קאָרפּוסן פון פאַך־פאַרבאַנדן, פוס־גייער־מיליטער פון מלוכהשע אינסטיטוציעס, אַרטילעריע און טאַנקס פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אָרגאַניזירט אַזוי, ווי מען בויט פאַבריקן. עס האָט זיך באַוועגט אַ ריזיקע פאַבריק, די אַרבעטס־אַרמיי פון רוסלאַנד, אָנגעפירט דורך צענדליקער

טויזנטער אָרגאַניזאַציעס — פּאַרטייאישע, פּאַכמעגישע, מלוכהשע, — אָרגאַניזאַציעס פון דערפער, ראַיאָנען, קרייזן, קוואַרטאַלן, — אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער, פויערן, אינטעליגענץ, — אָפּהענגיקע פון די פּאָלקס-קאָמיסאַריאַטן פאַר אַרבעט, געזונטהייט, בילדונג, האַנדל און הונדערטער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אָרגאַניזירן דעם מענטש און די אַרבעט און זענען אָפּהענגיק איינע פון די אַנדערע, דערגענצן און אָרגאַניזירן זיך קעגנזייטיק. פאָלטאָראַקס זעען איז געווען קאָשמאַרהאַפטיק, — דערדאָזיקער צוג איז געווען מאַריעס לוויה און איינציייטיק די פּראָדוקציע-באַראַטונג. די מענטשן, די שטעט, די געגנטן זענען געקומען צו דער בויאונג פון מאָנאָליט און אָוועקגעגאַנגען פון אים, דורכגייענדיק אים, ווייל די בויאונג איז געווען דער קאַמף-פּלאַץ פאַרן סאָציאַליזם.

פאָלטאָראַק איז געלאָפן איבער די לאָנקעס. די פלאַקאַטן זענען אָנגעקומען נישט פון דער בויאונג, נאָר פון פאָלטאָראַקס האַרץ. פאָלטאָראַק האָט געדאַרפט אַרויסזעצן אין דער לופט דעם מאָנאָליט, אָבער ער האָט זיך דערזען גיין צוזאַמען מיט אַלע, אין געדראַנג פון מענטשן, שטעט, דערפער, וואָס זענען געגאַנגען לעבן אים. ער האָט זיך פאַרהאַלטן. גענומען לויפן. אַריינגעפאַלן אין אַ ראָוו און איילִיק אַרויסגעקראָכן פון אים. פאַר אים האָבן זיך אויסגעשפּרייט ראָוועס, גריבער, גליטשיקער ליים. פון דער פינסטערניש האָט זיך דערנענטערט צו פאָלטאָראַקן אַ מענטש. דאָס איז געווען דער שלעפּער אָזשאָגאָוו. הינטערן שלעפּער האָט זיך געזען אַ בלינדער פּאַרקן, וואָס האָט פאַרשטעלט מיט פינסטערניש דעם אַזוי אויך שוואַרצן הימל. הינטערן פלויט האָבן אַ שימער געטון עלעקטרישע לעמפּלעך.

— וואָס טרייבט דיך אַזוי פון איין אָרט אויפן צווייטן ? — האָט דער שלעפּער געפרעגט.

— ווער איז דאָס ? — האָט געפרעגט פאָלטאָראַק.

— דאָס בין איך, איוואַן אָזשאָגאָוו.

— וואו זענען מיר ?

— ביי דער ציגעלניע.

ווייל אַרום די ציגעלניעס געפינען זיך לייט-גריבער, די דעכער פון די שאָפּעס זענען לאַנג, גרייכן ביז דער ערד, און די פּאַרקנס זענען בלינדע, — דערמאָנען די ציגעלניעס תמיד אָן גע-היימנישפולע הורבות. דער שלעפּער איז געווען שיכור אין זיין משוגעת. דער שלעפּער האָט זיך שווער געהאַלטן אויף די פיס און זיך געטרייסלט, צודריקנדיק די הענט צו זיין זיך טרייסלענדי-קער ברוסט.

— וואָס טוסטו דאָ ? — האָט פּאָלטאָראַק געפרעגט.

איך היט דיך. איך ווייס דאָך, אַז דו ווילסט מיט מיין ברו-דער יאַקאָוו אויפרייסן די טאַמע. איך ווייס דאָך פאַרוואָס מיין ברו-דער פּאַשעט דאָ גאַנצע נעכט די בהמות.

— אַלץ, שוטה, וואָס דו זאָגסט, איז ליגנט !

— איך זאָג נישט קיין ליגנט.

זיי זענען שטיל געבליבן.

— ביסט געקומען ? עס האָט דיך אַהערגעטריבן ? — האָט איוואַן געפרעגט.

— וואָס אַזוינס ?

— דיין געוויסן, — האָסט נישט אויסגעהאַלטן, האַ, נישט אויסגעהאַלטן ? — האָט איוואַן איראָניש געזאָגט און ערנסט צוגע-געבן : — וויין !

ווען פּאָלטאָראַק זאָל געווען בלייבן לעבן, וואָלט ער דער-נאָך קיינמאָל נישט געקאָנט באַשטימען, ווער פון זיי ביידע ס׳האָט גערעדט פון היך, ער, צי איוואַן. איוואַן אָזשאָגאָוו האָט זיך געטרייסלט און שעפּטשענדיק דערציילט וועגן זיין קאָמונע, וואָס באַשטייט פון אַזעלכע ווי ער, — וועגן דעם, ווי אַזוי ער איז גע-ווען דער ערשטער פּאָרזיצער פון קאָלאָמנער אויספיר-קאָמיטעט, ווי הערלעך ס׳זענען געווען די יאָרן פון נייַנצן-אַכצן ביזן איינאונ-צוואָנציקסטן, און ווי שטרענג און ערלעך זיי זענען דורכגעגאַנ-

גען, — וועגן דעם, ווי מ׳האָט אים, איוואַן אָזשאָגאָוון, אַוועקגע־טריבן פון דער רעוואָלוציע און ווי ער איז אַרומגעגאַנגען איבער קאָלאָמנע, כדי צו מאַכן מענטשן וויינענדיק. און ער האָט ווידער דערציילט וועגן זיין קאָמונע, וועגן דער גלייכהייט און ברידער־לעכקייט, וואָס הערשט אין איר, — אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז קאָמוניזם הייסט: זיך אָפּזאָגן פון אייגנטום, — אין עכטן קאָמו־ניזם איז דער עיקר דער צוטרוי, די אָנגעשטרענגטע פאַראינטערע־סירטקייט און די מענטשן גופא.

דער אַלטער האָט געציטערט אויפן רעגן, זיך צוהאַלטנדיק מיט די דאַרע און ציטערדיקע הענט דעם קאָלנער פון דער מאַריי־נאַרקע. די ציגעלניע־בנינים האָבן באַשטעטיקט דעם געדאַנק וועגן חורבות. איוואַן קאַרפּאָוויטש איז געשטאַנען אויף אַ בערגל, די שיין פון הינטערן פאַרקן איז געפאַלן אויף זיין קאָפּ און פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט משוגעת. פאָלטאָראַק האָט גע־וואוסט, אַז אָזשאָגאָוו איז טאַקע געוועזן דער ערשטער פאָרזיצער פון קאָמיטעט, אַז ער איז משוגע געוואָרן אין צוויי־און־צוואַנציקסטן יאָר, ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די עפּאָכע פון קאָמוניזם, — אַז אַרום אָזשאָגאָוון האָבן זיך גרופּירט אַזעלכע ווי ער... — בעט־לער, העלזעער, שלעפּער, אָרימעלייט, קאַליקעס, נביאים, הייל־יקע. פאַרן אינזשיניער פאָלטאָראַק איז געשטאַנען איינער פון די בעטלער, העלזעער פון ראַטנפאַרבאַנדישן רוסלאַנד, אין נאָ־מען פון דער גערעכטיקייט, קאָלאָמנער געוויסן, וועלכער האָט מתפּלל געוועזן פאַרן קאָמוניזם. איוואַן אָזשאָגאָוו איז אַרומגעגאַנ־גען איבער די קאָלאָמנער הייזער, האָט באַזוכט באַקאַנטע און אומ־באַקאַנטע און זיי געבעטן — זיי זאָלן וויינען. ער האָט געהאַלטן פלאַמענדיקע ריידעס פאַרן קאָמוניזם, משוגענע פלוידערייען, און אַ היפּשע צאָל מענטשן האָבן אויף די מערק געוויינט, הערנדיק אים. ער איז אויך אַרומגעגאַנגען איבער די ראַטנפאַרבאַנדישע אינסטיטוציעס, — אין שטאָט האָט מען פאַרשפּרייט רכילות, אַז געוויסע העכערע לייט האָבן זיך דעמאָלט אָנגעריבן די אויגן מיט ציבעלע, כדי דורך דער פאַרמיטלונג פון איוואַנען מיט

זיינע שלעפּערס זיך איינצושאַפן די — זיי אין שטאָט נייטיקע — קאָ־לאָמנער פּאָפּולאַריטעט. אין דער בירגערלעכער קאָלאָמנע האָט מען איוואַנען געשעצט, ווי מ'פלעגט אין רוסלאַנד אין די אַלטע צייטן שעצן די הייליקע, וואָס דורך זייער מויל רעדט דער אמת און וואָס זענען גרייט צו שטאַרבן פאַרן אמת. איוואַן האָט גע־טרונקען, און דער אַלקאָהאָל האָט אים רואינירט. אַצינד איז איוואַן געווען שיכור פון אינטערערדישער, עכטער ברידערלעכקייט, קאָ־מוניזם, פּריינטשאַפט, גלייכהייט. איוואַנס קאָפּ איז געווען אויפ־געהויבן אינדערהייך, זיינע אויגן האָבן אומרויִק געפינקלט.

— ווייך! — האָט איוואַן אויסגעשריגן.

פּאָלטאָראַק האָט אים נישט גלייך פאַרשטאַנען, זיך אָפּגעייסנ־דיק פון זיינע אייגענע געדאַנקען.

— ווייך.

— וואָס זאָגסטו?

— ווייך, אינזשיניער, — ווייך אַצינד. איך וועל דיר נישט דערלויבן צו דערהרגענען די רעוואָלוציע. ווייך!

— עס לוינט נישט — האָט פּאָלטאָראַק געענטפערט, — צו שפּעט.

— עס לוינט נישט?! צו שפּעט?! — טראָג־זשע דיך אָפּ פון דאַנען וואוהין דו ווילסט, אפילו צום טייוול, אַוועק פון מיינע אויגן, כל־זמן כ'האָב דיך נאָכנישט דערהרגעט! גיי!

— וועגן וואָס פלוידערסטו?

— גיי, גיי, כל־זמן דו ביסט נאָך גאַנץ, כל־זמן איך האָב דיך נאָך נישט דערהרגעט.

דער שלעפּער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בערגל צו פּאָלטאָ־ראַקן און אים אַ שטופּ געטון.

— טראָג דיך אָפּ פון מיין ציגעלניע.

פּאָלטאָראַק האָט זיך אַ וואַקל־געטון און אַנידערגעפאַלן. דער שלעפּער האָט אים אַ שטויס געטון מיטן פוס. פּאָלטאָראַק איז אייליק און שווייגנדיק אַוועקגעגאַנגען. פון הימל איז געפאַלן אַ רעגן אויף דער שוואַרצער ערד. נאָך פּאָלטאָראַקן האָבן זיך אַ לאָז

גערעון די קאָלומנעס פון מאַרשירנדיקן שטאָלערנעם און גרויען רוסלאַנד. די קאָנטראָל־פאַרבינדונג איז אַראָפּגעפאַלן אויף פּאָלטאָראַקס קאָפּ. די לאַמטערן פון דער בויאונג האָבן געלויכטן בייז־דראָנדיק, בייז־דראָענדיק האָבן אויך געזיפּצט די עקסקאַוואַטאָרן. פּאָלטאָראַק איז אַנידערגעפאַלן. דאָס גראָז אויף דער לאָנקע איז געווען אָפּגעשניטן. אַזעלכע, וואָס דערהרגענען, קאָנען דערהרגענען נישט בלויז אַנדערע, נאָר אויך זיך אַליין, און דערהרגעטע קאָנען אויך דערהרגענען. פּאָלטאָראַק האָט ביז ווייטיק זיך איינגעגראָבן אין דער ערד, דאָס אָפּגעשניטענע גראָז האָט אים געשטאָכן אין פּנים. פּאָלטאָראַק האָט געוואָלט פאַרהאַלטן די צייט.

פּאָלטאָראַק האָט דערהערט מענטשלעכע טריט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— דאָס איז ווידער — דו?!

גלייך קעגן פּאָלטאָראַקן איז אָנגעקומען דער אינזשיניער לאַסלאָ.

עס האָט געגאָסן אַ רעגן. עס האָט געבלאָזן אַ ווינט, זיך טראָגנדיק איבער די שוואַרצע און גרויע ערד־שטרעקעס. פּאָלטאָראַק איז געלעגן אויף דער ערד. לאַסלאָ האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן אים.ביידע האָבן געריי‌כערט.

— יעווגעני יעווגעניעוויטש, — האָט לאַסלאָ גלייכגילטיק געזאָגט, — אויף דער בויאונג איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז איר זענט אַ שעדיקער.

— דאַכט זיך, אַז דאָס איז אמת, — האָט פּאָלטאָראַק גלייכגילטיק געענטפערט, — און דאַכט זיך, אַז היינט ביינאַכט, איינס אַ זייגער, וועלן מיר אויפרייסן דעם מאָנאָליט, כאָטש מ׳וואָלט געדאַרפט צוּוואַרטן אַ דריי וואָכן, ביז ס׳וועט צוקומען וואַסער, עס זאָל זיין עפעקטפולער.

נישט לאַסלאָ, נישט פּאָלטאָראַק האָבן זיך געוואונדערט אויף דעם, וואָס איינער האָט דעם צווייטן געזאָגט. די פּאַפּיראָסן

האָבן זיך שלעכט געררייכערט אויפן רעגן. די אינזשיניערן האָבן אַ געוויסע צייט געשוויגן.

— אייך, פּאָלטאָראַק, וועט מען דאָך דערשיסן — האָט לאַסלאָ געזאָגט.

— און אייך וועט מען אויך דערשיסן. — פּאָלטאָראַק האָט געשוויגן אַ ווײַלע. — איבעריקנס, איך ווייס נישט ווי אַזוי איר, נאָר איך בין שוין דערשאָסן. אַ שיינע מעשה, — מיר זענען שוין דערשאָסן און — אָן בלוט! אונזער כּפּלער איז דער זעראָ, אמת? איבעריקנס, איך רעד וועגן זיך.

— פולשטענדיק גערעכט, — מיינע זיידעס זענען אַוועקגעגאַנגען פון דער וואָלגע, פון דונאַי — און איך האָב מיך אומגעקערט צו דער וואָלגע, — מיר זענען געכפּלט אויף אַ זעראָ. איר זענט משוגע געוואָרן, פּאָלטאָראַק?

— ניין, איך בין אַ דערשאָסענער. איך בין אַ מת. און דערשאָסן האָט מען מיך אָן בלוט. איך בין היינט דערשאָסן געוואָרן דורך דער לוויה פון אייער פרוי און דער פּראָדוקציע-באַראַטונג. איך האָב דעם כּבוד זיך פאָרצושטעלן — איך בין אַ מת, דער טויטער אינזשיניער יעווגעני יעווגעניעוויטש פּאָלטאָראַק! — פּאָלטאָראַק האָט זיך צעכעכעט און באַקוועם אויסגעלייגט אויף דער ערד. — אַ זעראָ אָן בלוט. דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס איך בין שוין אפילו קיין שעדיקער אויך, נישט עס פעלט מיר אויס כּוח דעם מאַנאָליט אויפצורייסן. און איר, עדגאַר איוואַנאַוויטש, אויף וויפיל איך געדענק, האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אַרכיטעקט און רעוואָלוציאָנער? מיר ביידע טויגן שוין צו גאָרנישט. מסתמא ווייסט איר דאָך, אַז וואָס פאַר אַ געמיינהייט אַ מענטש זאָל נישט אָפּטון אָדער בדעה האָבן אָפּצוטון, וועט ער זיך תמיד געפינען אַ באַרעכטיקונג. איר ווייסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ קאָנטראָל-איבערבינדונג? — ניין? — וועל איך אייך זאָגן. איר האָט זיך פאַרוואונדעט אַ פינגער, איר אַרבעט אין אַ ביוראָ אָדער אין אַ פאַבריק, איר זענט געקומען אין אַמבולאַטאָריום אַריין, מ'האָט אייך אָפּגעשיקט צום קאָנטראָל-דאָקטאָר, — דער קאָנטראָל-דאָקטאָר האָט

איך געמאַכט אַן איבערבינדונג און — זי פאַרפלאָמבירט, איר זאָלט אינדערהיים נישט קאָנען אויפבינדן דעם באַנדאַזש און בכיוון צעֵ־רודערן די וואונד. דאָס האָט מען געטון דערפאַר, ווייל אַ סך קראַנקע מיט אַ קליינער פאַרוואונדונג, וואָס פאַרהיילט זיך געֵ־ווינטלעך אין דריי טעג, האָבן אויסגעמיטן די אַרבעט אין משך פון אַ חודש, — דאָס האָט מען געטון, כדי אָפּצוהיטן פון בכיוונ־דיקער פערזענלעכער שעדיקונג, מיטן ציל אויסצומיידן די אַרבעט. איך דאַרף מיר נישט געטרויען, איך בין אַן אינדיוויד, — אָבער מ׳טאָר דאָך נישט דערלאָזן, אַז צוליב אינדיווידועלער שעדיקונג זאָלן זיך אָפּשטעלן די פאַבריקן, — און צוליבן נוצן פון דער מלוכה פאַרלייגט מען מיר אַ קאָנטראָל־איבערבינדונג. איר ווייסט דאָך, מסתּמא, אַז די פּאַפּיראָסן, וואָס מיר רייכערן, מיינע און אייערע שטיוול, די וואוינונגען און אַנדערע זאַכן, זענען נישט בלויז אונ־זער פּריוואַט־אייגנטום, נאָר אויך דאָס אייגנטום פון דער מלוכה, אין אַזאַ גלייכער מאָס, ווי די תּבואה, די לאָקאָמאָטיוון, די ערד־אוצרות. דאָס אַלץ קאָן זיין מער אָדער ווייניקער. אַצינד באַמיען מיר זיך מיט אַלע כוחות אָנצוזאַמלען וואָס מער הויזן, שטיול, פאַבריקן, קאָרן, מאַשינען, — דערויף בויען מיר אייער מאָנאָליט. אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פונקט ווי די שטיול און דאָס ברויט, איז אויך די מאָראַל פון יעדן איינעם פון אונז דאָס אייגנ־טום פון דער מלוכה. מען זאָגט ביי אונז, — אַן אומוויסנד לאַנד, אומוויסנהייט, אומוויסנדע מענטשן, — דאָס איז שלעכט, יענץ איז פאַרדאָרבן, דאָס ווידער איז פאַרוואָרלאָזט, אַ דאַנק דער רוסישער אומגעלומפּערטקייט. אָבער דאָס אַלץ איז נישט ריכטיק, וואָרים אַרבעטן גוט אָדער שלעכט, קאַליע מאַכן און פאַרוואָרלאָזן, קאָן מען נישט בלויז אונטער דער ווירקונג פון אומוויסנהייט, נאָר אויך אונטער דער ווירקונג פון אַ שלעכטער, פאַרדאָרבענער, ווי אַלט ברויט פאַרשימלטער מאָראַל, — אָדער אויך אונטער דער ווירקונג פון מאַנגל אין מאָראַל, ווי ביי מיר, וואָרים איך בין אַ מענטש, וואָס אָריענטיר מיך זייער גוט אפילו אין די פּראָבלעמען פון עטיק און פילאָזאָפיע. די קאָנטראָל־איבערבינדונג — דאָס איז

אַ דערשיינונג, וואָס געהערט צו דער עטישער קאַטעגאָריע און נישט צו דער קאַטעגאָריע פון דערקענטעניש, אַ שטייגער, ווי נישט ערלעכקייט אין דער באַציאונג צו אַ פרוי, נישט ערלעכקייט פון געגעבענעם וואָרט, גנבה, אינטריגע, פאַלשקייט, קאַריערזם, ביוראָקראַטיזם. ביי אונז וואונדערט מען זיך, ווען אַ מענטש איז ערלעך, בשעת מען וואָלט זיך געדאַרפט וואונדערן אויף מענטשלעכער אומערלעכקייט. איר וועט זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז געבליבן אין ירושה פון אַלטן רוסלאַנד, — דאָס איז מיר אַלץ איינס.

פּאָלטאָראַק האָט זיך אויפגעזעצט, אַוועקגעוואָרפן דעם נישט אויסגערייכערטן פּאַפּיראָס, פאַררייכערט אַ נייעם.

— איר האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז אונזער — אייער, נישט מיין און דאָך אונזער ביידנס — מלוכהשאַפט ווערט אויפגעפרעסן פון פאַרברעכערישקייט, פאַראַט, מאָראַלישן פונאַנדערפאַל. די מלוכהשאַפט קעמפט מיט דער הילף פון גאַנצע אַרמייען קאָנטראָל-אינסטיטוציעס. דער פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר אַרבעטער-און פויערים-קאָנטראָל איז אַ מאָראַלישע אינסטיטוציע, ווי די פּלאַקאַטן אויף די גאַסן, אויף די טרעפּ, אין די טראַמווייען, אין די רעסטאָראַנען, אין די ביוראָען, — היט דיך פאַר גנבים, שפּיי נישט, רייכער נישט, לאָז אָפּ נאָך דיר דאָס וואַסער, זאָג נישט קיין ליגנט, פאַרגוואַלטיק נישט! — ביי מיר אין דערהיים איז איבערן עלעקטרישן לעמפּל אויפגעשריבן: — „גנב! פּרווו נישט צו גנבענען, דאָס לעמפּל איז צוגעפּעסטיקט!" — און אין די מאָסקווער טראַמווייען שרייען אויס פון די פּלאַקאַטן: — „בירגער! ז'יין חוב איז צו היטן, אַז קיינער זאָל נישט אויסמיידן צו צאָלן שטייער!" — דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָראַליזירנדיקן פּלאַקאַט.

— ווּעמען האָט איר דערהרגעט — האָט לאַסלאָ גלייכגילטיק געפרעגט, אַוועקוואַרפנדיק דאָס שטיקל נאַסע, נישט אויסגערייכערטע פּאַפּיראָס.

— זיך אַליין, זיך אַליין — האָט פּאָלטאָראַק ערנסט געענט-

פֿערט און אײַפֿעריק אַ פֿרעג־געטון פֿון זײַן זײַט: — און איר װעמען האָט דערהרגעט?

— איך? — געדענק נישט. כ׳האָב דערהרגעט אויפֿן פֿראָנט, אין דער צײַט פֿון בירגער־קריג.

— דאָס, אײגנטלעך, איז אויך חזירײַ, נאָר עס רעכנט זיך נישט. דעמאָלט האָט איר דערהרגעט, פֿאַרגיסנדיק בלוט, און דער־פֿאַר באַצאָלט מיט אײגענעם בלוט. און אַצינד האָט איר דערהרגעט דאָס װײַב?

— מײַן װײַב האָט זיך אויפֿגעהאָנגען, און איך האָב דער־הרגעט זיך אַליין, װי איר.

— יאָ, איך האָב געהערט. דאָס װײַב האָט אײַך דערהרגעט. די אינזשיניערן זענען שטיל געבליבן. פֿאָלטאָראַק האָט זיך צוגעזעצט לעבן לאַסלאָן.

— די קאָשמאַרן גיבן מיר קײן רו נישט, איך בין פֿולשטענ־דיק קראַנק — האָט לאַסלאָ געזאָגט. — איך זע מײַן מוח, װי צװײ בלוטיקע קאָטלעטן, און זע, װי איבער דידאָזיקע קאָטלעטן לויפֿן אַרום די געדאַנקען. איר זענט טאַקע גערעכט, — אָבער איר װײסט נישט, אַז דידאָזיקע לאָנקע, אויף װעלכער מיר זיצן, װעט פֿאַרגאָסן װערן מיט װאַסער, די טיף פֿון צװאָנציק מעטער. דאָס װאַסער װעט פֿאַר־גיסן אַלץ, צוזאַמען מיט אונדז. און דאָס װאַסער װעט אַ שטראָם־טון אויף דער מיל פֿון נײַעם לעבן.

— מיר װעלן באַלד אויפֿרײַסן די טאַמע — האָט פֿאָלטאָראַק זאַכלעך געזאָגט, אַרויסגענומען דעם זײגער און אָנגעצונדן אַ שװע־בעלע איבערן ציפֿערבלאַט — כאָטש... ס׳איז שוין צװאָנציק מינוט אויף צװײ. װאו־זשע איז סקודרין? — פֿאָלטאָראַק האָט זיך אַרומ־געקוקט. — יאָ, גערעכט, דאָס װאַסער װעט אַלץ פֿאַרגיסן, אויך אונדז, — ס׳װעט אָנקומען אַ שײנע צוקונפֿט. װאו איז סקודרין? איר געדענקט טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום“? אוי, האָב איך גע־װײנט, אוי האָב איך געװײנט, װען איך בין געװען אַ קלײן ייִנגל, אויף דער פּאַראָמװירדיקטער רײנקײט, װען איך האָב געלײענט, װי אַנאַטאָל קוראַגין האָט אַ קוש־געטון נאַטאַשען!... יאָ, גערעכט,

דאָס וואַסער וועט אַלץ פאַרגיסן. עס וועלן בלייבן די ווייבער, וואָס האָבן אייך באַגראָבן, און די פּראָדוקציע־באַראַטונגען, וואָס האָבן מיך באַגראָבן.

יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין איז די נאַכט געקומען אויף די לאָנקעס צו פּאָלטאָראַקן, — כּדי צו דערהרגענען. אַ שוואַרצער רעגן האָט געגאָסן אויף די לאָנקעס. דערווינט האָט נישט אויפגע־הערט צו ברויזן, די וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און געקראָכן איבער דער ערד. יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש איז געקומען צו די אינזשי־נירן, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צו טאָגן. די אינזשי־נירן זענען געזעסן אויף דער ערד, און פון ווייטנס, אויפן פּאָן פון לייכט־אויפגעהעלטן, פון דער ערד אָפּגעטיילטן, האָריזאָנט דערזען סקודרינען. סקודרין איז געגאַנגען, ווי עס גייען בלינדע, דעם קאָפּ אויפגעהויבן אינדערהייך, — מיט ברייט־אויסגעשפּרייטע הענט, ער איז געגאַנגען באָרוויס, אין אַ נאַכט־העמד. זיינע פיס זענען געזונקען אין דער שוואַרצער ערד. הינטער זיינע פּלייצעס האָט טריב געלויכטן דער גרינער פּאַס פון האָריזאָנט. מיטן קאָפּ האָט ער דערגרייכט די וואָלקנס. ער האָט אויסגעזען אַ סך העכער, ווי ער איז געווען אין דער ווירקלעכקייט — ער האָט דערגרייכט דעם הימל. אַרום, איבער דער ערד, אין דער פייכטקייט און ווינט האָט זיך געקנוילט די פינסטערניש.

אין דער נאַכט האָט אין סקודרינס הויז אויף די טרעפּ פון בוידעם־שטיבל די טאָכטער קאַטערינאַ זיך געטראָפן מיט כטע־פּאַן פּיאָדאַראָוויטש בעזדיעטאָוו.

— זאָג דאָרט דיינע פריינדינס — האָט סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש געזאָגט, — אַז מיר מאַכן ווידער אַ פאַרווייַלונג.

קאַטיערינאַ האָט אַרומגענומען בעזדיעטאָוון, זיך צוגעדריקט צו אים מיט איר שטאַרקן קערפּער און אָנגעהויבן וויינען פון כּעס און אונטערטעניקייט.

— וואָס איז דיר? האָט סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש געפרעגט.

קאַטיערינאַ האָט געוויינט און גאָרנישט געענטפערט, — ביז ווייטיק צודריקנדיק סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטשן צום פּאָרענטש פון

די טרעפּ, אַזוי אַז דער אָטעם האָט זיך אים פאַרהאַקט, און ער האָט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט.

— וואָס איז דיר, וואָס איז דיר, קאַטיערינאַ — האָט סטיעפּאַן פיאָדאָראָוויטש געפרעגט.

און קאַטיערינאַ האָט זיך צעוואָיעט, ספּאַזמאַטיש וויינענדיק, אָפּגעלאָזט סטיעפּאַנען און גענומען זיך קלאַפּן מיטן קאָפּ און די אָרעמס אָן פּאָרענטש. דער פּאָרענטש האָט גענומען סקריפּען און זיך אויסגעבויגן אונטער איר.

— איך בין טראָגן געוואָרן — האָט קאַטיערינאַ געוואָיעט.

— שווייג, וואָס יעלהוועסטו ? — נו, וואָס יעלהוועסטו ? — האָט סטיעפּאַן שעפּטשענדיק אויסגעשריגן.

— איך בין טראָגן געוואָרן ! — האָט קאַטיערינאַ נאָך העכער זיך צעיאָמערט און אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די טרעפּלעך. — איך קאָן שוין נישט אַזוי מער ! העלף מיר ! — דער טאַטע וועט מיך דערהרגענעען, אָ-אָ-אָ !... — קאַטיערינאַ האָט געיאָמערט איבערן גאַנצן הויז, שרעקלעך, טויב, ווי עס יאָמערן אַמאָל מענטשן פון פיזישער ווייטיק.

סטיעפּאַן פיאָדאָראָוויטש האָט איר אַריינגעשטופּט אַ טיכל אין מויל, כדי צו פאַרטייבן דעם סדאָזיקע יאָמערן. קאַטיערינאַ האָט געביסן דאָס טיכל צוזאַמען מיט זיינע פינגער, נישט קאָנענדיק זיי אין מויל אַריינכאַפּן, און אַלץ נידעריקער זיך גערוקט פון די טרעפּלעך אַראָפּ. סטיעפּאַן פיאָדאָראָוויטש האָט מיט דער פויסט געשלאָגן קאַטיערינען איבער די ציין.

דער אַלטער סקודרין האָט געוואָלט איבערכיטרעווען די גאַנצע וועלט, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון אַ שוטה. דאָס איז געווען אַ מענטש פון יענעם מין, וואָס קאָנען דערהרגענען. אין דער טיפער שטילקייט פון הויז האָט ער זיך געפינען ביים ווייב דעמאָלט, ווען ס'האָט זיך דערהערט דאָס חיהשע וואָיען פון דער טאָכטער. דער אַלטער איז געווען אין דער מיינונג, אַז ער קאָן אַלץ איבערכיטרעווען און פון יעדן מאַכן אַ שוטה, — ער האָט זיך געפרייט, ווען מען האָט אים געשפּיגן אין פּנים אַריין, ווייל

הינטער די אָנגעשפּיגענע אויגן האָט ער באַהאַלטן זיין אייגענע, קיינעם נישט באַקאַנטע ערע, וואָס האָט אַרומגענומען — דאָס הויז, די קו, דעם מאַהאָן, אים אַליין, דאָס ווייב, די טאָכטער. די טאָכטער האָט געיאָמערט פון שרעק און פיזישער ווייטיק, געיאָמערט עקלהאַפט, ווי אַ הונט, איבערן גאַנצן הויז און דער גאַנצער וועלט. דער פאַרשיווּער, שמוציקער, עיפּושדיקער זקן יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש האָט דערזען די טאָכטער אויף די טרעפּ פון בוידעם-שטיבל, ווי זי גייט אַראָפּ, נישט הערשנדיק איבער זיך, און סטיזפּאַן קאַרפּאָוויטש שלאָגט זי איבערן פּנים. מאַריאַ קלימאָווּנאַ, קאַטיערינעס מוטער, האָט נישט געהאַט קיין אייגן לעבן, איר לעבן איז באַגרענעצט געווען דורכן מירל פון הויף און שטעגעלע צו דער צערקווע. די אַלטע האָט געזען, ווי די מוטער נעמט אַרום די טאָכטער. די מוטער האָט צוגעדריקט איר איינגעפאַלענע ברוסט צו דער טאָכטערס פּלייצע, געגלעט אירע האָר מיט די ביינערדיקע פינגער, צוגעטוליעט דעם קאָפּ צו איר האַלז, — די מוטער האָט געהאַט זייער אַן ערנסט פּנים, — נישט גלייבנדיק אירע אייגענע אויגן, האָט זי מיט די פינגער אַרומגעטאַפּט די טאָכטער. דער אַלטער האָט דערהערט, ווי די מוטער האָט געזאָגט:

— קאַטיערינאַ, קאַטיושענקאַ, — צו וואָס-זשע האָב איך אויסגעלעבט מיינע יאָרן?

דער אַלטער האָט אַרומגעהילט זיינע נאַקעטע פיס מיטן ווייבס שאַל. דער אַלטער האָט געוויינט, אויפהייבנדיק בלינד דעם קאָפּ צו דער פינסטערניש פון די טרעפּ און בוידעם-שטיבל, — און געטאַנצט, אויספירנדיק זיין אָריגינעלן טאַנץ צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן. די טאָכטער האָט געוואָלט אַריינקריכן אין לאָך צווישן די טרעפּ. אין דער זייט, אין אַ מאַרינאַרקע אויפן נאַכט-העמד, איז געשטאַנען פּאַוועל פּיאָדאָראָוויטש, איינער פון די פאָטערס פון אָנגעהויבענעם קינד. טאָכטער האָט געוואָיעט, ווי אַ הונט. און וויינענדיק און טאַנצנדיק, וואָיענדיק ווי די טאָכטער, האָט דער אַלטער זיך אַ וואָרף-געטון, כדי זי צו שלאָגן. ער האָט זי געקאָפּעט מיט די פיס און געשלאָגן מיט אַ לייכטער איבערן

פּנים און אין בויך אַריין, וואָרים דאָס שפּייען, אונטער וועלכן ער פלעגט אונטערשטעלן זיין פּנים, האָט אים אַצינד געטראָפן אין דער נשמה אַריין. ווען דער אַלטער, אויסגעשעפּט פון פאָטערלעכער ווייטיק און ליבע, וואָיענדיק און שווער סאַפּענדיק, איז אַרויפגעפאַלן אויף קאַטיערינעס פאַרשוויגענעם קערפּער, וואָס איז שוין אַצינד געלעגן ביים נידעריקסטן טרעפּל פון בוידעם-שטיבל, — זענען די ברידער בעזדיעטאָוו שוין נישט געווען אין הויז. מאַריאַ קלימאָוונאַ האָט באַשפּריצט מיט וואַסער דעם אַלטן, וואָס האָט קאָנוואולסיוו געקוועטשט די טאָכטער. די טאָכטער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, זייער טריבער בליק — געווענדט צום סופיט, — דער מוטערס בליק האָט אויסגעדריקט דעם צער פון אַ פרוי, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין אייגן לעבן, איז תמיד אונטערגעוואָרפן געווען אַנדערע.

און דעמאָלט איז דער אַלטער אַרויסגעגאַנגען פון הויז.

ער, וואָס איז פּעיִק געווען צו דערהרגענען, איז נאָך מיט עטלעכע שעה צוריק געווען גליקלעך, זיך אַנטציקט מיטן לעבן. די באָבע-פּראָווינץ איז, ווי אַ פּריצה, געזעסן אין זיין סאַלאָן אויף דער סאָפע, בשעת דאָס פלעמל פון לעמפּל האָט זיך געוויגט וויִלטערמעסיק. אויפן גזימס פון פענסטער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט זיין ברודער, דער שלעפער איוואַן, און געזאָגט, אַז נישט ער, איוואַן, נישט פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַ האָבן פאַרלוירן די ערע, וואָס סקודרין האָט געהאַלטן פאַר אַ כבוד זי יאָ צו האָבן פאַרלוירן. זיך אַנטציקנדיק מיטן לעבן, האָט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש אַוועקגעטריבן איוואַנען און אים צוגעזאָגט זיך צו זען מיט פּאָליעטיקען.

און דער אַלטער האָט געזען פּאָליעטיקען אין אָט דער טויבער שעה זיינער. ער איז אַנטלאָפן פון הויז. קעגן אים זענען געגאַנגען פון מאַרינאַ-כורעם פּאָליעטיקאַ און סאַדיקאָוו. דער אַלטער האָט פאַרשטעלט דעם וועג פּאָליעטיקען.

— איך דאַנק אייך, דאַנק אייך, דאַנק אייך! — האָט סקודרין אויסגעשריגן. — האָבן מיר זיך, הייסט עס, יאָ באַגעגנט! לאָמיר-זשע זיך דורכשמועסן! איך וועל אייך דערציילן דעם אמת

וועגן מיין לעבן, יאָ, נישט קיין ערגערס פון אייערן! איך וועל אַצינד רעדן מיט בושה!

– אַנטשולדיקט, האָט פּאָליעטיקאַ געזאָגט, – מיין טבע איז נישט צו רעדן אויף דער גאַס מיט אומבאַקאַנטע מענטשן. הוצדעם, דאַכט זיך מיר, אַז איר זענט קראַנק.

סקודרין האָט צעטומלט אויסגעשריגן:

– ווער איז קראַנק? – איך בין קראַנק? – יאָ, איך דאַנק אייך, דאַנק אייך, דאַנק אייך!... הער פּראָפעסאָר, איר האָט גערעדט היינט מיט מיין ברודער איוואַן. איך בין נישט ערגער פון אים, רעדט אויך מיט מיר! איך וועל אייך דערציילן וועגן ערע! דער הער פּאָלטאָראַק האָט זיך דערשראָקן פאַר מאָרד, און איך האָב געלאַכט דערפון. איך האָב אַ פאַרלאַנג צו רעדן, אויסצולייזן די נשמה...

סאַדיקאָוו האָט זיך צוגעקוקט צו סקודרינס פּנים.

– איר זענט יאַקאָוו קאַרפּאָוויטש סקודרין? – האָט ער געפרעגט.

– יאָ, סקודרין! יאָ, דאָס האָב איך געוואָלט אַלע איבער־כיטרעווען!... איך...

אָבער סאַדיקאָוו האָט אים נישט דערלויבט צו פאַרענדיקן.

– קומט, פּימען סערגעיעוויטש, – האָט ער געזאָגט, – מיט דעם אַלטן איז נישטאָ וואָס צו רעדן.

דער מאַרינאַ־טורעם האָט געשוויגן. די נאַכט האָט געשוויגן. פּאָליעטיקאַ און סאַדיקאָוו זענען אַוועקגעגאַנגען.

פּאָליעטיקאַ האָט געזאָגט צו סאַדיקאָוון:

– לאָמיר זיך ווידער אומקערן צו געשיכטע. רוסלאַנד איז תמיד געווען דער פאָרפּאָסטן און שוצמויער פון אייראָפּע. דערמאַנט אייך די צייט פון דריטן ביזן פופצענטן יאָרהונדערט, ווען אויף אונז זענען געגאַנגען די וואַנדער־פעלקער פון אַזיע, די אומציילינקע אַלאַנען, גאָטן, הונען, וועלכע ליובאָוו גראָבט אַצינד אויס, און מיר – די באַוואוינער פון רוסישן פלאַכלאַנד – האָבן פאַרהאַלטן מיט אונזער פלייש. אַ דאַנק אונז איז דער מערב נישט אָפּגע־

מעקט געוואָרן פון דער ערד, און מיט די רוסן איז עס יאָ געשען
עטלעכע מאָל. איך האָב אייך דערציילט וועגן די מדבריות, וואָס
גייען אויף אונז, און ווי אַזוי מען דאַרף די מדבריות פאַרהאַלטן.
מיר וועלן פאַרהאַלטן די מדבריות און נאָכאַמאָל מציל־זיין אייראָ־
פּע. אַצינד אָבער וועלן מיר עס טון שוין נישט מיט אונזער
פלייש, נאָר מיט אונזער וויסן.

סקודרין האָט געהאַט אין דער האַנט אַ צווייג, נישט צו וויסן
וואו ער האָט זי גענומען, די זעלבע, מיט וועלכער ער פלעגט טרייבן
די בהמות אויף דער לאָנקע. דער אַלטער איז געלאָפן איבער די
גאַסן באָרוויס, אין בלויזן קאָפּ, אין אַ העמד ביז די קניען, מיט
דער צווייג אין דער האַנט. דעם אַלטנס קאָפּ איז פאַרריסן געווען
אינדערהייך, דער אַלטער האָט געווײנט, נישט געזען דעם
וועג, איבער וועלכן ער איז געלאָפן און געפאָכעט מיט דער
צווייג, ווי ער וואָלט אונטערגעטריבן די בהמות.

דער אַלטער האָט זיך דערנענטערט צו די אינזשיניערן, מיט
אַ טריט, ווי עס גייען בלינדע. די פיס פון דעמדאָזיקן אַלטן, וואָס
האָט געגאַרט נאָך מאָרד, זענען געזונקען אין דער פינסטערניש.
הינטער זיינע פלייצעס האָט טריב געלויכטן דער גרינער פאַס פון
האָריזאָנט.

לאַסלאָ האָט געזאָגט:

— איר קענט דעם אַנטיקוואַר גריבאָיעדאָוו? — ער טרינקט
אַלע נאַכט בראָנפן. יאָ, די לאָנקעס וועלן פאַרגאָסן ווערן, און עס
וועלן אויך פאַרגאָסן ווערן אַלע אונזערע ווייטיקן. אַלע אונזערע
ענינים — זענען נאַרישקייטן, וואָרים דאָס אַלץ וועט פאַרשווינדן.

פּאָלטאָראַק האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן — סקודרין איז
אָנגעקומען. ער האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר פּאָלטאָראַקן. סקודרין האָט
געוויינט און גענומען ריטשען און וואָיען:

— איך דאַנק אייך, דאַנק אייך, דאַנק אייך! — איך דאַנק
אייך, דאַנק אייך, יעווגעני יעווגעניעוויטש! — איך דאַנק אייך,
דאַנק אייך, דאַנק אייך!...

נישט פּאָלטאָראַקן, נישט לאַסלאָן האָט געוואונדערט דעם אַלטנס קומען.

פּאָלטאָראַק האָט געזאָגט:

— אָט איז נאָך אַ מת. שוין אַלט, און וויל דאָך נישט שטאַרבן! — פּאָלטאָראַק האָט געשוויגן אַ ווײַלע און ווידערווידליק געפרעגט: — אַפּנים, מיר וועלן שוין נישט אויפרײַסן? איר טויגט אויך נישט אפילו אויף קיין שעדיקער? וואו־זשע איז אײַער פּאַטריאַכאַל געוויסן?

דער אַלטער האָט נישט געהערט, דער אַלטער האָט גע־וואָיעט:

— איך דאַנק אײַך, דאַנק אײַך, דאַנק אײַך!

— יאָ, יאָ, — האָט לאַסלאָ ווײַטער אויסגעשריגן. — איר ווייסט, וואָס עס זענען camerae obscurae פון ביכער! ? יאָ, עס וועט אַריבער נאָך אַ קורצע צײַט, און מען וועט אפילו נישט קאָנען געפינען דאָס אָרט, אויף וועלכן מיר זיצן אַצינד, עס וועלן אַריבער נאָך עטלעכע יאָר, און...

פּאָלטאָראַק האָט אַרויסגענומען דעם בראָונינג, אים באַטראַכט, קאָנטראָלירט דעם מאַגאַזין, אַרײַנגעפּירט אַ קויל אין דער לופע, זיך אַ שפּיל־געטון, — אַ דריי געבנדיק דעם בראָונינג אַרום דעם פינ־גער, — און געזאָגט:

— ווער וועט זײַן דער ערשטער?

די אינזשיניערן זענען געזעסן טשיפּקע אַקעגן זיך. דער אַלטער איז געשטאַנען לעבן זיי, גרייכנדיק מיטן קאָפּ אין הימל אַרײַן און האַלטנדיק אין דער האַנט די צווײַג, מיט וועלכער ער האָט געפּאָכעט צום טאַקט פון זײַן „איך דאַנק אײַך”. דער רעגן איז געפאַלן קרימלעך און געדיכט. דער גרינער פּאַס אויפן האָריזאָנט איז זיך צעוואַקסן.

— עס האָט מיך שטענדיק אינטערעסירט, — צי עס ווערט געבויט אויף בלוט, צי אָן בלוט. טויטן אויף דער בויאונג זענען געווען: אי דער טויט פון אײַער ווײַב, אי אונזער טויט, — האָט פּאָלטאָראַק געזאָגט. — ווערט, אַפּנים, יאָ געבויט אויף בלוט.

לאַסלאָס אויגן זענען פּלוצלינג געוואָרן אַזעלכע, וואָס רופן אַרויס טאָט.

— יאָ, איך דערשיס אייך דערפאַר, וואָס איר זענט אַ שע־דיקער, — און דערנאָך וועל איך מיך דערהרגענען.

— ווער וועט זיין דער ערשטער? — האָט פּאָלטאָראַק גע־פרעגט, שמייכלענדיק.

דער אַלטער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פון פּאָל־טאָראַקס הענט, ווייט אַוועקוואַרפנדיק אין דער זייט אַריין די צווייג. סקודרין, דער אַלטער, וואָס האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צייט און די מורא פאַרן טויט, האָט אויסגעשאָסן, און די קויל האָט געטראָפן פּאָלטאָראַקן אין פּנים אַריין. אין מאָמענט, ווען לאַסלאָ האָט דערזען די רעוואָלווער־לופע ביי זיין פּנים, האָבן זיינע אויגן אויסגעדריקט אַקטיוויטעט און ענערגיע. עס האָט גע־טאָגט. דער אַלטער האָט געשריגן:

— איך דאַנק אייך, דאַנק אייך, דאַנק אייך!

דער גרויער קאָפּ פון אַלטן האָט דערגרייכט דעם הימל. דער אַלטער האָט זיך אויסגעשאָסן אין מויל אַריין. די זון איבער רוס־לאַנד, איבערן פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן, גייט אויף אַזש אַכט שעה, ווייל ווען ס׳איז אין וולאַדיוואָסטאָק האַל־בענאַכט, איז אין מאָסקווע — פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג, און ווען ס׳איז אין וולאַדיוואָסטאָק מיטאָגצייט, — הייבט אָן ערשט אין מאָסקווע צו טאָגן.

די ברידער בעזדיעטאָוו זענען אַרויסגעגאַנגען פון הויז אין מאָמענט, ווען דער וואָיענדיקער אַלטער, מאַכטלאָז פון ווייטיק און ליבע, איז אַרויפגעפאַלן אויפן פאַרשוויגענעם קערפּער פון זיין טאָכטער. זיי זענען אַרויסגעגאַנגען שווייגנדיק און רויִק זיך גענו־מען שאַרן הינטער די פּלעטער, דערמאָנענדיק מיט זייערע שטילע טריט אָן קעץ, וואָס האָבן אויפגעגעסן פרעמדע סמעטענע.

דער יינגערער האָט געזאָגט צום עלטערן:

— מען וואָלט געדאַרפט מעלדן אין דער מיליץ וועגן סקוד־רינען און פּאָלטאָראַקן, מען זאָל וויסן, אַז דאָס האָבן מיר דעמאַס־קירט די שעדיקער.

— מיר וועלן צוּוואַרטן, — האָט קורץ געענטפערט דער על־טערער ברודער.

אויפן וועג צום וואָקזאַל האָט דער ייִנגערער בעזדיעטאָוו, סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש, אָפּגעטרעטן אין האָטעל און אָנגעקלאַפּט אין פּאָלטאָראַקס נומער. עס האָט אים געעפנט נאַדיעזשדאַ אַנטאָ־נאָוונאַ.

— יעווגעני יעווגעניעוויטש איז נישטאָ אין דער היים? — האָט סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש געפרעגט.

— ער איז נישטאָ, — האָט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געענטפערט.

— איך מיין, עס וואָלט געווען דאָס גליַיכסטע, איר זאָלט מיטגיין מיט אונז, וואָרים מען ווייסט נישט, וואָס עס קאָן ווערן מיט פּאָלטאָראַקן און סקודרינען, און דער צוג גייט אָפּ אין פער־ציק מינוט אַרום.

נאַדיעזשדאַ איוואַנאָוונאַ, אין נאַכט־העמד. מיטן ליכט און בוך אין דער האַנט, האָט אַ קוק־געטון אויף בעזדיעטאָוון, וואונ־דערנדיק זיך אויף זיין סורדוט און פייערלעכער. העפלעכקייט.

— ווער זענט איר און פונוואַנען קענט איר מיך? — האָט זי געפרעגט.

— איך בין אַ רעכטסאַוואַטאָר־אַנטיקוואַר, — האָט בעזדיע־טאָוו געענטפערט, — אייך האָבן מיר געזען מיט יעווגעני יעווגע־ניעוויטשן און געהערט וועגן אייך פון אים. איך רעד צו אייך אויפריכטיק, קאָלעגיאַל, — מען דאַרף אַנטלויפן, כל־זמן ס׳איז נאָך צייט, גלייבט מיר אויפן וואָרט.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט זיך נישט שטאַרק געוואונדערט און געזאָגט:

— נו, מילא, לאָמיר פאָרן. וואַרט־צו אַ ווײַלע, איך וועל מיך נאָר איינפּאַקן. דאָרט איז געבליבן אַ ביסל ווײַן. דרייט אייך

אויס און טרינקט. — זי האָט געפרעגט: — צי איז פאָרגעקומען עפּעס אַ סקאַנדאַל? — אַזאַ שטייגער, האָט בעזדיעטאָוו געענטפערט.

אין רחבותדיקן האָטעל־נומער האָט געברענט אַ ליכט, באַלייכטנדיק דעם געוועלבטן סופיט. סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש האָט אויסגעטרונקען דעם געבליבענעם ווייַן און פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט פאַררייכערט ביי אים. אין באַסטיאָן־נומער האָט געשמעקט מיט פּערפּום און טשאַד פון ליכט.

— מיר האָבן נישט דעם כבוד צו וויסן אייער נאָמען, אָבער מיר זענען אייערע קאָלעגן, ווי מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט קונסט, — האָט בעזדיעטאָוו געזאָגט.

קאָלאָמנע איז געווען איינגעהילט אין פינסטערניש און שווייגן. אין די עקן שטאָט האָבן געבילט הינט, די פּאָעטן פון דער רוסישער פּראָווינץ. די רעגנדיקע נאַכט אין דער מיליטערישער שטאָט קאָלאָמנע איז געווען שוואַרץ און נאַס. די מענטשן פון די שטאָבן און אַרמייען זענען געשלאָפן פאַר די שלאַכטן פון קומענדיקן טאָג, איבערלאָזנדיק דאָס וואַכן פאַר די הינט און נאַכט־וועכטערס, וואָס רודערן־אויף די נאַכט מיט זייערע פייפלעך און קלאַפּ־האַמערס. אויפן שוואַרצן וועג האָבן פון רעגן זיך געשאַפן קאַלוזשעס. ביי דער סטאַנציע, אויפן קניפּן־פּונקט, וואו ס'זענען אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אַרמייען און אַרמיי־מאַטעריאַלן, האָבן אין דער פינסטערניש מיליטעריש געפּאָרסקעט פערד. ביי דער סטאַציע, נישט צו וויסן נאָכוואָס, זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אין אַ קופּע רוסישע שטיוול — נישט קיין פילאָזאָפיע, נאָר אַ קאָנקרעטע באַשטעטיקונג אויף די רוסישע וועגן. די האַנטאַרבעט האָט געשמעקט מיט דזשעגעכץ. אין דער פינסטערניש, וואָס איז אַזוי געדיכט געווען ווי דזשעגעכץ, זענען אַרומגעלאָפן די שוסטערס און באַלעגאָלעמעסיק זיך געזידלט מיט די דראָזשקע־פורמאַנעס. אויפן פעראָן האָט געאָטעמט מיט פייכטקייט פון דער געדיכטער פינסטערניש איבערן טייך. די בויאונג האָט דערגרייכט דעם הימל מיט דער עלעקטרישער באַלייכטונג. קאָלאָמנע, די שטאָט, וואָס האָט זיך געגרייט אַוועקצוגיין אין דער געשיכטע, האָט גערוט אין שטילשווייגן.

אויפן פעראָן, אונטערן רעגן, האָט אַ רוסישער אינטעליגענט, אין אַ קאַפּעלוש און קרום אַרויפגעזעצטע ברילן רויִק דערציילט רעגנדיקע מעשיות פון הינטערן פראָנט וועגן אַ קינאָ. דער קינאָ האָט זיך געפונען אין אַ גאָרטן פון אַ פאַריין, אין אַ שאָפּע, אַרומ-געצוימט מיט אַ פּאַרקן, — און קיין גלעקלעך זענען אין דעם קי-נאָ נישט געווען, ווייל פון דער עלעקטראָווניע האָט מען סיגנאַלי-זירט צו דער גאַנצער שטאָט מיטאַמאָל. דער ערשטער סיגנאַל האָט באַדייט, אַז מען דאַרף פאַרענדיקן די טיי, דער צווייטער, — אַז מען דאַרף זיך אָנטון און אַרויסגיין אויף דער גאַס. די עלעק-טראָווניע האָט געאַרבעט ביז איינס אַ זייגער, נאָר אין די נאָמענס-טעג און אַנדערע אומגעריכטע פייערלעכקייטן ביים פּאָרזיצער פון אויספיר-קאָמיטעט, פּאָרזיצער פון האַנדלס-קאָמבינאַט, הויפּט-טעכ-ניקער — האָט די עלעקטריע זיך טיילמאָל פאַרשפּעטיקט אפילו אויף אַ גאַנצער נאַכט, — די איבעריקע באַפעלקערונג האָט אָפּגעלייגט אירע פייערלעכקייטן אויף דידאָזיקע נעכט טאָקע, אינפאָרמירנדיק זיך פריער וועגן זיי. איינמאָל האָט דער באַפולמעכטיקטער פון פאָלקס-קאָמיסאַ-ריאַט פאַר אינערלעכן האַנדל, אַ געוויסער קאַץ, אָדער זאַץ, זייענדיק פולשטענדיק ניכטער, צוליב אומגעשיקטקייט, נישט ווילנדיק, אַ שטופּ-געטון אין קינאָ די פרוי פון פּאָרזיצנדן פון אויספיר-קאָמיטעט, אויף וואָס זי האָט אים מיט גרויס פאַראַכטונג אַ זאָג געטון: — „איך בין פרוי קוואַזשין!" — דער באַפולמעכטיקטער, וועלכער האָט נישט געוואוסט די באַדייטונג פון דעמדאָזיקן נאָמען, האָט, אַ פאַרוואונדערטער, זי איבערגעבעטן, און דערנאָך פאַר דערדאָ-זיקער פאַרוואונדערונג אַרויסגעטריבן געוואָרן פון קרייז. דער אינטעליגענט האָט גערעדט וועגן די שטאָטישע רעגירונגס-ספערן — ער האָט זיי אַזוי טאַקע אָנגערופן: רעגירונגס-ספערן, — וועגן דעם, אַז זיי האָבן אָנגעהאַלטן חברישע באַציונגען בלויז אין אייגענעם, ענגן קרייז, אויסהיטנדיק זיך פאַר דער פאַרדעכטיקייט פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. דער אינטעליגענט האָט פאַו-רייכערט אַ פּאַפּיראָס און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ פייערלעכן טאָן, ווי זייער אַ באַהאַוונטער, נעמענדיק אויף זיין געוויסן די פאַראַנט-

וואַכזאַמקייט פאַר די ווערטער: — אין קרייז האָט אָנגעפירט מיט דער ווירטשאַפט אַ האַנדלס־קאָמבינאַט, די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון קאָמבינאַט זענען געווען — דער פאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט (דער מאַן פון אויבנדערמאַנטן ווייב), קוואַזשיק, און דער באַפולמעכטיקטער פון דער אַרבעטער־פויערים־אינספּעקציע, פּריזנוכין, פאָרזיצער איז געווען ניעדאָסוגאָוו.

די ווירטשאַפט איז געפירט געוואָרן, לויטן אינטעליגענטס מיינונג, אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון טרישקעס קאַפּטן: דאָ אָפּגעשניטן, דאָרט צוגעלאַטעט. דער טאַרטאַק האָט געאַרבעט מיט דעפיציט, די אייל־פאַבריק — מיט דעפיציט, די וואַלצן־מיל — מיט דעפיציט, די גאַרבעריי — אָן דעפיציט, אָבער אויך אָן הכנסה און אָן אַמאָרטיזאַציע. ווינטער האָט מען פון איין עק קרייז ביזן צווייטן, אַ מהלך פון פערציק ווייאָרסט, מיט פינפאונפערציק פערד געשלעפּט איבערן שניי אַ קעסל פאַר דער גאַרבעריי, — געבערענגט צו שלעפּן, און אַוועקגעוואָרפן, ווייל ער האָט נישט געטויגט, און זיין ווערט אַריינגעשריבן אויף דער קאָנטע, סיי פון דער הכנסה, סיי פון דער הוצאה. זיי האָבן זיך באַמיט צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די אַרבעטער, געבויט הייזער אויף וואוינונגען, — געקויפט אַן איינשטאָקיק הילצערן הויז, געבערענגט עס צו פירן צו דער גאַרבעריי און — צעזעגט אויף האָלץ, וואָרים עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע הויז איז פאַרפוילט; עס זענען געווען בלויז דרייצן בעלקעס, וואָס מען האָט נאָך געקאָנט באַנוצן, צו די דרייצן בעלקעס האָט מען צוגעלייגט ניין טויזנט רובל און אויפגעבויט אַ הויז פונקט דעמאָלט, ווען מען האָט שוין די גאַר־בעריי פאַרמאַכט, ווייל כאָטש זי האָט נישט געבערענגט קיין דעפי־ציט, האָט זי אָבער אויך נישט געגעבן קיין הכנסה, — דאָס הויז שטייט ליידיק.

דער אינטעליגענט איז געווען אויפגעקאָכט.

דער קאָמבינאַט האָט זיינע היזקות געדעקט פון אויספאַרקויפן די איינריכטונגען פון די נישט טעטיקע, פאַרמלחמהדיקע אונטער־נעמונגען, און אויך מיט דער הילף פון פאָלגנדע קאָמבינאַציעס: דער

פּאָרזיצער קווואַזשין האָט פּאַרקויפט דאָס האָלץ דעם מיטגליד קוּ־וואַזשין, לויט מאַרק־פּרייז, מיט אַ פּופציק־פּראָצענטיקער הנחה, פאַר אַ סומע פון פינפאונצוואָנציק טויזנט רובל. דער מיטגליד קוּוואַ־זשין האָט פאַרקויפט דאָס זעלבע האָלץ דער באַפעלקערונג, און דער עיקר דעם פּאָרזיצער קווואַזשין, לויט מאַרק־פּרייז, אָן אַ הנחה, פאַר אַ סומע פון העכער פופציק טויזנט רובל. איינמאָל האָט מען קווואַזשינען געשענקט אַ טעקע מיט אַ מאָנאָגראַם, דאָס געלט אויף דער טעקע איז אויסגעלייגט געוואָרן פון די סומעס עדי־לחשבון, און דערנאָך איז מען אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט מיט אַ זאַמל־ליסטע, כּדי דאָס געלט צונויפצונעמען. דער אינטעליגענט האָט זיך געקאָכט, גלעטנדיק זיין בערדל, וואָס איז נאַס געוואָרן אויפן רעגן.

דער צוג איז אַרויפגעפאָרן אויף דער סטאַציע, פאַמעלעך אויסמעסטנדיק די פיסטערניש מיט די לאַמטערן פון לאָקאָמאָטיוו.

דעם זעלבן טאָג, האַלבענאַכט, האָט דער דזשאַד נאַזאַר סיסאָיעוו פון אַקאַטיעוו אַרויסגעפירט אויף דער סטאַציע אַ סאָפע מיט אַ פּאָטעל, וואָס האָבן געהערט צו דער טוטשקאָוואַ. אָוונט־צייט האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רעגן און נאָך אַ האַלבער שעה איז געוואָרן אַ בלאָטע — איבער די אַקסן און קניען פון די פערד. דער וועג, אַ געבערגלטער, האָט געפירט איבער ליימיקן באָדן, לענגאויס דער אָקע. דער רעגן איז געפאַלן עקשנותדיק, און דער דזשאַד נאַזאַר איז געזעסן אין כּאָדערטייל פון וואָגן, אַן אַלטער און שווייגנדיקער, אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ איז געזעסן הינטער נאַזאַרן. די פעלדער האָבן זיך געשפּרייט מרה־שחורהדיקע, נאַסע, שטו־מע. נאַזאַר האָט זיך געאיילט צום צוג. דאָס פערד האָט געאַרבעט מיט די זייטן פון פאַרמאַטערטקייט. די בלאָטע האָט געשאַפן גאַנצע אָזערעס. זיי זענען געפאָרן איבער די פעלדער, וואָס האָבן אויס־געזען פונקט אַזוי, ווי מיט פופציק יאָר צוריק. זיי האָבן געמיטן דאָס דאָרף ז י נ אָ וו י ע וו י ־ ג אָ ר י, זיך אַרויסגעקריגן אין דער זייט פון די בלאָטעס צום גוט, וואָס האָט אַמאָל געהערט צום דעקאַבריסט לונין. הינטערן דאָרף פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט דער וועג

געפירט דורך אַ הייל. זיי זענען אַראָפּגעפאָרן איבערן ליימיקן וועג צו דער בריק און אַריבערגעפאָרן איבער איר. נאָך דער בריק האָט זיך געשוואַרצט אַ גרויסע קאַלוזשע. זיי זענען אַריינגעפאָרן אין דער קאַלוזשע. דאָס פערד האָט אַ שלעפּ-געטון דעם וואָגן און שטיין געבליבן. דער דזשאַד נאַזאַר האָט אַ שמיץ-געטון דעם פערד מיט דער בייטש, — דאָס פערד האָט אַ צי-געטון מיטן גאַנצן כּוח און נישט גערירט פון אָרט. די בלאָטע איז געווען נישט צום דורכפאָרן. דער וואָגן איז איינגעזונקען אין מיטן דער קאַלוזשע, דאָס לינקע פעדערשטע ראָד איז אַריין אין דער בלאָטע איבער דער אַקס. דער דזשאַד נאַזאַראָוו איז געפאַלן אויף אַן עצה און אַ קאָפּעגעטון דעם פערד מיטן שטיוול אין הינטן אַריין, — דאָס פערד האָט זיך אַ ריס-געטון און געפאַלן, אַראָפּדריקנדיק מיט זיין משא די האָלאָבליעס, וואָס זענען אַריין אין וואַסער ביז איבערן כאָמאָנט. דער דזשאַד נאַזאַר האָט אַ צי-געטון די לייצן, אַ צמאָקעגעטון, — דאָס פערד האָט זיך נישט גערירט. דעמאָלט איז דער דזשאַד נאַזאַר אַריינגעקראָכן אין דער בלאָטע, כּדי אויסצושפּאַנען דאָס פערד. ער האָט אַ טרעט-געטון איינמאָל — דער פוס איז אַריין אין דער בלאָטע ביז איבער די קניען, — ער האָט אַ טרעט-געטון אַ צווייט מאָל — און אָנגעהויבן זינקען, נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן דעם פוס פון ליים, די פיס זענען אים אַרויסגעקראָכן פון די שטיוול, די שטיוול זענען פול געוואָרן מיט ליים. דער אַלטער האָט פאַרלוירן די גייסטיקע גלייכגעוויכט און זיך אַראָפּגעזעצט אין דער קאַלוזשע אַריין, פאַרזינקענדיק ביז צו די עלנבויגנס. און דער אַלטער האָט אָנגעהויבן וויינען מיט ביטערע טרערן פון פאַרצווייפלונג. דער טוטשקאָוועס סאָפּע מיטן פאָטעל האָבן פאַרשפּעטיקט צום צוג.

און דער צוג איז געווען אַ ליידיקער, אין די וואַגאָנעס — פינסטער, אויף די אייבערשטע פּאָליצעס זענען געשלאָפן פויערן און פאַרשפּרייט אַ שלעכטן ריח אַרום זיך. דאָרט האָט געהערשט שלעפּעריקע רו און עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן שטילע שעפּטשערייען, ווי תּמיד אין די צוגן הינטערן פראָנט. די ברידער האָבן זיך געזעצט צוזאַמען, אַוועקגעזעצט קעגנאיבער זיך נאַדיעזשדאַ

אַנטאָנאָווענען, פאַרמאַטערט געדרימלט און געהערט דאָס שנאָרכן פון די פּאָליצעס אַראָפּ. אין דער וואַליזע פון די בעזדיעטאָווס איז געבליבן די לעצטע פלאַש קאָניאַק. אין דער שלעפעריקייט פון צוג הינטערן פראָנט, מיט גרויסע הפסקות פאַר טראַכטענישן, האָבן די ברידער געטרונקען קאָניאַק פון זילבערנעם בעכער, מכבד געווען די רייזע-חברטע און צוריק באַהאַלטן דעם קאָניאַק אין דער וואַליזע אַריין. דער צוג איז געלאָפן איבער די שטחים פון רוסישן אוראַלטער. דער ייִנגערער בעזדיעטאָוו האָט געפרעגט דעם עלטערן, זיך צובייגנדיק צו זיין אויער:

— צו קיין מאָרד איז נישט דערגאַנגען?

— מען דאַרף רעכענען, אַז ער האָט דערהרגעט, — האָט דער עלטערער געענטפערט, אַריינשעפּטשענדיק אין אויער דעם ייִנגערן.

— דאָס קינד איז, דאַכט זיך, דיינס, אָדער מיינס.

— אַזוי טאַקע דאַרף מען רעכענען.

אַ האַלבע שעה נאָכן אויסגעטרונקענעם קאָניאַק האָט סטיעפּאַן געפרעגט:

— צי וואָלטן מיר נישט געדאַרפט מעלדן? עס זאָל-אַמאָל נישט דערגיין צו קיין געריכט וועגן פאַרגוואַלטיקונג.

— מיר וועלן צוואַרטן. מען דאַרף רעכענען, אַז קיין געריכט וועגן פאַרגוואַלטיקונג וועט נישט זיין, — האָט דער עלטערער געענטפערט, — מיר וועלן צוואַרטן אַ דריי-פיר טעג, און דערנאָך — מעלדן, אָדער זיך באַהאַלטן.

מאָסקווע, וואוהין דער צוג איז אָנגעקומען, האָט באַגריסט מיט גערויש, געשריי און געפילדער — רעזידענץ-שטאָט. אויפן פּלאַץ פאַרן וואָקזאַל זענען רייענווייז דורכגעפאָרן אויטאָס און משאָ-וואָגנס, וואָס זייערע פערד האָבן אויסגעזען שטאַרקער פון די פּראַכט-אויטאָס. מאַסן מענטשן האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן אין צוגן, טראַמ-ווייען, אויטאָבוסן. די לאָקאָמאָטיוון, טראַמווייען און אויטאָבוסן האָבן פונאַנדערגעפּירט, חוץ מענטשן, אויך פּלאַקאַטן און אָנגעמאַכט אַ געפילדער, אין וועלכן די מענטשן האָבן געמוזט שרייען, כדי מען זאָל זיי הערן. די פּלאַקאַטן האָבן געגרייכט ביזן

צום הימל. די מענטשן-מאַסן האָבן אויסגעפֿילט די גאַסן. די אויטאָ-רייען האָבן זיך געשניטן אין געדראַנג פֿון די מענטשן. מאָסקווע האָט געררוישט מיט אירע משא-אויטאָס פֿון ענינים, אונטערנעמונגען, אויספֿירונגען, דורכגעגראָבן אין פּראָצעס פֿון איר איבערבויאונג. די אויטאָס האָבן קוים זיך דורכגעקריגן דורך די ענגע גאַסן. מאָסקווע, די שטאָט פֿון אַרבעט, דער פּאָרפּאָסטן אויפֿן וועג צו דער צוקונפֿט פֿון דער מענטשהייט, האָט אין באַגינען אויסגעזען גרוי און שטאָלאַרטיק.

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ, זיך שטויפֿנדיק צווישן עולם, האָט געררעדט מיט די בעזדיעטאָווס. פּאַוועל פּיאָדאָראָוויטש האָט איר געגעבן דערקלערונגען, געהאַלטנדיק דעם גראָבן פֿינגער אין דער קלאַפּע פֿון סורדוט. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געפֿאָרן צו די בעזדיעטאָווס אויף קאַווע. דער טאַקסי האָט זיך דערווייטערט פֿון מאָסקווע, וואָס איז געבליבן אונטער די באַפֿעלן פֿון קרעמעל, פֿון דער מאָסקווע פֿון אַרבעטער און אַרבעט, — ער איז געפֿאָרן אויף דער זשיוואָדיאָרקע פֿון דעם לעבן און די מענטשן, וואָס האַלטן, אַז די אייז-גלעטשערס פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט קאָנען אומבעשמאָלצענערהייט אַריינשווימען אין דער קעגנוואַרט. די זשיוואָדיאָרקע פֿון די בעזדיעטאָווס איז געווען אַזאַ גלעטשער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. די מעבל-קונסט פֿון מאַהאָן איז געבליבן אין משך פֿון יאָרהונדערטער אָן אַ נאָמען, אַ קונסט פֿון זאַכן: די מייסטערס האָבן געשיפֿורט און געשטאָרבן און די זאַכן זענען געבליבן לעבן, — אין זייער קרייז האָבן די מענטשן ראָמאַנסירט, זיך געעלטערט, אין זיי באַהאַלטן די סודות פֿון זייערע טרויעריקע איבערלעבונגען, ליבעס, אינטערעסן, פֿריידן. עליזאַבעט, קאַטיע-רינאַ, ראָקאָקאָ, באַראָק, פּאַוועל — דער שטרענגער, שטרענגע רו, שוואַרץ-פּאָליטירטער מאַהאָן, גרינע לעדער, שוואַרצע לייבן, גריפֿעס, אַלעקסאַנדער — עמפּיר, קלאַסיציזם, עליאַדע. די מענטשן זענען געשטאָרבן, אָבער די זאַכן לעבן — און די פּאַרצייטישע זאַכן טיילן אויס פֿון זיך „פֿלוידן" פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. אין *1929* יאָר זענען אין מאָסקווע, אין לענינגראַד און אין די פּראָווינץ-שטעט געעפֿנט געוואָרן קראָמען, אין וועלכע די לאָמבאַרדן,

מלוכהשע אינסטיטוציעס און פּריוואַט־מענטשן האָבן געקויפט און פאַרקויפט אַנטיקן. אין יאָר *1929* זענען געווען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געזאַמלט „פּלוידן".

די ברידער בעזדיעטקאָוו האָבן געוואוינט אויף דער וולאַדימיר־דאָלגאָרוקער גאַס, וועלכע מען האָט גערופן ז ש י וו אָ ד י אָ ר ק ע, און זענען געווען אַנטיקוואַרן־רעסטאַווראַטאָרן. זייער קעלער האָט פאַרהאַלטן די צייט, פאַרוואָרפן מיט אַלטוואַרג פון די צייטן פון פּאַוועלן, אַלעקסאַנדערן, קאַטערינען. די ברידער — קיסריים אין דעם קעניגרייך פון מאַהאָן — האָבן געקאָנט רעדן וועגן די אַלטע צייטן און זייער קונסט. אין קעלער פון די בעזדיעטקאָווס האָט מען געשמעקט מיט אַזעלכע ריחות פון פאַרצייטישקייט, וועלכע מען האָט געקאָנט זיך אויסקלויבן און קויפן. זייערע שמועסן האָבן די רעסטאַווראַטאָרן באַנעצט מיט קאָניאַק, וואָס איז איבערגעגאָסן געוואָרן אין אַ קאַראַפינקע פון דער קאַטערינע־עפּאָכע און געטרונקען געוואָרן מיט גלעזלעך, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו אַ צאַרישן קריסטאַל־סערוויז. קאַווע האָבן זיי געהאַט גוטע. זי איז דערלאַנגט געוואָרן אין פיינסטן פאָרצעליי, פאַרקאָכט זייער שטאַרק און צוגעריכט אויף זייער אַ מייסטערהאַפטן אופן. די רעסטאַווראַטאָרן האָבן געהייסן נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונען זיך אויסלייגן אויף אַ פאַוועל־סאָפע, און צו דער סאָפע צוגערוקט אַ טישל פון דער קאַטערינע־עפּאָכע מיט זיסוואַרג און ליקער. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט געטרונקען קאַווע, — זי איז געווען שלעפּעריק, — פאַוועל פּיאָדאָראָוויטש האָט איר געוויזן טראָפּיניס מיניאַטורן, פאָרצעליי, רוסישע גאָבעלינען, געגלעט אירע הענט, גערעדט וועגן אַלטע צייטן און איר צוגעגאָסן ליקער. פאַוועל פּיאָדאָראָוויטש האָט אויפגעשפּילט אויפן קלאַוויקאָרד גלינקעס אַ שאַפּונג. אַרום צוועלף אַ זייגער איז נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איינגעשלאָפן אויף דער סאָפע, נאָכדעם ווי זי האָט געבעטן, מען זאָל זי נישט וועקן ביז זיבן אַ זייגער. אָפּוואַשנדיק זיך ביים ברודיקן קראַן, זענען די ברידער געגאַנגען אין דער צערקווע אַריין פון אַלטן פּימען אויף אַ ליציטאַציע. פינף אַ זייגער האָבן זיי זיך אומגעקערט אַהיים, האָבנ־

דיק אָנגעקויפּט וויין, זיסוואַרג און אַנדערע מאכלים. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט אויפגעוואַכט אַ פרישע, אַ פרייליכע און גלייכגעוויכטיקע. די צייט איז דאָ געפלאָסן ווייט פון די שוצגראָבנס פון דער רעוואָלוציע. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט טעלעפאָנירט צו איר חברטע :

— קסאַנאַ, איך זיץ דאָ אין אַ פאַרמבולדיקן קעלער, אַרומגערינגלט מיט מאַהאָן, מיר טרינקען קאָניאַק אין בעכערס פון זיבצענטן יאָרהונדערט. קום צו אונז, מיר ווען הוליען און שפּאַסן, ווי די פּאַסטוכער אין אַכצענטן יאָרהונדערט. דער באַלעבאָס וועט אונז שפּילן אויפן קלאַוויקאָרד.

די בעזדיעטאָווס האָבן סערווירט דעם טיש מיט אַן אַלטן סערוויז, אַוועקגעשטעלט צו קילן דעם בראָנפן און וויסן וויין, אָנגעוואַרעמט דעם רויטן וויין. אויף די ערשטע, מיטאָגדיקע באַרנעס האָבן געפינקלט טרערן פון זאַפּט. ביים קיילעכדיקן טיש זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פיר פּאָטעלן. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונעס חברטע האָט געהערט צו דעם מין פרויען, וואָס להכעיס אַלע נאַטור-קרעפטן, טראָגן זיי אפילו זומער-צייט פוטערס אין מאָסקווע. אין די אָוונטן האָט מען זיי, געשמינקטע, געקאָנט באַגעגענען אויף דער קוזניעצקאָוו-בריק און אין די נעכט אין די דאַנסינגס. די פרויען האָבן זיך געשפּילט אין אַכצענטן יאָרהונדערט, פאַרהאַלטנדיק די צייט, און געטרונקען בראָנפן, ווי די מענער. פּאַוועל פּיאָדאָראָוויטש איז אַוועקגעגאַנגען פון טיש צום קלאַוויקאָרד. אין קרישטאָלענעם סערוויז פון עקס-צאַר האָט גאָלדיק געפינקלט דער אינגלענדישער שאַמפּאַן. מען האָט ווידער דערלאַנגט קאַווע אויפן טערקישן שטייגער, געמישט מיט ליקער און קאָניאַק. סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש האָט געוויזן די געסט אַלטפראַנקישע פּעלערינעס, טיורנירן, שאַלן, פּעכערס, — דאָס אַלטע זיידנס, דער סאַמעט, טאַפּט, שפּיצן, העלפאַנדביין און פישביין האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך אַ ריח פון אַלטע פּערפומען. נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און אָנגעהויבן רעדן :

— אין דער ביאָגראַפיע פון סערגיי יעסיענין, דעם מענטש, וואָס זיין לעבן איז פול געווען מיט פאַנטאַסמאַגאָריען, — הערט,

איך לייען אַ רעפּעראַט! — אין זיין ביאָגראַפיע וועט אונטערגע-
שטראָכן ווערן, אַז דער מענטש האָט געלעבט בלויז מיט עמאָציעס,
מיט וואָס ער האָט זיך קאַטעגאָריש אונטערגעשיידט פון די מענטשן
פון אונזער עפּאָכע. הערט, הערט! — סערגיי יעסיענין איז גע-
שטאָרבן טראַגיש. איך וויל אַצינד רעדן וועגן זיין צונויפטרעפן
זיך מיט איזידאָראַ דונקאַן. סערגיי יעסיענין איז געוואָרן דער גע-
ליבטער פון אַן אַקטריסע מיט אַ וועלט-רום, אַ פופציקיעריקער
פרוי, וואָס איז נישט פעיק געווען צו שטילן אירע ליידנשאַפטן
און האָט נישט געקאָנט רעדן קיין רוסיש. דידאָזיקע פרוי, די אַק-
טריסע, וואָס האָט באַוויזן צו פאַרכישופן אַ גרויסע צאָל מוחות
אויף דער ערד-קויל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער מענטשהייט נישט
איין מיליאָן רובל, וואָס איז באַקאַנט געווען פון האָליוואוד און
ניו-יאָרק ביזן רוסישן א י ר ב י ט, און וואָס האָט אויסגעפּרוווט די
אויסאַרבעטונגען פון אַלע קאָסמעטישע פאַבריקן, כדי אויפצוהאַלטן
די פרישקייט פון איר קערפּער, — דידאָזיקע פרוי האָט זיך אָפּ-
געגעבן דעם יונגן רוס פון דער ראַזאַנער גובערניע, לעבן
טייך אָקע, וועלכער וועט שוין נישט פליסן פאַרביי זיין דאָרף קאָנ-
סטאַנטינאָוו, — און לויט דער מאָראַל פון אונזער באָהעמע — איז
פאַר סערגיי יעסיענינען געווען אַ כבוד צו האָבן אַזאַ געליבטע, מיט
וועלכער ער האָט געמוזט רעדן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַן
איבערזעצער. דאָס איז געווען אַ פריילעכע אַוואַנטורע, ווי אונזער
היינטיקע נאַכט. אָבער יעסיענין האָט חתונה געהאַט מיט איזידאָראַ
דונקאַן, איז געוואָרן איר מאַן — און דאָס האָט אים אומגעבראַכט, —
איר הערט! — דאָס האָט אים אומגעבראַכט! אין זייערע
באַציִונגען און אומאויפהערלעכן שיכורן האָט זיך גאָרנישט געענ-
דערט. אָבער דאָס האָט דערפירט צום אומקום, ווייל אַלץ איז גע-
וואָרן אויף ערנסט. אויף ערנסט האָט זיך פאַראייניגט אַן עטלעכע
צוואָנציקיעריקער יונגערמאַן מיט אַ העכער פופציקיעריקער פרוי,
וואָס האָט נישט געקאָנט די שפּראַך פון יעסיענינען, וועלכע האָט
באַקענט די ליידנשאַפט און דעם רום פון אַ סך מענער אויף דער
ערד-קויל, איז טויזנטפאַך געליבט געוואָרן אויף דער ערד-קויל, זיך

שוין אָנגעהויבן לאַנגווײַלן אויף דער ערד-קויל, שוין נישט געקאָנט שלאָפן אין די נעכט און טראָגן מענטשלעכע מלבושים, געטרונקען גלעזערווײַז, ווי מיר, דעם רוסישן בראָנפן, וועלכן מען רופט ר ו ס י ש ע ר ב י ט ע ר ע ר. אַזאַ פרוי קאָן מען נישט ליב האָבן, — איר הערט? — סערגיי האָט אויפגעהערט צו זײַן יעסיענין און איז געוואָרן סערגיי דונקאַן, ווי איזידאָראַ איז געוואָרן איזידאָראַ יעסיענין. סערגיי יעסיענין, אָט דער לירוקער, מיט די האָר פון קאָרן-קאָליר, אָט דער פּרעכטיקער מענטש, האָט געשלאָגן איזידאָראַ דונקאַן מיט די פויסטן איבערן פּנים, זי געקאָפּעט אין בויך אַריין, — שלאָגנדיק זי, האָט ער געשלאָגן זיך אַליין. ער האָט איר געלייענט זײַנע לידער, אין וועלכע ער האָט זי אָנגערופן צויג, און וועלכע זי האָט נישט פאַרשטאַנען, — און גלעזערווײַז געטרונקען מיט איר דעם רוסישן ביטערן, פאַרטרינקענדיק מיט דידאָזיקע גלעזער זײַן לעבן, זײַן בלוט זײַנע לידער!...

נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ איז געוואָרן אַלץ מער שיכּור, ווי איר הברטע, און זיך באַמיט אויסצוזען ווי אַ בגילופנדיקע מאַרקיזין פון אַכצענטן יאָרהונדערט. די רעסטאָראַטאָרן זענען געווען ניכטער. אַרום צען אַ זייגער איז פאַרפאָרן אַן אויטאָ, און זיי זענען זאַלבע-פערט אַרויסגעפאָרן הינטער דער שטאָט מיטן פּעטערבורגער שאָסיי. האַלב צוועלף זענען זיי געווען אין אַקטיאָרן-קלוב, אין געסל פון אַלטן פּימען, הינטערן לאָמבאַרד. די קעלנער אין אַרטיסטישן קלוב האָבן זיך נישט באַמיט צו אימיטירן דאָס אַכצענטע יאָרהונדערט, האַלטנדיק זיך ביים נײַנצען-דרײַצענטן, וואָס איז געווען לויט זייער געשמאַק. זיי האָבן דערלאַנגט אַן אויסגעצייכנט אָוונט-ברויט און פאָרגעלייגט טרושקאַווקעס אין ווייסן ווײַן. די פרויען האָבן געטאַנצט ביי דזשאַז-באַנד, די ברידער האָבן זיך געגלעט די פּאַלבן פון די סורדוטן. האַלב דרײַ האָבן זיי, דורך די לערע, פּינסטערע גאַסן, זיך ווידער אומגעקערט אויף דער וולאַדימיר-דאָלגאָרוקאָ-ווער גאַס. אַלע זענען געווען שיכּור. די ברידער האָבן אויפגעקאָכט קאַווע, זייערע אויגן זענען אָנגעגאָסן געווען מיט בליי. סטיעפּאַן

פּיאָדאָראָוויטש האָט אָנגערעדט די פרויען זיך איבערצוטון אין אַלטפּרענקישע קליידער, — כּדי אויסצוזען — ווי אויף די בילדער פון אַכצענטן יאָרהונדערט, — דערביי האָט ער אויסגעשפּרייט איבער דער סאָפע די אַלטע זיידנוואַרגן, כּדי זיך אויף זיי צו לייגן. די פרויען האָבן זיך אויסגעטון, אָבער שוין נישט בכּוח געווען אויפסנייַ זיך אָנצוטון. די טויבע נאַכט איז פאַמעלעך פאַרשוואונדן אין קרייז פון מאַהאָן. אין מאַהאָן האָבן זיך געשפּיגלט די ברענענדיקע ליכט. די ליקערן און די קאַווע זענען געווען קלעביק און געדיכט. די שיכּורע און נאַקעטע נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ האָט געזאָגט:

— איך ווייס נישט, ווער ס׳איז דער פאָטער פון מיין קינד, און דאָס איז מיר פולשטענדיק גלייכגילטיק. איך בין מעוברת, און וועל מיר נישט מאַכן קיין אַבאָרט. איך האָב נישט קיין מורא פאַרן לעבן. מיר זענען נייע מענטשן. פעלקער שטאַרבן אויס, אָבער איך וועל האָבן אַ זון, אַ קינד פון דער עפּאָכע. דאָס איז גוט, וואָס איך ווייס נישט, ווער ס׳איז זיין פאָטער. איך בין אַ מאַמע — דאָס איז זייער פּאַרצייטיש. היינט טרינק איך צום לעצטן מאָל. מאָרגן גיי איך צום דאָקטאָר.

סטיעפּאַן פּיאָדאָראָוויטש האָט אָנגעהויבן אייליק פאַרלעשן די ליכט.

אינדערפרי איז נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונאַ געווען ביים דאָקטאָר. וואַשנדיק די הענט נאָך דער אונטערזוכונג, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט נאַדיעזשדאַ אַנטאָנאָוונען, אַז זי איז טאַקע פאַרגאַנגען אין טראָגן, אָבער איז אויך, חוץ־דעם, אָנגעשטעקט מיט סיפיליס.

די זון איבערן פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן גייט אויף אַכט שעה.

אין דעם טאָג, ווען פּראָפעסאָר פּימען סערגעיעוויטש פּאָליעטיקאַ איז געפאָרן פון לענינגראַד קיין קאָלאָמנע און זיך אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע אין אַ נומער פון גרויסן מאָסקווער האָטעל,

האָט ער, אָפּרייסנדיק זיך פֿון דער לעקטור וועגן לעבן פֿון די הייליקע פּימענס פֿון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך, געטראַכט וועגן דעם, ווי אַלץ חזרט זיך איבער אין לעבן. ער האָט זיך דערמאַנט זיין קינדהייט, די פּיעטשאַרער היילן, די צעו׳קווע פֿון אַלטן פּימען, וואו ער האָט אַמאָל חתונה געהאַט, זיין ווייב, דאָס חתונה־לעבן, די רחבות־דיקע קילקייט אין דער פּעטערבורגער וואוינונג, — דאָס אַלץ איז אַוועק און וועט זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן. אין לאָמבאַרד, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער אַמאָליקער צערקווע, האָט מען אין בוּפֿעט פֿאַרקויפֿט קוואַס מיט קוכן. דער פֿורמאַן האָט אויף דער גרויס־מאָסקווער גאַס געזאָגט, אַז דאָס לעבן איז נישט ווערט קיין דרייער און אַז אָן ברילן זעט מען גאָרנישט. מיט פֿינפֿאונצוואָנציק יאָר צוריק האָט דער פּראָפֿעסאָר איבערגעלעבט דעם פֿרילינג פֿון זיין לעבן, — דעם פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַס תּלמיד לאַסלאָ האָט איבּ צוגענומען זיין פֿרילינג, צונעמענדיק ביי אים דאָס ווייב. די דאָזיקע מחשבות זענען פֿאַרשטעלט געוואָרן דורכן בילד פֿון נייעם טייך, געזען מיט די אויגן פֿון אַ קינסטלער. די אַלטע פּימענס זענען נישט געווען קיין מוסטער פֿאַרן לעבן: אין לעבן איז דאָס ערגסטע, ווען דער מענטש הייבט אָן פֿילן די איבעריקייט פֿון עפּעס, — אַזוי איז געווען מיט די אַנטאָנאָווער היילן. די פּימענס, וואָס זענען געשיקט געוואָרן דורכן אַנטיקוואַר, האָט דער פּראָפֿעסאָר אין זיין געדאַנק צונויפֿגעמישט מיט די אַנטיקוואַרן בעזדיעטאָוו. דער אַקאַדעמיקער לאַזאַרעוו, פֿאָרשנדיק די פֿיזישע געזעצן פֿון מענטשלעכן לעבן, פֿאַרלייגנדיק די פֿונדאַמענטן פֿון דער מענטשלעכער אומשטערב־לעכקייט, האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דער מענטש פֿאַרמאָגט די גרעס־טע עמפֿינדלעכקייט, ווען ער איז אַלט צוואָנציק יאָר, — אויב עס איז אַזוי — בויט דער מענטש זיין גאַנץ לעבן אויף דעם, וואָס ער האָט דערגרייכט אַלס צוואָנציקיעריקער יונגערמאַן.

דער צוג האָט אין דער נאַכט געפֿירט דעם פּראָפֿעסאָר צו די קאָלאָמנער אַלטערטימלעכקייטן, צום קאַמפּס־פּלאַץ פֿאַרן סאָציאַליזם, דערביי איז דער קאַמף געגעבן געוואָרן דורכן פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַ. אינדערפֿרי איז פֿון צוג אַרויסגעגאַנגען אויפֿן שטח פֿון

דער בויאונג דער טיכטיקער זקן, דער אַרכיטעקט, דער געזעלשאַפֿט־לעכער טוער.

און עס איז געשען אַזוי:

— נעכטן איז געשטאָרבן מיין ווייב, וועלכע איז געוואָרן לאַס־לאָס ווייב נאָכן צעגיין זיך מיט מיר. זי האָט זיך אויפגעהאָנגען. היינט איז איר לוויה, — האָט סאַדיקאָוו געזאָגט הויך און מיט אָנשטרענגונג.

די זון האָט דייטלעך אָנגעצייכנט אויף סאַדיקאָווס געגאָלטן קאָפּ דאָס אָרט פון היטל. די זון האָט געלויכטן זייער העל. פּימען סערגעיעוויטש האָט באַהאַלטן די אויגן אונטער די ברעמען. ווידער די איבערחזרונג: דאָס ווייב, לאַסלאָ, — סאַדיקאָווס וועג איז געווען דער אייגענער, וואָס דעם פּראָפעסאָר פּאָליעטיקאַס וועג, — נאָר סאַדיקאָווס וועג איז געווען שרעקלעכער. די מחשבות זענען איבערגעגאַנגען אין ווייטיק, און די ווייטיק — אין געריכטקייט, שוין זקנישער. דער אַלטער האָט נישט ליב געהאַט צו אַנט־פּלעקן זיינע געפילן, זיינע ברעמען האָבן זיך געקנייטשט מיט אַן אויסדרוק פון שטרענגקייט. דערדאָזיקער אַלטער, וואָס האָט געבויט זיין לעבן מיט ווירדע, איז געווען אַ ביסל אויסטערליש, ווי אַלע מענטשן, וואָס הייבן שוין אָן אַלט צו ווערן.

— יאָ, דאָס איז מיין ווייב און מיין טאָכטער, — האָט פּאָ־ליעטיקאַ שטרענג געזאָגט. פּויקנדיק מיט זיינע זקניש־געקאַרבטע נעגל איבערן טיש, — און ס׳זענען אים געקומען אויפן רעיון די קאָרידאָרן פון זיין פּעטערבורגער וואוינונג, די רו, די אינערלעכע רחבות, און די שוועל פון קאָרידאָר, אויף וועלכער פּימען סערגעיע־וויטש האָט צום לעצטן מאָל געזען אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגען, — אויף יענער זייט שוועל האָט אויף אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען געוואַרט לאַ־סלאָ, — אויף דער זייט שוועל זענען געבליבן פּאַר פּימען סער־געי וויטשן די ענינים, די אַרבעט, די געדאַנקען, די צייט.

אויף דער שוועל פון עסצימער אין הויז פּאַר צוגעפּאָרענע האָט זיך באַוויזן אַן אויסטערלישער מענטש אין ווילקלערס און אין אַ פאַרפּעצטער קורטקע, אַ געשווירענער אָן אַ שפּיגל. דער מענטש האָט געהאַט אויגן פון אַ משוגענעם און זיך באַוועגט ווי אַ משוגע־

נער. ער האָט איילִיק דערלאַנגט יעדן די האַנט, זיך נייגנדיק און פֿאָרשטעלנדיק: — „דער עכטער קאָמוניסט ביז טויזנט ניינהונדערט איינאונצוואָנקציקסטן יאָר, איוואַן אָזשאָגאָוו!“ — סאַדיקאָוו האָט מיט אַכטונג זיך באַגריסט מיטן משוגענעם. פּימען סערגעיעוויטשס געדאַנקען האָבן געבלאָנזשעט אין דער צייט. דער מענטשלעכער פּרינציפּ — וועגן איידלקייט — איז נייטיק נישט בלויז פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון אַ העכערער מאָראַל, אַזוי צו זאָגן, נאָר ער איז פּשוט נוצלעך פֿאַרן מענטש, ווייל צו זיין איידל — איז אי באַקוועמער, אי נוצלעכער, — אי שכלדיקער, — און דער מענטשלעכער שכל האָט דעם גרעסטן ווערט. אַלע אָפּנויגן פֿון די פּרינציפּן פֿון איידלקייט — זענען פּאַטאַלאָגיע.

— ווער פֿון אייך איז דאָס דער אַלטער באָלשעוויק, דער פּראָפעסאָר פּימען סערגעיעוויטש, דער חבר פּאָליעטיקאַ? — איך מוז מיך מיט אים דורכשמועסן! — האָט אָזשאָגאָוו אויסגערופֿן.

— איך בין פּאָליעטיקאַ, — האָט פּימען סערגעיעוויטש געזאָגט.

— איר! ? — דעם משוגענעמס אויגן האָבן באַקומען אַן אויסדרוק פֿון געריוטקייט און טרויער, — זייער גוט. אין צוויאונצוואָנציקסטן יאָר האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער פּאַרטיי פֿאַר שיכּרות. איך בין טאַקע אַ שלעפּער. אָבער איך בין אויך אַ קאָמוניסט. פּימען סערגעיעוויטש, חבר פּראָפעסאָר! — קומט אין אונזער קאָמונע אַריין, אין אונזער הייל אַריין! חבר פּראָפעסאָר פּימען סערגעיעוויטש! — איידל, איידל דאַרף מען זיין! איך וויל גאָרנישט פֿון אייך, נאָר איר זאָלט זיין איידל!

— ווער זענט איר? — האָט פּימען סערגעיעוויטש געפֿרעגט.

— אייך האָט מען נאָך נישט אַרויסגעוואָרפֿן? — האָט אָזשאָגאָוו געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע.

— פֿון וואַנען?

— פֿון דער פּאַרטיי.

— ניין. ווער זענט איר?

— איך בין אַ פֿאַרלוירענער מענטש, אַ שיכּור און שלעפּער, אָבער דער עכטער קאָמוניסט איוואַן אָזשאָגאָוו. ביים אינזשעניער לאַסלאָ האָט זיך אויפֿגעהאָנגען פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשס ווייב, —

גוט נאָר אַ קוק אויפן חבר פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש, ווי שלעכט ער זעט אויס פון עגמת־נפש! גיט נאָר אַ קוק אויף דער חברטע אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אויף לאַסלאָס געוועזענעם ווייב, — זי גייט כּסדר אַרום מיטן טיכל ביים מויל, זי מאַטערט זיך, די פרוי!

דעם משוגענעמס אויגן האָבן געפינקלט מיט טרויער. ער האָט געשריגן, צודריקנדיק די הענט צו דער דאַרער ברוסט, די הענט האָבן אים געציטערט, און עס האָבן געציטערט זיינע קניען אין פיבער. ער האָט זיך אינגאַנצן קאָנוואולסיוו געטרייסלט. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַן אַטאַק. אָזשאָגאָווס רייד זענען געווען אומפאַרשטענדלעך און זינלאָז, — „איידלקייט, איידלקייט, איידל־קייט!" — דער אינזשיניער סאַדיקאָוו האָט דערלאַנגט איוואַן קאַרפּאָ־וויטשן אַ גלאָז וואַסער, דאָס וואַסער איז אַראָפּגערינען איבער זיין באָרד, וואָס איז געווען אַרומגעשוירן מיט אַ טעמפּער שער, אָן אַ שפּיגל, נישט גלייך. דעם משוגענעמס אויגן האָבן כּסדר געהאַט אַן אויסדרוק פון גוטסקייט.

— זאָל לעבן דער קאָמוניזם, די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע און די ערע! — האָט אָזשאָגאָוו אויסגעשריגן.

— יאָ, פולשטענדיק גערעכט, — האָט מרוקענדיק געזאָגט דער פּראָפעסאָר.

נאָר פּימען סערגעיעוויטש האָט נישט פאַרענדיקט. אין די קעלערס בלייבט דער שניי ליגן ביז יולי. דאָרטן דויערט דער ווינטער: פּימען סערגעיעוויטשס געדאַנקען האָבן זיך דערוייטערט צום ווינטער פון זיינע זכרונות. נישט קוקנדיק אויף אַלץ, איז יעדער מענטש מחויב ליב צו האָבן אויף זיין שטייגער, צו דעצי־דירן וועגן אופן פון זיין אַרבעט, אויף זיין שטייגער צו לעבן און שטאַרבן, — יעדער איז מחויב דורכצולעבן אי אַ קינדהייט, אי אַ יוגנט, אי מענישקייט, אי עלטער, — און יעדער האָט אַ רעכט צו פאַרמאָגן זיין אייגענע ערע. דעם פּראָפעסאָרס געדאַנקען, וואָס האָבן פאַרבלאָנזשעט אין קעלער, אין וועלכן עס האָבן זיך געפו־נען די זכרונות פון זיינע סטודענטישע יאָרן, האָבן אָנגעהויבן צו וואַנדערן אין דער צייט, ווי וואָלקנס אין הימל אין אַ שלעכט־

וועטערדיקן טאָג, ווען זיי טראָגן זיך שווער און אײליק, און די ערד שפּילט זיך אין זון־און־שאָטן.

— יאָ, יאָ, פולשטענדיק גערעכט. איר ווייסט, ווען איך בין נאָך געווען אַ סטודענט...

אָזשאָגאָוון, וועלכן דער אַטאַק האָט אומגעוואָרפן, האָט מען אַרויסגעטראָגן פון עסצימער.

פימען סערגעיעוויטש האָט דורכגעקוקט די פּלענער פון דער אויסגעפירטער אַרבעט, — די פּלענער אויף די סקיצן און קאַלקעס האָבן אים אויסגעזען, ווי מיליאָנען קוביק־מעטער וואַסער, די צייכע־נונגען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קראַפט. די איינדריקן זענען אָנ־געוואַקסן אין שיכטן איינע איבער די אַנדערע, — די דערינערונג וועגן אַלגען, מאַריעס לוויה, די בויאונג פון מאָנאָליט. אין קעלער פון די זכרונות איז געווען זומער, — דעם פּראָפעסאָרס טאָכטער איז אַמאָל געווען אַ קליין מיידעלע, פימען סערגעיעוויטש האָט זי געטראָגן אויף זיינע דעמאָלט נאָך שטאַרקע הענט און געשראָקן מיט די ברילן, — אַצינד איז זי שוין אַ דערוואַקסענע פרוי, אַ קאָמו־ניסטין. די בויאונג, וואָס האָט זיך געצויגן אויף קילאָמעטערס, דער מאָנאָליט, דער גראַניט־בעטאָן, דער אָפּפיר־קאַנאַל, — זענען געווען געשאַפן, — און האָבן ווידער אָנגענומען די פאָרם פון צייכענונגען, און די צייכענונגען זענען שוין געווען געשריבן נישט מיטקיין טוש אויף פּאַפּיר, נאָר מיט גראַניט אין דער נאַטור. דער טאָג איז געווען אַ שלעכט־וועטערדיקער, די זון איז אַלעמאָל פאַרשטעלט געוואָרן דורך וואָלקנס, — דעמאָלט האָט אַלץ אָפּגעבלאַקירט אויף לענגערע ווײלעס, כּדי נאָך עכטער זיך צו פאַרוואַנדלען אין גאָלד, ווען די זון וועט זיך אומגעקערן. פימען סערגעיעוויטש האָט גערעדט מיט אַ שטרענגן טאָן, זקניש־אָנגעברוגזט. ער האָט זיך גראָד געפונען אויפן מאָנאָליט, ווען די פרויען האָבן אַוועקגעוואָרפן די טאַטשקעס און געגאַנגען אין שטאָט אַריין. דער אַרבעט־אויפזעער האָט דעריאָגט די פרויען אויף אַ ראָווער, — ער האָט

גאָרנישט געקאָנט אויפקלערן. פון ביוראָ האָט מען זיך אָנגע־פרעגט: — „אַ שטרייק?“ — דער אויפזעער האָט געענטפערט מיט אַ השערה: — „אפשר אַ דעמאָנסטראַציע?“ — פּאָליעטיקאַ האָט ברוגזדיק געקוקט אויפן הימל און געטראַכט, אַז דער מענטש, די מענטשהייט איז באַרופן נישט בלויז איבערצובויען די נאַטור, צו ענדערן דעם פלוס פון טייכן, צו פאַרייניקן מאָנאָליטן מיט דער געאָלאָגיע, — נאָר אויך צו בויען מאָנאָליטן פון באַגריפן, איבער־גראָבנדיק די געשיכטע און שאַפנדיק נייע באַציִאונגען צווישן די מענטשן. די פּרויען־קאָלומנעס זענען געגאַנגען אין דער צוקונפט אַריין, — דאָס איז געווען נישט קיין שטרייק, נישט קיין דע־מאָנסטראַציע, — די ווערטער האָבן נישט אַנטשפּראָכן דער פּאַק־טישער ווירקלעכקייט פון דער לאַגע.

דער אַרבעטס־טאָג אויף דער בויאונג איז איבערגעריסן גע־וואָרן דורך דער לוויה. און פּימען סערגעיעוויטש איז אַוועקגעגאַנ־גען אין דער שעה פון צעטומלטקייט אין זיין צימער אַריין, מיט־נעמענדיק סאַדיקאָוון, כדי צו בלייבן מיט אים אַליין. די פייגל זע־נען אַרומגעפלויגן הינטערן פענסטער, פאָרזאָגנדיק אַ רעגן, וועגן וועלכן דער הימל האָט נאָך גאָרנישט געזאָגט. די פייגל האָבן מיט זייער פּיפּסן טיפער געמאַכט די שטילקייט. פּימען סערגעיעוויטש האָט, אַ פאַרמאַטערטער, זיך שווער אַוועקגעזעצט אויפן ברעט. דאָס רחבותדיקע אומבאַוואוינטע צימער האָט אויסגעזען פּוסט. פּימען סערגעיעוויטש האָט געבעטן סאַדיקאָוון, ער זאָל זיך נעמען אַ שטול און אַוועקזעצן. פּימען סערגעיעוויטש האָט לאַנג מיט גערירט־קייט געקוקט אויף פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, די אָנגעברוגזקייט איז פאַרשוואונדן פון זיין פּנים. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געזעסן, אַ געהויקערטער, קוקנדיק מיט אַ מרה־שחורהדיקן און מידן בליק פאַר זיך. פּימען סערגעיעוויטש האָט איידל אַ שמייכל־געטון.

דער אַלטער האָט אָנגעהויבן רעדן.

— נישט צופעליק האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן מיט אייך היינט, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, וועגן די מדבריות, וואָס רוקן זיך אָן אויף אונז. אגב, מיר וועלן נאָך באַווייזן צו רעדן אויף דער טע־

מע. נאָרוואָס האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז אונזער גורל איז דער זעלבער, — אייגנטלעך געטראַכט נישט וועגן דעם, נאָר ווי אַלץ חזרט זיך איבער. מיט פינפאונצוואָנציק יאָר צוריק האָב איך התונה געהאַט מיט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. זייט מיר מוחל, וואָס איך רעד נישט וועגן די ענינים פון דער בויאונג. אי אייער ווייב, אי מיין ווייב האָט פאַרפירט לאַסלאָ. אָלגאַ איז פון מיר אַוועקגעגאַנגען, און איך ווייס, וואָס איר האָט איבערגעליטן, ווען מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ איז פון אייך אַוועקגעגאַנגען. יאָ, איך ווייס, ווי ווייטיקלעך דאָס איז, נאָר איך ווייס אויך, אַז פאַר מענטשן, וואָס אָבסערווירן זיך, זענען נישט פאַרהאַן קיין צופעליקייטן, אפילו נאָכן דורכלעבן אַ גאַנץ לעבן. דערציילט מיר וועגן זיך. איר קומט אַריין צו אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען און ליובאָוון?

— וועגן וואָס איז פאַרהאַן צו רעדן? מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ איז נאָכגעגאַנגען אירע אינסטינקטן, און עס האָט זי אומגעבראַכט דאָס, וואָס ביי לאַסלאָן זענען דידאַזיקע אינסטינקטן געווען נישט נאָרמאַלע. — ביי אייערע נאָענטע בין איך געווען נעכטן אין אָוונט, — איך האָב אַריינגעפירט צו ליובאָוו פימענאָוונען דעם הונט, וועלכער איז געבליבן נאָך מאַריען, — דער הונט האָט געוואָיעט און נישט געוואָלט עסן פון מיינע הענט. צו אייערע נאָענטע קום איך אָפט אַריין.

פימען סערגעיעוויטש האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן מיט אויפגעהויבענע אויגן צום סופיט, פאַרקוקט אין די קעלערס פון זיינע זכרונות.

— מען דאַרף זיך פון אַלץ אָפּגעבן אַ חשבון. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונעס אַוועקגיין פון מיר האָלט איך פאַר אַ פאַטאַלאָגישער דערשיינונג. אָבער איך זע נישט אַלץ. איך האָב געזען די פרויען, וואָס זענען געגאַנגען אויפן בית-עולם אַרויף. דאָס פאַרהאַלטן די אַרבעט קאָסט עטלעכע צענטליק טויזנט רובל און דער טויט פון לאַסלאָ, וואָרים ער איז, משמעות, אומגעקומען. אָבער מען דאַרף נישט האָבן אין זיך קיין לאָמבאַרד! — פימען סערגעיעוויטש האָט זשענירט אַ שמייכלגעטון. — פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, איך מיין, אַז איר וועט מיך צופירן צו אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען. מענטשן, וואָס אָבסערווירן זיך,

דאַרפן נישט אונטערגעוואָרפן זיין קיין צופעליקייטן, וואָרים אויך די צופעליקייטן זענען פּאַטאַלאָגיע. מיט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען האָב איך גוט געלעבט. אַצינד זענען מיר שוין ביידע אַלט, אמת? און איך וואָלט געוואָלט זען מיין טאָכטער ליובאַ. איך האָב זי דאָך זייער ליב געהאַט און האָב זי אַצינד אויך ליב.

סאַדיקאָוו האָט געזאָגט אויך אַזוי שטיל און זשענירט, ווי פּאָליעטיקאַ:

— יאָ, קומט, דאָרט וועט מען זיך פרייען מיט אייך. — סאַדיקאָוו איז שטיל געבליבן אויף אַ ווײַלע. — אייער טאָכטער, פּימען סערגעיעוויטש, — איז אַ וואונדערבאַרער מענטש. און לעבן דאַרף מען פּשוט.

פּימען סערגעיעוויטש איז אויפגעשטאַנען פון בעט זייער גערירט.

— פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש, איר פאַרשטייט... — האָט פּאָליעטיקאַ געזאָגט און זשענירט געמאַכט אַ שטרענגע מינע.

הינטערן פענסטער האָבן די פייגל אַרומגעפלאַטערט אין דער לופט און מיט זייער פּיפּסן טיפער געמאַכט די שטילקייט.

ס'זענען פאַרהאַן טעג, ווען דער מענטש דאַרף באַפריינדעט זיין מיט דער ערד, — ס'זענען פאַרהאַן טעג, ווען מענטשן פאַרטוען זיך גערנוויליק אין זייערע טעגלעכע באַשעפטיקונגען, כדי נישט אַריינצופאַלן אין מרה־שחורה. אין הויז פון די שוועסטערן סקודרין איז גראָד געווען אַזאַ טאָג. אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון דער רוסישער פּראָווינץ, דאַרף מען אינדערפרי אין אַזעלכע טעג עפענען די פענסטער, כדי אין די צימערן אַריינצולאָזן פרישע לופט, אָנגעווייטעט דורכן שטילן יולי־ווינט. אין די צימערן ווערט דעמאָלט קיל און גרינלעך־שאָטנדיק פון די אַלטע ליפּעס און קליאָנען, און דער ווילדער וויין אַרום דער טעראַסע באַהאַלט אין זיך דאָס גאָלד פון טאָג, — יענץ גאָלד, וואָס איז צעגאָסן איבערן גאָרטן און פאַרטרינקט אין זיך די קעפּ פון די זון־רויזן ביים פּאַרקן.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט געאַרבעט אַרום די בייטן, כדי מיט עפּעס אויסצופילן די צייט, — אירע הענט זענען אויסגעשמירט געווען מיט ערד. זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן גאָרטן און הויז, מיט אַוועקגענומענע הענט פון די היפּטן, כדי זיך נישט איינצוריכטן. זי האָט געוואָלט זיין אין פּריינטשאַפט מיט דער ערד, אין יענער זעלטענער און גליקלעכער פּריינטשאַפט, ווי עס טרעפט ביי מענטשן, וואָס קאָנען ליב האָבן, גלייבן און אַרויסרופן גלויבן, וואָרים נאָר מענטשן מיט איידעלע געדאַנקען און שטרעבונגען קאָנען ליב האָבן, גלייבן און טריי בלייבן. אַ וואונדערלעכע אַרבעט איז דאָס, — אַזש ביז ווייטיק פון די מוסקולן איבערצוגראָבן ערד, באַזייטיקן ווילד־גראָז פון בייטן און זען, ווי עס גייט אויף דאָס, וואָס מען האָט פאַרזעצט, דאָס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די אייגענע הענט.

... די קליינע אַליסאַ האָט געהאַט ליאַלקעס. איינער פון די ליאַלקעס, דער גרויסער, דער טוכענער, האָט אַליסאַ אָנגעפאַרבט וואָנסעס. אַליסאַ האָט קיינמאָל נישט גערופן דעם פאָטער: טאַטע, ווענדנדיק זיך צו אים, ווי די מאַמע, און אָנרופנדיק אים ביים נאָמען, — און די ליאַלקע האָט זי אָנגעהויבן רופן — טאַטע. מיט דער ליאַלקע האָט אַליסאַ זיך געשפּילט אין געהיים פון אַלע, אפילו פון מישען. וועגן דעם, אַז די ליאַלקע הייסט טאַטע, האָט אַליסאַ געזאָגט בלויז איין באַשעפעניש, דעם הונט וואָלף. אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון גאָרטן, באַהאַלטן פון אַלע, זיצנדיק אויף דער זון, האָט אַליסאַ זיך אַרויפגעזעצט דעם טאַטן אויף די קניען, געוויגט אים, געצערטלט, געשעפּטשעט: — טאַטע, טייערער, ליבער טאַטע, האָב נישט קיין עגמת־נפש, קום צו אונז, טאַטע ליבינקער!" — איינמאָל האָט אַליסאַ געפרעגט עדגאַר איוואַנאָוויטשן:

— עדגאַר, מיר לעבן אויף אַן אמת, צי מיר שפּילן זיך בלויז? דו און די מאַמע — לעבן, און איך און מישאַ שפּילן זיך מיט ליאַל־קעס. ווייל איך וויסן, צי איך און מישאַ לעבן, צי מיר שפּילן זיך בלויז?

די גרויסע, טוכענע ליאַלקע, מיט די צעשמירטע וואָנסעס פון

טינט, איז געווען זייער שמוציק און זייער שרעקלעך. אויף ביי־נאַכט האָט אַליסאַ זיך אונטערגעלייגט דידאָזיקע ליאַלקע אונטערן קישן, אין געהיים פֿאַר אַלע, מען זאָל איר נישט צונעמען דעם טאַטען און זיך וועגן אים דערוויסן, און בייטאָג, ווען ס'איז הייס געווען, האָט זי אים געצערטלט.

דער טאָג האָט זיך גענייגט צו מערב, עס האָט זיך פֿאַר־נומען אויף רעגן, — מען האָט זיך געדאַרפֿט צוזיילן, ווייל די ערשטע טראָפּנס האָבן שוין געשאָרכט איבער די בלעטער. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טעראַסע נאָך שטריקלעך, כדי אונטערצובינדן די אַרבעס, — און נישט באַלד דערקענט עמעצן, וואָס איז געקומען, דאַכט זיך, אין אַ הוט מיט ברייטע ראַנדן און, דאַכט זיך, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט. פּיאָ־דאָר איוואַנאָוויטש איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דער טעראַסע אין גאָרטן אַריין, כדי דעם געקומענעם צו לאָזן אַליין. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווּ־נעס הענט זענען פֿאַרשמירט געווען מיט ערד. קעגן אָלגאַ אַלעקסאַנ־דראָוונען איז געגאַנגען אַ זקן מיט אַ באָרד. דער זקן האָט גע־קוקט אויף אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונען מיט ליבשאַפֿט, מיט פֿאַרוואונ־דערונג, מיט געריטקייט. פּימען סערגעיעוויטש האָט נישט גע־קאָנט אַנדערש קוקן, ווייל אויף דער טעראַסע איז געשטאַנען די איינציקע פֿרוי, וועלכע ער האָט אין זיין לעבן ליב געהאַט, ווייל פּימען סערגעיעוויטש איז געווען אַ גוטער, און אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט געזען, אַז אָלגאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ הייבט אויך שוין אָן גראָ צו ווערן, ווי ער, וואָס איז פֿריצייטיק גראָ געוואָרן.

— שוין אַזוי פֿיל יאָרן דיך נישט געזען, אָלגאַ, — האָט פּי־מען סערגעיעוויטש געזאָגט און שטיל געבליבן, כדי צונויפֿצונעמען די געדאַנקען. — אָט בין איך געקומען צו דיר.

— ווי דו האָסט דיך געענדערט, פּימען, — מיר האָבן זיך אַזוי פֿיל יאָרן נישט געזען! — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געזאָגט.

און מיטאַמאָל זענען אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונעס אויגן פֿול גע־

וואָרן מיט טרערן, זי האָט היילפלאָז פאַרבראָכן די הענט, וואָס זע־גען איינגעשמירט געווען מיט ערד.

— איך בין געקומען צו דיר, אָלגאַ, — אויף שטענדיק.

— איך וועל מיר גיין אָפּוואַשן די הענט, — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געזאָגט און — מיט איר גאַנץ ווייזן אויסגעשטרעקט די הענט צו אים, — די הענט, וואָס זענען פאַרשמירט געווען מיט ערד, האָבן אַרומגענומען זיין האַלז.

פּימען סערגעיעוויטש האָט געקושט די ערד אויף אָלגאַ אַלעק־סאַנדראָוונעס הענט. אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נישט צוגענומען די הענט, שטייענדיק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דאָס לעבן קאָן זיך ענדיקן און אָנהייבן — יעדע שעה, יעדע רגע.

— און וואו איז ליובאַ און דיין צווייט טעכטערל? איך האָב באַשלאָסן צו גיין צו דיר דעמאָלט, ווען כ׳האָב מיך דערוואוסט, אַז די פרויען זענען געגאַנגען אויף דער לוויה פון עדגאַר לאַסלאָס פרוי.

— איך וועל מיר גיין אָפּוואַשן די הענט, — האָט אָלגאַ אַלעק־סאַנדראָוונאַ געזאָגט און נישט צוגענומען די הענט. — איך קאָן מיך מיט גאָרנישט פאַרענטפערן פאַר דיר.

אין גאָרטן האָט געטרילערט אַ פויגל. דער האַרבסט־רעגן האָט געטריפט פאַמעלעך, אומעטיק, גלאָטיק. די ביימער אויפן רעגן זענען פאַרשוויגן געוואָרן. דער פויגל האָט אויך געטרילערט זייער אומעטיק, זייער איינזאַם. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געזעסן אויף אַ באַנק אין גאָרטן, ווערנדיק אויסגעווייקט אויפן רעגן. דער רעגן האָט נאַס געמאַכט זיינע אָרעמס און די ערד פאַר אים, דער רעגן האָט נאַס געמאַכט זיין פנים. פיאָדאָר איוואַנאָוויטש איז געזעסן אַ געהויקערטער, אַ צונויפגעדרייטער, אַן אומבאַוועגלעכער. דער רעגן איז אַראָפּגערינען פון זיין העמד. אין גאָרטן האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. אין גאָרטן איז טונקל געוואָרן. דער רעגן האָט געגאָסן

און געגאָסן. דער הימל האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די בײמער, מיט דער ערד.

און דעמאָלט איז אין גאָרטן אַרײנגעקומען ליובאָוו פּימענאָוו־נאַ. איר איז מרה־שחורהדיק נאָכגעגאַנגען װאָלף. זי האָט זיך שװײגנ־דיק אַװעקגעזעצט לעבן פּיאָדאָר איװאָנאָװיטשן. װאָלף האָט זיך געלײגט לעבן זײנע פּיס. נישט פּיאָדאָר איװאַנאָװיטש, נישט ליובאָוו פּימענאָװנאַ האָבן לאַנג נישט אַרויסגערעדט קײן װאָרט. דער רעגן האָט נאַס געמאַכט ליובאָוו פּימענאָװנען פּונקט אַזוי, װי פּיאָדאָר איװאַנאָװיטשן.

— פּיאָדאָר, — האָט ליובאָוו פּימענאָװנאַ געזאָגט, — מען דאַרף זיך אומקוקן הינטער זיך, כּדי צו זען די צוקונפט... אױפן גרונט פון טײך אָקע איז געפונען געװאָרן אַ שטײנערנע באַבע, — מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך שטודירט די געשיכטע פון די־דאָזיקע באַבעס... — ליובאָוו פּימענאָװנאַ האָט געשװיגן אַ װײלע — װיפיל־זשע יאָר איז דידאָזיקע באַבע אָפּגעלעגן אונטערן װאַסער? איך בין אַצינד געװען בײ אַ מענטש, װעלכן איך האָב אַמאָל געגעבן מײן װאָרט, אַז איך װעל־זײן זײן װײב. איך בין אַצינד געװען בײ אים, כּדי זיך מיט אים צו געזעגענען. דער מענטש האָט מיר קײנמאָל קײן קוש נישט געטון. אַצינד פאַרשטײט איר שױן, פאַר־װאָס איך בין נישט געגאַנגען מיט אײך צום מאַרינאַ־טורעם, — איר געדענקט?

ליובאָוו פּימענאָװנאַ איז פאַרשװיגן געװאָרן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. פּיאָדאָר איװאַנאָװיטש האָט גענומען איר קאָפּ, אים אַרױפגעלײגט אױף זײנע קניען און אױפמערקזאַם זיך צוגעקוקט, װי די טראָפּנס רעגן זענען גערונען איבער ליובאָװס פאַרמאַכטע אױגן, צוזאַמען מיט טרערן, — און אפשר זענען קײן טרערן נישט געװען?

אין רעגנדיקע אָװנטן איז שטענדיק באַזונדער אָנגענעם אױף די טעראַסעס, װאָס זענען אַרומגערינגלט מיט װילדן װײן. אין גאָרטן שמעקט מיט בלומען, דער גאָרטן איז פינסטער, אין גאָרטן

שאָרכט דער רעגן. אויף דער טעראַסע, ווען די מוטער און די טאָכטער זענען אַוועקגעגאַנגען צו דער ווירטשאַפט, די מוטער אין שטוב אַריין, ליובאָוו פּימענאָווגאַ נאָך רעטעכלעך און סאַלאַטן אין גאָרטן אַריין, — האָט פּימען סערגעיעוויטש אָנגעהויבן רעדן וועגן זיינע אַרבעטן, צוהערנדיק זיך צום רעגן און די געשאָרכן אין גאָרטן.

— איך האָב גערעדט מיט אייך, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש וועגן די מדבריות, וואָס רוקן זיך אָן אויף דער מענטשהייט, האָבן חרוב געמאַכט אַטלאַנטידע, אַראַביע, מאָנגאָליע און אונזער וואָלגע־קאַנט. די מדבר רוקט זיך אויף אונז, אויף מערב־סיביר און אייראָפּעיש־רוסלאַנד, די מדבר גרייכט ביז הינטער מאָסקווע, די זאַמד־שטורעמס און טרוקענישן, אירע פאָרזאָגער, דערגייען ביז ניזשני־נאָווגאָראָד, ראַזאַן, אָרלע, קיעוו. די מדבריות אַנטשטייען, ווען עס ווערט פאַר־לוירן די גלייכגעוויכט צווישן דער וואַרימקייט און פייכטקייט, — ווען ס'איז דאָ מער וואַרימקייט, ווי פייכטקייט, וואָס שטעלט זיך איר אַקעגן, פאַרברענט די זון די ערד, מאַכט חרוב דאָס לעבן. און וויפיל הומוסן ווערן יעדן פרילינג אַראָפּגעשווענקט דורך די טייכן אין די ימים אַריין, אַרויסוואַשנדיק פון דער ערד די זאַלצן און כעמישע עלעמענטן, וואָס זענען דאָס חיות פון די געוויקסן. — פּימען סערגעיעוויטש האָט געשוויגן אַ ווײַלע, זיך איינהערנדיק אין אָוונט. ליובאָוו פּי־מענאָווגאַ איז דורכגעגאַנגען די טעראַסע, אומקערנדיק זיך פון גאָרטן מיט בינטעלעך רעטעכלעך און סאַלאַטן אויף אַ טעלער, — איר פּנים האָט אויסגעזען גליקלעך. דער ווינט האָט גערוישט צווישן די ביימער. פּימען סערגעיעוויטש האָט ווייטער אָנגעהויבן רעדן: — איך האָב געשאַפן אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי צו פאַרהאַלטן די מדבר, וואָס גייט אויף אונז. איך האָב שוין פאַראָרדנט צו מאַכן די מאַפּעס און פּלענער און זיי קאָנטראָלירט. מען דאַרף די וואָלגע דורכגראָבן מיט אַ מאָנאָליט הינטער קאָמישין און זי וואַרפן אויפן וואָלגע־קאַנט, אויף די אַראַל־קאַספּישע זאַמדן, אויף די טויטע ערד־שטחים פון דער אַראַל־קאַספּישער מדבר... אין דער מדבר וועלן זיך שאַפן נייע אָזערעס און טייכן, טויזנטער קוואַדראַט־קילאָמעטער

וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט וואַסער, — אָבער הונדערטער טויזנטער קוואַדראַט-קילאָמעטער וועלן אויפלעבן, אָפּגענומען ווערן ביי דער מדבר. די טויטע ערד-שטחים, וואָס וועלן אָנגעטרונקען ווערן מיט וואַסער, זענען אַזוי גרויס, ווי האַלב פראַנקרייך. אָנגעזעטיקטע מיט די הומוסן פון דער וואָלגע, וועט אויף זיי פאַרזייעט ווערן בייוול און רייז. די מדבר וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער אוראַלטער מעזאָפּאָטאַמיע, רייך אין רעגן, אָזערעס און טראָפּישע געוויקסן. בלויז אַ צענטהלק פון די וואָלגע-וואַסערן וועט דערגרייכן דעם ים, — דערביי וועט די וואָלגע אַריינפאַלן אין קאַספּישן ים נישט דאָרט, וואו זי פאַלט אַריין אַצינד, נאָר אין קאָמסאָמאָלער אויסגוס, — די רעשט וואַסער, וואָס וועט בלייבן אין די נייע טייכן, קאַנאַלן און אָזערעס, וועט אין דער פאָרם פון דאַמף זיך אויפהייבן צום הימל, שאַפנדיק אַ שוץ פאַר דער מדבר, און דערנאָך אין דער פאָרם פון טוי און פלייץ-רעגנס זיך אומקערן אויף דער ערד, איבערלאָזנדיק הומוסן פאַר די מיט בייוול און רייז פאַרזייעטע פעלדער. דאָסדאָזיקע שטיקל ערד, די גרייס פון האַלב פראַנקרייך, וועט זיין דער רייכסטער קאַנט אויף דער וועלט, — און מיט זיין פייכטקייט, טוי, נעפּל און רעגן — ווערן דער פאָרפּאָסטן פון קולטור פאַר דער מדבר. די וואָלגע, וואָס וועט געוואָרפן ווערן אויף דער מדבר, וועט ענדערן איר קלימאַט און געאָגראַפיע. די וואָלגע וועט ענדערן איר געלעגער און אַריינפאַלן אין קאַספּישן ים ביים קאָמסאָמאָלער אויסגוס, — און דער קאַספּישער ים וועט אויך ענדערן די פלאַסטישע קאָנטורן פון זיינע ברעגעס, — ערד-שטחים, וואָס ליגן אַצינד פאַרגאָסן מיט ים, וועלן זיך אַרויסהייבן פון ים-דעק, באַזונדערס די באַקוער האַנדלס-שטחים, וואָס ווערן אַצינד קינסטלעך אָפּגענומען ביים ים. — דער אַלטער איז פאַרשוויגן געוואָרן אויף אַ ווייל. — איך האָב אַ סך יאָרן געאַרבעט איבער דעם פּראָבלעם. איך האָב געמאַכט מאַפּעס, קאָנטראָלירט די געגנטן און פּראָפילן. מען דאַרף פאַרהאַלטן די מדבר. מיר וועלן פאַרהאַלטן די מדבר. אַצינד קאָן מען זיך נאָך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס דאָס וואָס וועט געבן דער מענטשהייט. אונזער אַרבעט ביים טייך מאָסקווע — איז אַ קלייניקייט, נאָר

זי בינדט זיך מיטן פּלאַן, וועלכן איך האָב דורכגעטראַכט. — דער אַלטער איז ווידער שטיל געבליבן. — איך האָב צו אייך אַ בקשה, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש.

דער אַלטער האָט געשוויגן. אין דער פינסטערניש האָט גע־שמעקט מיט בלומען פון טיטון און לעווקאָניע. דער ווינט האָט אַ ווייע־געטון, און עס האָט זיך געהערט דאָס פאַלן פון צייטיקע עפּל אין גראָז אַראָפּ. די פרויען האָבן געגרייט צום טיש, די מענער זענען געשטאַנען ביי דער קלעטער־וואַנט פון ווילדן ווייַן. ליובאָוו פימענאָוונאַ איז פון הינטן צוגעגאַנגען צו פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן און זיך אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אָן זיין אָרעם, כדי צו הערן פון וואָס די מענער רעדן. פימען סעוּגעיעוויטש האָט אַ שמייכל־געטון צו דער טאָכטער און אַ קוק־געטון אויף זיי ביידע מיט אַ בליק, וואָס האָט זיי פאַרשטאַנען.

און ער האָט פאַרטראַכט געזאָגט:

— מען דאַרף דורכגראָבן די וואָלגע הינטער קאַמישין, די וואָלגע פליסט דאָרט איבער אָנגעטראָגענעם גרונט און איר לינ־קער ברעג איז נידעריקער פון איר הייך־פלאַך, — מען דאַרף אַ וואַרף־טון די וואָלגע אויף דער מדבר, שאַפן אַ פאָרפּאָסטן פון קול־טור, פאַרהאַלטן די מדבר — דאָס ליגט אין דער מעגלעכקייט פון סאָציאַליזם, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש. איך בין שוין אַלט, טייערער פיאָדאָר איוואַנאָוויטש. איך האָב שוין נישט קיין כוח זיך צו נעמען אויספירן די פּלענער. און איך האָב צו אייך אַ בקשה. איך וועל אייך אָוועקגעבן מיינע פּראָיעקטן, מאַפּעס, פּלענער, צייכענונגען, חשבונות. אונזער רעגירונג וועט אייך צוהעלפן. — דער אַלטער האָט געשוויגן אַ ווייל. — און איר באַמיט אייך שוין, אַז די פּלע־נער זאָלן אין לעבן פאַרווירקלעכט ווערן... ליובאַ וועט מיטפאָרן מיט אייך, כדי אויך דאָרט אויסצוגראָבן די יאָרהונדערטער.

אויף דער טעראַסע איז געווען זייער רויק. אַרום דעם לאָמפּ האָבן זיך געדרייט האָריקע נאַכט־פלאַטערלעך. די מענער האָבן זיך געזעצט צום אָוונטברויט, און אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט

אַוועקגעשטעלט פאַר פימען סערגעיעוויטשן איבערגעפּרעגלטע סוּ-כאַרעס. ביי ליובאָוו פימענאָוונעס פּיס איז געלעגן וואָלף.

דער געשטאַנק פון פיש נעמט טיילמאָל אָן דעם ריח פון פיילעכלעך.

פאַרשידן איז דורכגעגאַנגען דאָס לעבן פון די שוועסטערן רימאַ און קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ סקודרין, פון די פּראָווינציעלע, פון דור-דורות געבוירענע קאָלאָמנער קליינבירגערינס. אין קאָלאָמנע האָבן געזיפּצט די גלאָקן וועגן זייער אַוועקגיין. מיט דרייסיק יאָר צוריק איז רימאַ קאַרפּאָוונאַ באַדעקט געוואָרן מיט שאַנד פאַר גאַנץ קאָלאָמנע צוליב איר ליבע, כדי די שאַנד זאָל זיך פאַרוואַנדלען פאַר איר אין גליק אויפן גאַנצן לעבן. אין רימאַ קאַרפּאָוונעס לי-בע איז אַלץ געווען שענדלעך. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אויפן פּלעצל דעם אַמאַטאָר-אַקטיאָר פון שטייער-אַמט און אין מאַרינאַ-טורעם אָנגע-הויבן אירע טעכטער. דעם שטייער-אַקטיאָרס לעגאַל ווייב איז געגאַנגען שלאָגן רימאַ קאַרפּאָוונען, — און די קאָלאָמנער געזעצן זענען געווען אויף דער זייט פון לעגאַלן ווייב. רימאַ האָט געבוירן צוויי טעכטער, וואָס זענען געווען דער פּאַקטישער באַווייז פון דער קאָלאָמנער שאַנד. אין רימעס פּאַס איז געשריבן געווען — „פריילין — האָט צוויי טעכטער". — קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ איז געווען דער מוסטער פון צניעות פאַר גאַנץ קאָלאָמנע און האָט מיט אַלעם אַנט-שפּראָכן די קאָלאָמנער באַגריפן וועגן ערע. — און אָט זענען אַריבער דרייסיק יאָר. רימאַ קאַרפּאָוונאַ ווייסט, אַז זי האָט אין איר לעבן געהאַט גליק. און קאַפּיטאָלינאַ קאַרפּאָוונאַ לעבט בלויז מיטן לעבן און גליק פון דער שוועסטער. רימעס ערע, ענלעך צו די זומפּיקייטן און טיפענישן פון די טייכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר שטאַרקער פון קאַפּיטאָלינעס, דורך גאַנץ קאָלאָמנע אָנערקענטער ערע, די שאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין גליק, ווארים דער יאָרטויזנט פון דעם דזשאַד נאַזאַר סיסאָיעוו, וועלכער האָט פאַרשיפּט טראַטוועס איבער דער אָקע, איז פאַרהאַלטן און באַזיגט געוואָרן דורכן מאָ-

נאָליט. — די נאַטור ווייסט נישט פֿון קיין גראָדליניקער באַוועגונג, גראָדליניקע באַוועגונג איז אַבסטראַקט, ווי זעראָ. די פֿלוס־געזעצן פֿון די טײַכן, וועלכע פֿליסן קײנמאָל נישט גלײַך — זענען אָפּהענ־גיק פֿון גרונד, וואָס ווערט כּסדר געשווענקט דורך די כוואַליעס.

אַ מענטש, דער פּראָפֿעסאָר פּאָליעטיקאַ, האָט געענדערט די פּלאַסטישע קאָנטורן פֿון טײַך אָקע, באַשאַפֿנדיק אַ נײַעם טײַך.

דאָס איז געווען אין די טעג, ווען מען האָט אין דער אָרלאָ־ווער, טולסקער, קאַלוגער און מאָסקווער גובערניעס אויף אַלע טײַכן אָפּגעלאָזט דאָס גאַנצע רעזערווירטע וואַסער, געעפֿנט אַלע טאַמעס, וואָרים דאָס בויען פֿון מאַנאָליט איז שוין געווען פֿאַרענדיקט. דער מאָנאָליט האָט זיך קעגנגעשטעלט דער נאַטור, גרייט אָפּצוּוואַרפֿן דאָס אָנפֿלײַצנדיקע וואַסער און באַשאַפֿן דעם נײַעם טײַך, דאָס ווערק פֿון מענטשלעכן ווילן. און דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן שפּאַרן אויפֿן מאָנאָליט, דאָס וואַסער האָט זיך אויפֿגעהויבן און פֿונאַנדערגעגאָסן אין דער ברייט, כּדי זיך דורכצושלאָגן אַ נײַ גע־לעגער, וואָס איז שוין געשאַפֿן געווען הינטער מאָסקווע אין דער פֿאָרם פֿון קאַנאַל. דאָס וואַסער האָט פֿאַרגאָסן די לאָנקעס, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען די דערפֿער באָבּרעניעוו, טשאַנקי, פּאַרפּיענטיעוו, כאָראָשעוואָ, אַקאַטיעוו, וואָס האָבן געביטן זײער אָרט און זיך דערווײַטערט פֿון נײַעם טײַך. דאָס וואַסער האָט פֿאַר־גאָסן סקודרינס הויז אין זאַפּרודיע. דאָס וואַסער האָט פֿאַרגאָסן דעם דזשאַד נאַזאַרס כאַטע אין אַקאַטיעוו. הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס זענען געקומען צו פֿאָרן און צו גײן זען, ווי דער נײַער טײַך וועט געבוירן ווערן, האָבן געפֿײַערט דעם זיג פֿון דער בויאונג. דער טורעם פֿון מאַרינאַ מנישעק, דער לעגענדע־טורעם, — זײַן פֿונדאַמענט איז פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט וואַסער.

דער שלעפּער איוואַן אָזשאָגאָוו איז אומגעקומען, האָבנדיק אינגאַנצן פֿאַרלוירן זײַן זינען. אין דער שעה, ווען דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן אָנפֿלײַצן, האָט איוואַן קאַרפּאָוויטש גענומען זײַן הונט אַראַפּ און אַרײַנגעגאַנגען מיט אים אין דער הייל אַרײַן פֿון דער ציגעלניע. דאָס וואַסער האָט זיך דערנענטערט צו דער צי־

געלניע. אַלע שלעפּערס זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל. דאָס וואַסער איז מיט יעדער רגע צוגעקומען אַלץ נענטער. דאָס וואַסער האָט אַרומגערינגלט די ציגעלניע. איוואַן קאַרפּאָוויטש איז געזעסן אינדערהייך, ביי די טרעפּ פון דער הייל. דער הונט האָט זיך געטוליעט צו זיינע פיס. עס איז געווען נאַכט. ווען דאָס וואַסער איז שוין געווען עטלעכע קלאַפטער ווייט, איז איוואַן קאַרפּאָוויטש אַראָפּגעגאַנגען צום אויוון. דער שלעפּער האָט זיך געלייגט אויפן שטרוי, באַפעלנדיק דעם הונט זיך צו לייגן לעבן אים. ער האָט אַרומגענומען דעם הונט, אַ זיפּץ געטון און פאַרמאַכט די אויגן. דער הונט האָט טרויעריק אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף איוואַנס ברוסט, זיך איינהערנדיק אין גערויש פון אָנפלייצנדיקן וואַסער. אין דער עפענונג פון אַריינגאַנג האָט אָנגעהויבן פאַמעלעך און עקשנותדיק זיך שפּאַרן דאָס גרויע ליכט פון באַגינען, אויסטיילנדיק פון דער פינסטערניש דאָס ברעט, אויף וועלכן מען פלעגט עסן, די צייטונג אויף דעם ברעט, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעשריגן גרויסע אותיות וועגן דער פאַרענדיקטער בויאונג. איוואַן איז געלעגן מיט דער באָרד און האַלזקנאָפּ אַרויף, האַלטנדיק די האַנט אויפן רוקן פון הונט. דעם שלעפּערס האַלזקנאָפּ האָט שאַרף אַרויסגעשטאַרט. דאָס גרויע באַגינען-ליכט איז געפאַלן אויפן זייער בלייכן און מאַכטלאָזן פּנים פון מענטש. דער באַגינען האָט אויסגעטיילט פון דער פינסטערניש אַ ביסל צעשיטע מאַכאָרקע אויפן ברעט, די וויקלערס, אַן ערדערנע וואַש-שיסל, דעם קוימען-אויוון. אינדערהייך האָט גערוישט דאָס וואַסער, עס האָט געשמעקט מיט וואַסער, מיט פייכטן חלל. נישט דער מענטש, נישט דער הונט זענען געשלאָפן. די הייל איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גרינער דורכזיכטיקייט, אַ געדיכטער, ווי זומפּ-וואַסער. דער מענטש און דער הונט האָבן זיך געהיטן קעגנזייטיק. פלוצלינג איז אינדערהייך אויפן באַלקן ביים אַריינגאַנג און אויף אַ שטיקל קוימען-אויוון, אין דער קרום פון דער הייל, אַ פאַל-געטון אַ גאָלדענער שטראַל פון דער זון. און דער הונט האָט נישט אויסגעהאַלטן, — ער איז אַרויפגעלאָפן אינדערהייך, אַ קוק-געטון אויפן ריזיקן שטח

וואַסער, וואָס רינגלט אַרום די ציגעלניע, זיך אַ וואָרף־געטון אַראָפּ, צוגעפּאַלן מיטן קאָפּ צום שלעפּערס ברוסט, זיך איינגעהערט אין זײַן אָטעם, אָנגעכאַפּט אים בײַם אָרעם, אַ טרייסל־געטון. דער שלעפּער האָט זיך נישט גערירט, נישט געעפֿנט די אויגן. דער הונט האָט זיך צעוואָיעט. דער שלעפּער האָט אַ שמייכל־געטון. דער הונט איז ווידער אַרויפֿגעלאָפֿן אינדערהייך, ווידער אַ טרייסל־געטון זײַן באַלעבאָס. און דעמאָלט האָט צישענדיק און ליאַרמענדיק זיך אַרײַנגעריסן דאָס גרינע וואַסער אין דער הייל. דאָס וואַסער האָט פֿאַרגאָסן די הייל אין משך פֿון צוויי רגעס, נישט מער, דערטרינקענדיק אי דעם מענטש, אי דעם הונט.

אַזוי איז געשטאָרבן איוואַן קאַרפּאָוויטש אָזשאָגאָוו, דער פּרעכטיקער מענטש פֿון דער פּרעכטיקער עפּאָכע פֿון נײַנצען־זיב־צענטן ביזן איינאונצוואָנציקסטן יאָר.

דער קליינער מישאַ איז נישט געשלאָפֿן, היטנדיק דאָס וואַ־סער אין משך פֿון די נעכט און טעג, אין וועלכע ס'איז אַנטשטאַ־נען דער טײַך. דאָס אַנטשטיין פֿון טײַך איז געווען פֿאַר מישען עפּעס בראַשיתדיקס, ווי פֿאַר אָזשאָגאָוון און סאַדיקאָוון איז נאַטיר־לעך און בראַשיתדיק געווען דער סיגנאַל פֿון דער פֿאַבריק־סירענע. מישאַ איז געלאָפֿן קוקן, ווי אַזוי דאָס וואַסער האָט פֿאַרגאָסן דעם אַלטן טורעם פֿון דער וואַסערלײַטונג, ווי אַזוי עס האָט זיך דער־נענטערט צום מאַרינאַ־טורעם, פֿאַרגאָסן זײַן פֿונדאַמענט און אײַנ־געשלונגען דעם טורעם, די עלטסטע קאָלאָמנער אַלטערטימלעכקייט, אַרום וועלכער עס האָט אין משך פֿון יאָרהונדערטער געפֿלאַטערט חורבן אין געשטאַלט פֿון אַ ראָב, וואָס איז געווען מאַרינעס נשמה, — וואו מאַרינאַ איז געשטאָרבן און רימאַ האָט אָנגעהויבן. און דער קליינער מישאַ האָט אין דער צײַט פֿון אָזשאָגאָווס טויט זיך געפֿונען נישט ווײַט פֿון מאַרינאַ־טורעם.

סוף

